דער אוצר פון קלאַסישע ליטעראַטור

# „הויז-פריינד"

## אַ היסטאָריש-ליטעראַרישעס בוך

1) ערצעהלונגען, סקיצען, געדיכטע, ראָמאַנען און פעליעטאָנען פון דעם יודישען לעבען.

2) היסטאָרישע און וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען, רייזע בעשרייבונגען אין די ווייטע לענדער, ערצעהלונגען פון דער נאַטור-געשיכטע, נוצליכע ידיעות וואָס יעדער מענש דאַרף וויסען אין זיין הויז און פאַמיליע.

3) לעבענס-בעשרייבונג פון גרויסע לייט.

4) נייע ערפינדונגען, אַנעקדאָטען, שעהנע מעשיות, גלייכע ווערטלעך, שכל'דיגע רייד פון גרויסע לייט און פון תלמוד.

רעדאַגירט פון

### מ. ספעקטאָר.

### III-טעס בוך.



פערלאַג „פראָגרעס" וואַרשא.

תרס"ח.

ДЕРЪ ГАУЗФРАЙНДЪ
Историко-Литературный Сборникъ
Томъ III
ВАРШАВА, 1908.
Типографія Б. Турша, Налевки № 7.

## אינהאַלט פון דריטען בוך:



---

# נעילה

(נאָוועלע)

פון י. ל. פּרץ

אַהינגעקעריגער קריסט איז אַריין געקומען אין שוהל אַריין און אָנגעצונדען נייע ליכט אין די הענגלייכטער אַריין און טהייל צושטעלט אין רערליך אויף די שטענדערס. דער ווייסער עולם האָט אָנגעהויבען אויפ'ס נייעס צו קרעכצען, אַטהייל קומען זיך צונויף פון פּאָליש, טהייל הייבען זיך אויף פון די באַנק —

— יתגדל!

ציהט דער הייזעריגער חזן, דער עולם בעדעקט זיך, די ווייבערישע שוהל לאָזט אַרויס ראַפּטים אַמורא'דיגע יללה...

דער „ויתקדש" מישט זיך שוין אויס מיט אַגעקלאַפּעריי אויף די שטענדערס, ווייבער זאָלען שווייגען... אַביסעל קאָמישער כּעס ווייזט זיך אויפ'ן פערוויינטען, פערקרימטען מאַננישען פּנים — די ווייבער הערען נישט... זיי וויינען נישט, זיי שרייען נישט, זיי דאַוונען נישט — זיי חליפּען.

— שמיה רבא! האָט אַרויסגעריסען דער חזן מכּל אַמצי כּח פון'ם הייזעריגען האַלדז און האָט איבערגעשריגען די קלאַפּערס מיט דעם חליפּען, די ווייבער וועגען אַביסעל שטילער געוואָרען, די מאַננער האָבען זיך צו שאָקעלט און אונטערגעהויפּען גלייך מיט די זינגערס מיט דעם וויינענדיגען: אַי — אַי — אַי...

נעילה!

דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען און באַלד פערשליעסען, באַלד ווערען פערמאַכט די טויערען פון געבעט... געשווינד יודעלעך, יעדער פיהלט אַז אויב נישט היינט וועט ער שוין אַ גאַנץ גייענדיג יאָהר אַזאַ געלעגענהייט צום הימעל נישט בעקומען. הושענא רבא איז אויך אַ טאָג, מ'קלאָפּערשט אַ צולאָג, נאָר שלעכט איז שוין ווען מ'נעמט משפּט מען לייגט אָב... גלייכער באַלד, באַלד... די ווייבערשע שוהל שלעפּט מיט די מאַננישע... די נעילה'דיגע שמונה עשרה ווערט דערטרונקען אין הייסע, ברענענדיגע טרערען, עס דאַכט זיך עס רוישט אַ שטורעמווינד, עס שאָקעלט זיך און ברויזט אַין אַלטער

אונגעהייערער וואלד, עס שלאגט אים; עס ,ווישט און זעצט דאס אלץ צוזאממען —

— ובכן תן פחדך!... ווײנט אײנער פֿריער אײנער שפעטער... נישט דווקא מיט דער אמת'ר כונה... זעהסט דו שוין עס געהט אסך אן דעם טשאכנאווקער באדער אז פאראל וואס מאכט איהם די בעזעמליך האט פאר עפים אנדערש פחד, זיין דאגה... און גאר שלמה זעץ דער שיינער בעל בית, וואס אפילו אין מיט'ן דער שמונה עשרה מוז ער זיך אריין שטאקען די האנד אין דער ווייסער באָרד אריין און צוטהיילען אויף צוויי.

אויך זיין עסק, אסך קריסטען זענען עס דא אין טשאכנאווקע, דער וואיט מיט'ן שרייבער איז גלייבער זיי זענען קריסטען, גאט זאל היטען פאר אידישען טשינאווניק, די הויט וואלט ער אבגעריסען. בלייבט דער הרובע-הייצער, דער ערוב שומר, ווער דען וועט הייצען אין הרובע? אויף דער פֿרעדמעסטיע (פֿארשטאדט) וואהנען אפי' קריסטען אין אסך קליינע הייזעלעך, אפילו ריינע, אויסגעפוצטע, מיט פֿארהענגליך און וואזאנעס אין די פענסטער, נאר ווער רעדט פון פויערען... זיי מעגען בלייבען ביים טעות!... נאר רבונו של עולם... ובכן תן פחדך — זאל זיך זיין שנור נישט וועללען גט'ען מיט'ן זוהן דורכ'ען חולי נופל, זי מעג זיך צוגעוויינען... ואימתך איז ער שטארק ממתיק און האט אין זינן אז עס איז פארט אשאד וואס ווייץ איז דאס יאהר ראפטים געפאללען — רבונו של עולם, טראכט ער, ויעשו כלם אגדה אחת — מען זאל זיך מאכען טאקי איין האנד און האלטען דעם מקח... לעשות רצונך בלבב שלם!...

— אוי ווײ טאטע! שרייט ער אויס אין מיטען... שמחה לארצך וששון לעירך... און איהם אין מוח ברענט: נאך איין יאהר אזוינס ביזט דו קאפוט!...

— אתה בחרתנו, שרייט מיט אקול בענדעט דער חייט... און חזרת זיך איבער: אתה בחרתנו! דאס ווייב איז איהם געבעך קראנק שוין אפאאר יאהר, זיא שפייט געבעך מיט בלוט, און מען וואהנט אין איין שטוב, עס וויל צו איהם קיין קונה די שוועל נישט איבערטרעטען! — טאטע זיסער אתה בחרתנו! עס איז דאך מיין זווג געוועזען... אהבת אותנו... איך האב זי דען שלעכט בעהאנדעלט, ורצית בנו, האב איך דאס געמיינט, דאס געוואלט? וקרבתנו מלכנו לעבודתך... וואס אטעם האט מיין ארבייט? אוי! קלאגט ער אב ביז אין קץ לאשי חובותינו... דא האט ער זיך צו לאזט אויף אקול — חובות האט ער מעהר ווי האר אויפ'ן קאפ.

דער עולם איז שוין אויסגעגאנגען שמונה עשרה, נאר ער ווארט נאך אויף חיים־בערין. דער שמש האט שוין שטארק חשק געהאט צו געבען אקלאפ אין שלחן, נאר חיים בער'ס אקרוב, יונה וואלף דער סאראווניק, דער גבר אלים אין שוהל האט איהם פֿערהאלטען... זאל ער זיך אויסוויינען, אויסחליפען... חיים בער איז איד מיט אכט קינדער און ממש אהן אשטיקעל ברויט.



— ואין אתה חפץ במיתתם — חליפעט נאך חיים בער... במיתתם! פֿאר הונגער, טראכט ער, פֿראסט פאר הונגער, מיינע ווערם, רחל...

— ולמה תמותו? פאר ווען, פאר וואס, וואס האבען זיי געזינדיגט די ארימע שעפעלעך...

— יסורים וחלאים רעים! הערביי זענען זיי נאך קראנק, שקארלאטינע, מאזלעס, ווערים, ציין — רבונו של עולם!...

---

דער חזן האט אנגעהויבען, דער עולם האט זיך צוזעצט פאר די שטענדערס און אונטער געהאלפען צו דער הויכער שמונה עשרה. דאס טהייל זענען געבליבען שטעהן, אנגעשפארט אן דער קיהלער וואנד די ברענענדיגע שלייפען און שטילערהייט געחליפעט... אײנער פון זיי איז געוועזען טאקי חיים בער; נעילה, באלד ווערט פֿארמאכט דער טויער, עס איז טייער יעדע מינוט, יעדער רגע... ער גיסט און גיסט מיט טרערען.

ווי לאנג איז דען נ׳׳ר אז חיים בער איז געוועזען איונגער מאנן אבעל בית'ל?... פאר איאהר ניין־צעהן האט ער נאך בריוט געזונגען „חמול על מעשיך ותשמח במעשיך” גאר מיט אברייטען לוסטיגען קאזאק... ער דערמאנט זיך אפילו אחטא... עס ווערט איהם הייס אין אללע אברים... ער געדענקט ער האט אימיסטנע זיך הויך צו זונגען, הויך, לעבעדיג און לוסטיג, אז רחל זאל הערען אין דער ווייבערשע שוהל. זאגענדיג האט ער געקוקט אויפ'ן פֿארהאנגעל ביים פענסטער ווי זי פלעגט שטעהן, און עס האט זיך איהם געדאכט אז עס איז קיילעכיג־כולט געווארען צווישען די קראטעס.. זי מוז אנדא׳ דורכזעהן...

א דעמאלס האט עס גאר אנדערש אויסגעזעהן אים יום כפור.

א פרישער יונגער מאן, אנייער טלית, אשפאגעל נייער ברייטער קיטל — צוויי עטרות, דער גארטעל, די יארמולקע האבען געגלאנצט גאלד און זילבער! שווארצע לאקען, א שווארץ בארדיל, ווארימע שקארפיטקעס... פֿראנק און פֿריי האט ער זיך ארומגעקוקט, עס איז איהם לייכט געוועזען אויפ'ן הארץ! ערשטענס האט ער נישט שטארק געגלייבט איז חטאים, את זעהסטו שוין, ער מאכט זיך אסך דארוים... יונה וואלף האט איהם געגעבען אמאהל א פאטש אומזיסט, און דווקא אין בית המדרש שבת הגדול ביי דעם רב'ס דרשה... נו האט ער איהם דען נישט מוחל געוועזען? מוחל געוועזען אפאטש... זאל דער רבונו של עולם נישט מוחל זיין מוקצה'לע, אשטשערב אין דער קווארט ביי דעם וואשען — ווייטער וואס זינדיגט ער? אחטא ואשוב האט ער נישט געזאגט, יום כפור איז מכפר, דער תענית איז מכפר, די רעשט וועט אויך מיט נאטם הילף אבגעווישט ווערען... און ער פלעגט גאנץ הערצליך צו זינגען; אז עס איז איהם הייס געווארען פלעגט ער ארויס געהן אין פאליש זיך אבקיהלען, אז דער מאגען

האט איהם דערמאנט אין אבילה האט ער איהם געזאגט מיט גאוה: שמיל קישקע! איך מעג האבען א טאג קרעדיט ביי דיר, איך וועל דיר בעצאהלען מיט פראצענט, וועגען כפרות האט רחל'ע געשאכטען?

הייַנט קומט זיין פוס נישט איבער דער שוהל־שוועל פון כל נדרי ביז נאך נעילה... איבער דער גאנצער צייט שטעהט ער, ער זינגט נישט נאר וויינט און בעט זיך... ער הייבט שוין אן גלויבען אין זיינע חטאים... ער מוז דאך האבען חטאים, און שטארקע, שרעקליכע... חאטש ער ווייסט נישט פון זיי...

אנדערש איז נישט מעגליך עס זאל א מענש אזוי זאגען איין אומגליק! „ובכן“ האט אנגעהויבען דער חזן צו דרייען ווי איין געבור, דער עולם איז נאך רוהיגער געווארען, וועלטען נאך האט איינער אויסגעהאפט ביים חזן א ווארט פון מויל ארויס...

דער חזן זאגט די שמונה עשרה און חיים בער שטעהט נאך אלץ אנגעשפארט מיט'ן קאפף אין די וואנד, עס דאכט זיך אז ער דאווינט מיט, נאר אין קאפף ליגט נישט די כונה פונ'ם דאווענען. — כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ איז דער חזן מטעים, אודאי וואלט אונזער חיים־בער געוואלט אז דער וואיט מיט'ן שרייבער זאללען א ביסעל בעסער ווערען... דער וואיט יאך דער וואיט, מיט א ליאדע טרונק בראנפען קומט מען איהם איבער. נאר דער שרייבער מען הערט נישט מעהר נאר ניעדאימקעס... פון וואנען פון וואס... נאר פון א קורצע צייט הערט ער איהם אויך ווי די קאץ, שוין א פאר יאהר האט ער קיין כלי און קיין בעט־געוואנד, דאס הייזעל איז שוין לאנג פערקויפט... שריי חי וקים ניעדאימקי — נעם אויב דוא קענסט! ניעדאימקים באשר טשאכנאווקע איז א מאהל א שטאדט געוועזען מיט א אופראווע מיט א פאליציי מיט קאנסעסין מיט... זאל ער הייַנט, הייַנט ווען טשאכנאווקע איז א פאסאד און ער שטארבט פאר הונגער, אבצאהלען חובות... אודאי, ווען חיים בער זאלל נאך דארפען אויסלייזען דאס קישען, מורא האבען מען וועט איהם פערקויפען דאס הייזעל, וואלט ער אודאי נאך געזאגט מיט גרויס כונה דעם כי תעביר... אבער הייַנט, לאכט ער אויס'ן וואיט, טייטעלט מיט די פינגער אויפ'ן שרייבער...

ער האט אנגעשפארט דעם קאפף אויף דער האנד, און הוידערט איהם און די ליפען זאגען נאך יעלה ויבא...

זכרוננו ופקדוננו וזכרון אבותינו...

ער האט זיך דערמאנט אז זיין טאטע איז געוועזען א כשר'ער יוד, זיין שווער איז געוועזען א סופר, און ער טראכט זיך אז עס וואלט א יושר געוועזען זיי זאלען זיך מיהען פאר איהם...

פאר דאס זאגט ער שוין נאך אן כונה וזכרון משיח בן דוד עבדך, וזכרון ירושלים עיר קדשך...

מיינט נישט חלילה אז חיים בער איז א [illegible] פון ארץ ישראל, אז ער לייקנט ח"ו דעם



„וואסהאד“ און האלט נישט פון דיא קאלאניעס אדער ער איז ח"ו איין אפיקורס און גלייבט נישט אז משיח וועט קומען, נאר ער מוז קומען און קענן יעדען טאג קומען; חיים בער איז חאטש א קלוגער, א בעל המצאה'ניק, דאך א פשוטער יוד, א יוד ווי אלע יודען, ער גלייבט אין דעם באמונה שלמה... משיח זאל חאטש מארגען קומען, אויף דער פאפיערענער בריק צו געהן איז ביי איהם א קלייניגקייט, ער וואלט געלאפען נאר אהין א ישוב, אין ירושלים וואהנען, מהיכי תיתא... עס איז שוין אפילו צייט, עס איז שוין לאנג כלה פרוטה מן הכיס, נאר איידער עס וועט זיין מלחמות גוג ומגוג, איידער דער טערק וועט מנצח זיין אלע שבעים אומות, איידער אליהו, און דער נאך משיח בן יוסף וועלען קומען און איידער משיח בן יוסף וועט געהרגעט ווערען, קענן ער זיך נאך גענוג אן שטארבען פאר הונגער... ער און רחל'ע מיט אללע זיבען קראנקע און געזונדטע קינדער! רבונו של עולם, וואו איז דיין רחמנות?

נאר ער פיהלט אז "יולדיג" איז ער זיך דאך פארט אליין, פריהער ער, דערנאך פראוודע דער רבונו של עולם אויך... צו האט ער נישט געקענט האנדלען, א געוועלב א שענק עפענען, אויפ'ן טארג שטעהן, א מעקלער ווערען גלייך ווי אלע יודען! ער איז אבער געוועזען א בעל המצאה... און די המצאות האבען איהם געקוילעט. זאך יונגעל־ווייז האט ער אויסגעצייכענט געגאסען דריידליך, געשניצט לאמטערנס, אם שענסטען געשווימען, אם געשיקסטען זיך געגליטשט, ער האט געהאט א טאלענט צו אללע זאכען, א טשעקאווע יונג, ער האט געוואלט אלס וויסען אלס קענען, ער האט געפונען א המצאה צו פלעכטען אויף אשטעקען הוילע הבדלות און פלעגט אין דעם זכות בעקומען ביים שמש דאס גראבסטע לעכטיל יעדער ווינטער־נאכט צום לערנען; הייַנט מאכט מען שוין די הבדלות אין אלע שטאדט, דעמאלט האט קיינער נישט געוויסט פונ'ם סוד און עס האט געהייסען חיים־בערס־הבדלות, א סוכה מאכער פלעגט ער צו זיין גאר א וואוהלער, א מייסטער צום אויפשטעלען א כשרה סוכה פון עטליכע ברעטער כמעט אן טשוועקעס און גאר אהן כלים, הייַנטזשע זיינע רייזעלעך שבועות, זיינע מייסטערישע מזרח'ס...

נאר וויא אויבען איז געשטאנען, די המצאות האבען איהם געלייגט אין דער ערד אריין... האנדלען נאך דער חתונה גלייך ווי אלע יודען האט ער נישט געוואלט, עס האט איהם געצויגען צו עפעס א פאבריקעל מיט איין המצאה'לע — פריהער האט ער אבגעקויפט ביי איין שנארער דעם סוד צו מאכען זייף אויף פלעקען ארויסנעמען, דער שנארער האט ביי איהם אויסגענארט א הונדערטער און חיים בער האט זיך אוועק געלאזט אויף דער וועלט זייף צו פערקויפען. דאס ווייב האט געוויינט, עס איז איהר א שאד געוועזען באלד נאך דער חתונה אליין צו בלייבען, און בעזונדער האט זיא נישט געגלייבט אינ'ם משא ומתן... ער איז ביי איהר גאר קיין סחורה נישט געוועזן, ווער דארף זייף? מען זאגט חאטש גרינעם זייף, דאס דארף מען צו קינדערשע קאפעליך, פראסטע זייף דארף מען צו דער וועש... אבער פלעקען ארויס צו נעמען, ווייבערשע

זאָכען וואַשען זיך, מענישע מאַכט נישט אויס, אַיין בְּרִית'ל, אַיין חֲתוּנָה, אַיין מְלַוֶּה־מַלְכָּה אֲפִילוּ איז שוין גאָכ'ן בֶּגֶד, נאָר חַיִים־בֶּער האָט אָבער געוואוּסט וואָס אויף דער וועלט טהוּט זיך, אַז אין טשאַכנאָוועקע עקט זיך נאָך נישט די וועלט, נישט אומעדום איז אַ מִנְהָג פון פלעקען.— ער האָט זיך געשוואָרען מיט כָּל הַשְּׁבוּעוֹת, אַז קוים מאַכט ער די ערשטע צוויי טויזענד רובל קומט ער אַהיים און קויפט זיך אַ נַחֲלָה, און הַיְידָא זיין פוּס וועט נישט אַרויסגעהן איבער דער שוועל... נאָר ער וועט זיך מאַכען אַ שענק אַ געוועלבעל און אָבלעבען זיינע יאָהרען בְּשָׁלוֹם... דאָס ווייבעל געבעך האָט געמוּזט בעשטעהן און ער איז אין אַ האַלב יאָהר אַרום אַהיים געקומען אָהן אַ דרייער, דער זייף איז אַריין געגאַנגען אין בלויזע הוֹצָאוֹת הַדֶּרֶךְ, געגעסען האָט ער גאַנץ ווייניג, געקומען איז ער קְרִיעָה בְּלִיאָה...

רחל'ע האָט זיך צוויינט מיט ביטערע טרערען און האָט געשיקט דעם מאַנן צום רבּין...

ער איז געפאָהרען, ביים געזעגענען מאַכט ער צו־נ־איהר, ווייסט דו רחל, דו האָסט אין מיר אָנגעוואָרען עוֹלָם הַבָּא... איך האָב געמיינט אַז איך וועל קומען אַהיים, ווייס איך אַ יודענע, וועט זיא שרייען, וועט זי שעלטען, אֶפְשַׁר נאָך אַ ציפּף טאָהן ביי דער באָרד, ביי אַ פּאָה... און דו גאָר נישט, גאָר נישט, אַביסעל געוויינט און מעהר נישט, דאָס האָט מיך טאַקי געשניטען ביים האַרץ...

רחל האָט געשמייכעלט מיט טרערען אין די אויגען און פערהאָפט אַז פריער דאַמט און דער נאָך דער רבי וועט זיי אַ־נ־עצה געבען...

נאָר פון מיטען וועג האָט ער איהר געשריבען אַ בְּרִיף, רֵאשִׁית האָט ער איהר מוֹדִיעַ געוועזען אַז ער איז בְּקוֹ הַבְּרִיאָה, און פערלאַנגט פון איהר דאָס אייגענע צו הערען, שֵׁנִית אַז ער פאָרט נישט צום רבין ווי ער האָט געמיינט, נאָר צוריק אין דער וועלט אַריין, עס האָט איהם אַגליק געטראָפען, ער האָט אָבגעקויפט אַ נייע הַמְצָאָה, אַמין וואַקס וואָס מען קען צונויף קלעבען טעללער מיט גלאָזער, דאָס, שרייבט ער, איז שוין אַ דָבָר הַשָּׁוֶה לְכָל נֶפֶשׁ, דער אָרימסטער יוד האָט צווייערליי געפעס און קינדערלעך וואָס צוברעכען עס, אַפאָר גלאָזער וואַלגערן זיך אויך ביי יעדען אַרום... ער פערהאָפט צו גאָט א. ז. וו...

רחל האָט ווייטער געוויינט אַוועק אַ האַלב יאָהר און חַיִים־בֶּער איז ווייטער אַהיים געקומען קְרִיעָה בְּלִיאָה, נאָר מיט אַיין הַמְצָאָה אויף אַ היימיש געשעפט מיט אָוואָצאָווע וואַסער (אַ מין קוואַס פון פערשיעדענע פרוכטען) —

פאַר דער הַמְצָאָה האָט ער שוין בעצאָהלט דעם לעצטען גילדען און שוין עטליכע יאָהר מוטשעט ער זיך מיט דעם געשעפט. דעם ערשטען זוממער ווען דאָס אויבס איז געראָטען און אַללע ביימער אין די גאָרטענער וואָס אַרום טשאַכנאָוועקע זענען בעהאָנגען געווען מיט עפיל באַרען און פלוימען אַז מען האָט געמוזט זיי אונטערשפּאַרען, האָט



בעריל אויפגעלעבט — ער האָט רחל'ן בערעכענט וואָס פאַר עֲשִׁירוּת ער וועט מאַכען, דאָס מאַטעריאַל וועט גאָר כִּמְעַט נישט קאָסטען, פרוכטען בְּחֲצִי חִנָּם... ער האָט אָבער נעבעך גהאַט אַ גרויסע טָעוּת, דאָס אויבס (פרוכטען) איז געווען בְּחֲצִי חִנָּם האָט טאַקי דער עוֹלָם געגעסען אויבס און האָט נישט געדאַרפט קיין וואַסער טרינקען... און אַזוי איז געגאַנגען אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר... אויבס איז שטענדיג געראָטען, און ער האָט געלייזט אַביסעל וואַסער אין אַיוֹמָא דְפַגְרָא, ד"ה: סֻכּוֹת, שִׂמְחַת תּוֹרָה — אין דער וואָכען נישט — דערנאָך געהט שוין ווינטער — אויס געשעפט...

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, שרייט חַיִים אין האַרצען, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם — זאָל דאָס אויבס חאָטש אַיין מאָהל נישט געראָטען, זאָל עס אַיין מאָהל דער ווינד אַראָב יאָגען פון'ם בוים, זאָללען עס אַיינמאָהל די ווערים אויפעסען! רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!

די שווערע געדאַנקען האָט איבער געריסען דער חַזָן מיט: „פְּתַח לָנוּ שַׁעַר"...

⁂ ⁂ ⁂

גאָר אַנדערש האָט געדאַוונט נְעִילָה חַיִים־בֶּער'ס קָרוֹב, דער וואָס האָט פערהאַלטען דעם שַׁמָשׁ ער זאָל נישט קלאַפען ביז חַיִים וועט אויסגעהן שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה, יוֹנָה וואָלף דער סאַדאָווניק.

ער שטייט אויף גאַנץ יוֹם כִּפּוּר אויף די פיס, ער ברענט אויף אונטער זיין טַלִית, ער האָפעט און קאָפעט, ער שרייט און האַקט אין דער וואַנד אַריין — נאָר ווען חַיִים בער וויינט און בעט זיך ווי אַ קינד ביים טאַטען חאָטש אַ שטיקעל דאַר ברויט טאַנצט מעהרסטענטהייל יוֹנָה וואָלף פאַר דעם אייבערשטען מָלֵא שִׂמְחָה און דאַנקט איהם פאַר זיינע וואונדער — שוין זעכס יאָהר האַלט ער איין סאַד פון פרוכטען און יאָהר ביי יאָהר געהט עס בעסער. ער גיט אַקרעכץ ביי זָכְרֵנוּ כָּתְבֵנוּ צו הַתְמָנוּ לְחַיִים, געזונד איז דער עִיקָר, בְּשַׁעַת ער דאַנקט זיין ליבען נאָמען פאַר זיך און זיין ווייבס געזונד, בעט ער אויף געזונד פאַר זיינע קינדער וועגען, עפּיס איינס איז גאָר קיין לייט נישט, אַלע מאָהל גיסט זיך עס עפּיס אויס אויפ'ן קאָפּיל, שטענדיג איז איהם רויט אונטערן נאָזעל, און מאַנכעס מאָהל וואַקסען איהם אַרום דעם העלדזיל גולעס,

כָּל זְמַן דאָס קינד האָט געציינדעלט איז מען זיכער געווען אַז עס איז ציין, דערנאָך האָט מען גערעכענט אויף ווערים, דאָס קינד האָט אָבער אויסגענוממען „ווערים קרויט" ווי האָלץ און עס העלפט נישט — האָט מען געשיקט אַקוויטעל, אַיין מאָהל איז מען מיט איהם אַליין געפאָהרען צ'ם רבין, עס איז אֲפִילוּ בעססער געוואָרען, נאָר דערנאָך ווייטער ערגער

דער רוֹפֵא זאָגט עס איז שקראָפעל, מען דאַרף איהם באָדען אין זאַלץ־וואַססער אָדער שיקען אין באָד אַריין, נאָר אויף שיקען אין אַבאָד סטאַרטשעט נישט דאָס עֲשִׁירוּת מען זאָלל אֲפִילוּ דעם גאַנצען דַלוּת פערזעצען און דעם ווייב די אויהרינג אויסטוהן

און וואַלץ־כּאַזער איז נישט דאָ וואָס צו מאַכען, אין סאַד וואו מען וואַהנט אַ גאַנצען זומער איז קיין וואַסער נישט דאָ, צום טרינקען און צום קאָכען פיהרט מען אַנדער האַלבען ווערסט אַ קאַנדעל וואַסער...

דאָס יונגעלע וואַקסט מיט דעם פּאַרכעל, מיט די גולעס, מיט דעם געשוואָלענעם גאָזעל און לערנט אַגאַנצען ווינטער אין חדר און איז אַוואָהל יונגעל.

— חָתְמֵנוּ לְחַיִּים! וויינט דעריבער יונה וואָלף, מיין קינד, מיין עלוי, מיין נחת, מיין טרייסט זאָלל מיר לעבען!

אַ חוץ בּיים זָכְרֵנוּ לְחַיִּים האָבען יונה וואָלפ׳ס געדאַנקען נישט קיין שום שייכות מיט דעם דאַווענען. אַגאַנצע טאָג לויבט ער און לויבט דעם אייבערשטען, נאָר ווייל ער איז נעבעך אַ גראָבער יונג קומט אַמאָהל אויס אַז ער הענגט זיך אָהן אויף אַוואָרט און צוויינט זיך אָדער צולאַכט זיך גאָר בְּחִנָּם... דער אֱמֶת איז אַז ווען יונה וואָלף זאָל נישט זיין שטומפּיג אויף דער עברי וואָלט קיין בּריאה נישט געקאָנט איינשטעהן און אויסהאַלטען אין שוהל, אַז עס קומט צו די בעקאַנטע תְּפִלּוֹת רייסט ער דעם חזן אַלס פון מויל אַרויס און צולאָזט זיך אויף אַקול אַז ווען נישט וואָס די שוהל איז געמויערט אין פערציטענס — וואָלטען די וואַנד געציטערט און אפשר איינגעפאַללען, דאָס גליק איז אַז ביי קרבנות, וּבָא לְצִיּוֹן פון וּמְקַבְּלִין דֵּין מִן דֵּין און, ביי יעדען פיוט מיט גרודים בלייבט ער נעבעך שטיל, ער האַקט אָב...

אָט ביי דעם שטיל בלייבען און אָבהאַקען הייבט ער זיך אָן צו פערקרימען אָנציהען דעם שטערן, אַמאָל נאָך צודריקען די אויגען און אַריבער וואַרפען דעם טלית איבער דעם קאָפּ, דער עולם זאָל מיינען אַז ער האָט אַצונד כַּוָּנוֹת... און דעמאָלט האָט ער טאַקע מחשבות... בשעת ווען ער שרייט פערדולט ער זיך אַליין די געדאַנקען, שטיללערהייט אונטערן טלית קומט פאַר אַלע הוריות...דעמאָלט דאַנקט ער און לויבט דעם אייבערשטען שוין מיט זיינע אייגענע ווערטער... עס געהט איהם גאַנץ גוט... קיין עשירות מאַכט ער נישט, דאָך האָט ער שוין אַרויסגעטריבען דעם דלות, געקויפט דעם ווייב אַפּאָר טשעוועקעס, צו ליכט־בענטשען אַפּאָר זילבערנע לייכטערליך און עס איז דאָ צו פופּלען... דאָס קינד נעבעך... מילא... גאָט וועט העלפין, ער אַליין האָט אויך אַמאָהל ניט היינט געדאַכט, געהאַט דעם פּאַרך, עס שיינט איהם נאָך די לבנה אויף דעם קאָפּ...

נוא!...

ער דערמאָנט זיך ווי די יונגען האָבען איהם געיאָגט אין חדר... איין חיים־בער נישט ערשטענס אַלס קרוב האָט ער איהם געבראַניעט, צווייטענס איז ער טאַקי געווען אַ מֶזֶג טוֹב. דער חיים בער: און פון דעסטוועגען האָט ער אַללע צרות געליטטען דורך דעם חיים בערין, חיים בער האָט געקענט דעם שיעור — ער נישט; חיים בער איז שאָן — ער נִמְאָס וּמָאוּס און ברודיג; חיים בער האָט געטויגט צו אַללעם — ער אויף כַּפָּרוֹת... אַלס נאָר חיים בער... דער מלמד האָט איהם געפּאַטשט: לערן דיך אָב



פון חיים בערן, די מאַמע האָט געריסען פון איהם פּאַסעס און געשטעלט איהם פאַר אַשפּיגעל חיים בערן, דער טאַטע האָט אויך איהם געפּיינינט מיט חיים בערן!...

חאָטש חיים־בער פלעגט מיט איהם האַלטען, איהם מציל צו זיין פון די חבֵרים׳ס האַנד, פון דעסטוועגען פלעגט ער אין האַרץ איהם פיינט האָבען, זֶמַת פיינט... פאַר וואָס? פאַר ווען?

— פאַר קִנְאָה! שטויסט זיך יונה וואָלף און האָט שטאַרק חֲרָטָה אויף דער קִנְאָה, נאָר עס איז דאָך אַלס קינדערשע זאַכען, מַעֲשֵׂה נְעָרוֹת, היינט האָב איך שוין קיין קִנְאָה נישט אויף איהם, איך בעט פאַר זיין לעבען...

און בֶּאֱמֶת האָט ער אַצונד שטאַרק ליעב געהאַט חיים בערען, שטאַרק זיך אויף איהם מְרַחֵם געוועזען, מיט דריי פערטיל קרעכץ ביים דאַווענען האָט ער איהם געמיינט.—

— דער אייבערשטער זאָל איהם נעבעך העלפין, ווי דער ווינטער וועט געביך זיין, ווי ער וועט זיך דורך שטופּען, זאָל ער געביך חאָטש אַגוטען זומער האָבען. חאָטש לייזען... אַבי מען לייזט נאָר, איז שוין דאָ אַבאַרער גראָשען קען מען זיך די האַנד צופירען...

ביי מְרוּבִּים צָרְכֵי עַמְּךָ איז ער שטיל געבליבען, עס איז שוין געווען פאַר איהם אַ״שלעכטער וועג״, אַגראָבלע... ער האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען אויף דעם גרויסען מַחֲזוֹר און געטראַכט.—

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אויב איך, צו מיין ווייב צו מיינע קינדער האָבען אַ חֶסֶד ביי דיר, אָדער זְכוּת אָבוֹת, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם — זאָל מיר מיין קינד האָבען אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה, אין דעם סאַד זאָללען וואַקסען עפּעל ווי האָלץ, נאָר די זאַפּטיגע פוללע פּאַפּיראָווקעס וואָס צוגייען אין מויל... רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זאָלען זיך דיינע יודעלעך אָנטרינקען מיט מיינע עפּפּעל, עס זאָל ווי אָנגיסען פוללע מיילער מיט סאַק, אויך פערגעסס נישט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אין חיים־בערען, ער זאָל לייזען פאַר אָוואַצאָווע וואַסער אויך...

אין מיט׳ן האָט ער זיך אויפגעחאַפּט — זְכוֹר בְּרִית אַבְרָהָם וַעֲקֵדַת יִצְחָק! אָט, ווייטער אַשאַסע — אַגלייך שטיקעל וועג! גאַלאָפּ! עס טרעפט זיך אֲפִילוּ אַמאָהל אַגריבעל, אַשטיינדיל, אַ״טְבוּעוֹת וּגְנוּזוֹת״ נישט קָשֶׁה, מעשלינגט שוין איין מיט׳ן נִגּוּן, פאַר דאָס ״אֲנָקַת מְסַלְּדֶיךָ״ געהט שוין מיט דער הויט, ער איז שוין ביז דעם סוף ווי אין דער היים, ער האָט שוין מעהר נישט אין זינן — ער שרייט, ער ליאַרמט, ער זינגט, ער איז איינער אין שוהל!

אַרויסגייענדיג פון שוהל האָט ער זיך געטראָפען מיט חיים־בערען —

— זאָלסט דיר האָבען פיל גוטס אויסגעבעטען —

— גם אַתָּה — האָט איהם חיים געענטפערט.

— וואָס דו ווילסט נאָר אַליין, זאָל ער דיר געבען —

— דיר אויך, יונה וואָלף — גאָט זאָל אונז ביידע געבען אַ גוט יאָהר...

— ביידע זאָללען לייזען!...

און זיי זעננען זיך צוגאַנגען...

זיי האָבען זיך גאַנץ ערענסט געבענטשט — דאָך נאָכ'ן צוגעהן האָבען זיי נאָך אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל —

— אויבּס זאָל זיין ווי גאָלד — האָט געבעטען יונה וואָלף.

— פוילען זאָל עס! האָט געבעטען חיים בער...

צום עססען האָט יונה וואָלף געשיקט חיים בערן „אַכּפּרה" אַ גרויסען פעטטען אויסגעזאַטטענעם האָהן, און חיים־בער יונה־וואָלפען — דריי פלאַשען אָוואַצאָווע, און ביידע האָבען זיך געלייגט שלאָפען מיט בטחון —

יונה וואָלף — אַז עפּפעל וועט זיין ווי גאָלד, און חיים־בער — אַז דאָס אויבּס וועט פוילען און ער וועט לייזען פאַר וואַסער...

נאָר ביידע ווייבער זענגען נישט געשלאָפען, חיים בער'ס ווייב האָט געקלערט וואו נעמט מען אויף סוכּות צו עססען, און יונה וואָלף'ס — וואו נעמט מען סוכּות האָטש נאָך אַ האַלב טוץ זילבערנע לעפעל צום יום־טובדיגען טיש.

---



## די וִדוי *)

* *
*

אָשמנו... בּגדנו, איך שלאָג זיך אין הערצען
דאָך היילט דאָס ניט אויס מיינע וואונדען און שמערצען,
מיר קען שוין ניט העלפען דער גאַנצער על חטא —
דען וואָס טויג חרטה ווען זי קומט צו שפּעט?
אין איין בּאָזע שעה, וועה מיינע יאָהרען!
האָב איך דאָס גליק פון מיין לעבען פערלאָרען,
אַז איך האָב מיך אַמאָל ווי חוה אין גן עדן
געלאָזט פון איין שלאַנג צו איין עבירה אָנרעדען.

דער טראָפּפען פון טהוי אַז ער האַנגט אויף דעם בּלאַטט,
איז ער ווי אַ פּערל גאַנץ ריין און גאַנץ גלאַטט;
וואַרפט איהם דער ווינד דאָך אַראָב אויף דער ערד
ווייסט איהר דאָך אַללע וואָס פון איהם ווערט:
אַ טראָפּפען בּלאָטע פערוואַלגערט אין מיסט,
ווער עס וויל טרעט איהם אומזיסט און אומגעזיסט.

בּין איך דען מיט ווילען געפאַלען אין קויט?
האָט מיך דען דערצו ניט געצוואונגען די נויט?
וואָס האָב איך געליטען אין מיין בּיסעלע יאָהרען?
געגאַנגען קרועה ובליאָה, געהונגערט און געפראָרען;

---

*) אין 1884 ווען איך האב געשריעבען מיין ווערק „עניים ואביונים" (נאכהער געדרוקט אין פעטערסבורג 1885) האב איך דאס כתב יד געלעזען פיר יל"ג ז"ל. נאך דעם איינדרוק פון דעם לעזען האט ער אנגעשריעבען דעם דאזיגען שיר און מיר אוועקגעגעבען מיט די ווארטער: אייער לאה (די הויפט פערזאן פון דעם ווערק) איז אלענפאללס א יודישע טאכטער, זי טאר ניט שטארבען אהן ודוי, איך שיינק אייך דעם שיר און טהוט מיט איהם ווי איהר פארשטעהט, נור מיט אייער אייגענס.

מ. ספּעקטאָר.

בשעת איך בין פון הונגער שיר ניט אומגעקומען,
האט קיין מענש פאר מיר זיך ניט אנגענומען.
קיינער האט מיר קיין מיטעל געגעבען
איך זאל קענען פיהרען איין עהרליך לעבען;
אונ איצט אז איך בין געשטרויכעלט, געפאלען,
ווער איך פעראכטעט, פערשטויסען פון אללען.

אללע אין שטאטדטיל, אלטער אונ יונגער,
לויפען מיר נאך ווייזען מיט די פינגער;
אין שטוב לאזט מיך ניט קיינער אין דער וועלט,
קיינער ניט מיר צו פארדיענען אנראשען געלד,
אפילו מיין ארעמען אונגליקליכען טאטען
שאדען זיי אויך אין זיין משא ומתן,
זיין יחוס, זיין כבוד אונ זיין גוטער שם
האבען אויך געבעך געליטען דורך דעם,
אונ ממילא שוין צופערשטעהן איז דאך
דאס איך וועל קיין מאהל ניט טהון קיין שידוך:
אז מיינע אייגענע קרובים גופא
שאמען זיך אויך מיט דער קרובה דער חצופה.
אזוי זענען מיר אללע וועגען פארשטעלט
פארשטויסען פון דער אונ פון יענער וועלט!

אונ מיט וואס איז די זינד פון געפאלענע אישות
הארבער פאר אללע זינדען אונ רשעות?
אגנב, א גזלן, אז ער וויל בעסער ווערען
קען ער זיך ווידער צו דער וועלט אומקעהרען.
קין האט זיין אייגענעם ברודער דערשלאגען
אונ גאטט האט אויף איהם דאך רחמנות געקראגען.
אונ א יודישע טאכטער ווען זי איז געפאלען
איז זי אויף אייביג – אייביג פארפאלען.
עס העלפט איהר קיין תשובה, קיין ודוי, קיין טרעהרען
איין עהרליך מיידיל קען זי נאך אמאהל ניט ווערען...

י. ל. גארדאן.

# די יודישע צדקה.

אשרי משכיל אל דל
ביום רעה ימלטהו ה׳
(תהלים מ״א)

איך געדענק איהם נאך אזוי ווי היינט. גלייך ער וואללט מיר יעצט געשטאנען פאר די אויגען. אי א יודעל. א יודעל! ווי נעמט מען א סך אזאלכע יודלעך!

א שטערן א ברייטער ביז אין האלבען קאפף אריין; א פאר אויגען פייערשפריטצענדע; א ווייסע דיקע שאנע בארד; א שווארצע ריינע פיערקאנטיגע יארמולקע אויף דעם קאפף; אקיילעכיג בייכעלע גאר קיין מעשה ניט, אונ א זיידענעם שלאפראק מיט בראנזע קוטאסען. אזוי פלעגט ער זיך ארומגעהען אין צימער אויף אונ אב. אונ געלאזט בייגעלעך רויך פון א לאנגען ציבעך מיט א מערשוימענע גאנץ דיקע לולקע, מיט זילבערן בעשלעג.

ביז מיטטאג פלעגט ער צו זיין פארנומען מיט זיינע געשעפטען. אונ פאר נאכט ווי ער האט זיך אויף א שעה צוויי אנידער געזעצט אויף דעם פאטערשטוהל (פאטעל). אונ דער זידענדער סאמאוואר איז געשטאנען אויף דעם טיש. האט ער ווירקליך אויסגעזעהען ווי א פאטריארך, ווי איינער פון די אבות, ווי א טהייערער שאנער יוד פון פארצייטען, פון גאר פארצייטענס.

דאמאלס האט זיך שוין די טהיר ניט צוגעמאכט, פון פערביטטערטע הערצער פון אומגליקליכע מענשען, וואס יעדער איז געקומען מיט זיין שפיעל, פרעגען א שטיקעל עצה פון דעם קלוגען ר׳ העשקי – געפינען איין ערלייכטערונג צו זיין שווערע לאגע, א רפואה צו זיין מכה.

ר׳ העשקי איז אויך געוועזען דער גבאי פון דער קפת הצדקה, נאר וויא אזוי איז געווארען א קאססע פון צדקה? דאס וויל איך אייך טאקי דערצעהלען פאדראבנע:

ר׳ העשקי האט באטראכט וואס דא טהוט זיך אין שטאדטיל מיט די ארימע לייט, אז עס איז גאר חושך, ווער עס וויל איז זיך איין ארימאן; מיט א גלייכען שכל האט ער געקוקט אויף דער גאנצער סיסטעמע ווי אזוי עס געהט צו ביי יודען די צדקה, אונ דאס הארץ האט איהם וויי געטהון צוקוקענדיג. ער האט זיך ניט לאנג געטראכט, ער איז אריינגעפאללען צום רב, וועלכער איז געוועזען א גאנץ עהרליכער

יוד, נאר אין וועלטזאכען איז ער געוועזן אביסעלע תמימאטע, און האט ניט תכף תופס געוועזן א וועלט-פראגע.

— רבי! — זאגט ער — וועגען אונזער צדקה ווייל איך מיט אייך רעדען וועגען וועלכען איך האב שוין מיט אייך אפילו איין מאהל גערעדט. איך זאג אייך, עס טויג נישט אזוי! עס איז גאר קיין תכלית נישט!

— וואס טויג נישט אזוי? וואס איז קיין תכלית נישט? — פרעגט דער רב.

— איך זאג אייך, אז עס איז פראסט א חילול השם, ווי דא געהט צו, א שאנדע חלעבין!

— וואס איז די שאנדע? ר' העשקי!

— איך מיין מיט די ארימע לייט, מ'שטיינס געזאגט, עי פע!

— וואס מיט די ארימע לייט? וואס עי פע?

— איך מיין מיט די ארדנונג פון צדקה ביי אונז יודען, עס איז א חרפה און א בושה!

— וואס איז א חרפה און א בושה? איך וייס נישט וואס!

— אט דאס איז דאך די גאנצע צרה, וואס איהר רבי פיהלט גאר נישט קיין חסרון, עס איז ביי אייך אללעס רעכט.

— וואס פאר א חסרון, און ווי איז א חסרון? איך פארשטיי גאר נישט.

— נו לאזט זשע אב רבי! די שאלה איז ביי אייך גאר נישט קיין שאלה. וואס וועל איך דא יעצט רעדען? איך וועל נישט מעהר פון אייך פערלאנגען, נאר איהר זאלט צוזאממענרופען איין אסיפה וועל איך שוין ערקלערען אללעס וואס איך מיין.

— איין אסיפה? נוא לאז זיין איין אסיפה. וואס קענן עס דא שאדען?

דען צווייטען טאג נאך מעריב איז געוועזן איין אסיפה גדולה אין קהל'ס בית המדרש, און אללע בעלי בתים זענען צוזאממענגעקוממען.

— וועגען וואס וועט דאס זיין די אסיפה? פרעגט מען דעם רב.

— איך וייס אליין נישט וועגען וואס, נאר ר' העשקי האט עפעס נייע פראיעקטען, לאמיר הערען זיינע חלומות!

* *
*

ויעמוד על רגליו, און ר' העשקי האט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע פיס און האט געזאגט מיט א ברענן:





„שמעו נא רבותי! אונזער היילגע תורה האט אונז איבערגעגעבען א טהייערע
„רפואה. נישט אלליין זי העלפט געגען א קראנקהייט ר"ל, נאר זי איז א רפואה געגען
„טוידט אליין. א קלייניגקייט, א רפואה געגען טוידט! ווי האט איהר דאס אין אלע
„אפטייקען, ווי פערמאגען דאס אללע דאקטוירים! און מיר פארמאגען אזוי א רפואה,
„זי איז ביי יעדען פון אונז אין דער האנד. נאר איין חסרון איז דאביי, וואס מיר
„קענען זיך נישט מיט איהר בעגעהן ווי מענשען, מיר פערדערבען זי בידים אז זי
„זאל נישט קענען ווירקען. די רפואה וואס די תורה האט אונז איבערגעגעבען, איז די
„מצות צדקה, זי איז א רפואה געגען דעם טוידט, אזוי ווי עס שטעהט „צדקה
„תציל ממות" (צדקה איז מציל פון טוידט), אבער לאזען מיר זיך נאר אומקוקען, ווי
„אזוי מיר בעגעהען זיך מיט דער טהייערער רפואה. א שרעק!

„איך וועל אייך דא אויסרעכנען עטליכע וויכטיגע חסרונות. —

„ערשטענס דאס געפיהל פון צדקה דערוועקט זיך גאר קיינמאהל נישט אין אונז זעלבסט, נאר מיר טהוען עס אוים אין ברירה, מיר האבען דען א ברירה? עס קוממען ארעמע לייט און שטעללען זיך אנידער פאר אונז ווי אויף איין עקזעקוציע, מוזען מיר דאך זיי געבען. נאך מיין דעה נאך, קענן גאר דאס געבען נישט האבען דעם נאמען צדקה, דאס הייסט נאר אבי דער ארימאן זאלל זיך אבטשעפען".

„צווייטענס וואס ווערט פון דעם געבען, אז מיר גיבען נאר אבי פטור צו ווערין פון ארימאן, איז נישט גענוג מיר זענען נישט מקיים די מצות צדקה ווי עס געהאר צו זיין, נאר מיר קוממען נאך מאנכעס מאהל צו איין עבירה"

— „צו איין עבירה? — האבען זיך אנגערופען מאנכע קולות פון בעלי בתים — וואס קענן דא זיין די עבירה"?

— „שאט! שאט! לאזט מיך נאר רעדען — איך וועל אייך באלד ערקלערען ווי אזוי מיר קוממען נאך דאדורך צו איין עבירה. — געבען מיר זיך דען א מאהל מיהע נאכצופארשטען ווער עס איז ווירקליך איין ארימאן, און ווער עס איז גאר א רמאי א שווינדלער, וואס מאכט זיך פאר איין ארימאן? איך וועל אייך אויסרעכנען א גאנץ שפאר ביסעל קבצנים וואס געהען אין די הייזער און זיי האבען זייער אייגענם גאנץ שאן געלד. אזעלכע קבצנים טארען נישט נעמען, און מיר טארען זיי נישט געבען, און אז מיר גיבען זיי, זענען מיר נותן יד לפשעים. ווידער איז דא פיעל געזונדטע מענשען, וואס קענען ארבייטען, און ווייל מיר געבען זיי, מאכען מיר פון זיי פוילע, קבצנים, ליידיגגעהער. און ווען מיר זאללען זיי נישט געבען אויף אבצוטשעפען זיך וואלטען זיי אפשר געוועזן ארענטליכע ארבייטער, נוטצליכע מענשען אויף דער וועלט. אלזא איז דאס גאר נישט קיין מדת רחמנות נאר אומדערבארמקייט פון אונזער זייט, אכזריות, דענן מיר פערדערבען מענשען".

„די ארעמע און קראנקע וואס ברויכען טאקי אונזער הילף, וואס האבען קיין

גראשען ביי דער נשמה, און האבען קיין כח צו ארבייטען, זאלבע ברויכען מיר אפילו יא צו שטיצען, נאר אן זיי אפילו טהון מיר אויך איין עבירה, מיט דעם מנהג רע, וואס מיר פערלאנגען, זיי זאללען קוממען דוקא צו אונזער טהיר בעטלען. איז דאס נישט קיין אכזריות פון אונזער זייט? דער ארעמער געביך, דער אומגליקליכער, דער פון גאטט געשטראפטער, מוז געביך מנצח זיין דאס עהרענגעפיהל וואס איז אין יעדען מענשענס הארץ, דען די נויט ברענגט איהם דאצו. איך גלויב אז אנפאנגס ווען איין אומגליקליכער הייבט אן צו געהן אין די הייזער, און שטעלט זיך ביי דער טהיר און שטרעקט אויס די האנד, איז ביי איהם, גלייך דאס גיהנם וואלט זיך פאר איהם געעפענט. נו אז מיר ברענגען אמענש צו אזוי א צער, זענען מיר דאך איינפאך רוצחים, צער בעלי חיים איז דאורייתא! די תורה פארווערט אונז מצער צו זיין יעדעם לעבע-דיגע בעשעפעניש, אפילו א בהמה, א חיה, א עוף, מכל שכן נאך א מענש, וואס זיין גאנצע זינד איז אויף דער וועלט, וואס ער האט א ליידיגע קעשענע, אדער ער איז א קראנקער און קען נישט פערדינען.

„אפילו את"ל, ווען מיר זאללען אפילו זאגען, אז דער ארימאן ווערט שוין אזוי געוואהנט מיט דעם בעטלען, אזוי ווי די מיק מיט דען האממערשלאג, און ער פערליערט שוין דאס געפיהל פון עהרע, פון כבוד, אז עס ארט איהם שוין גאר נישט איז עס פאר אונז אליין א העכסטע בעליידיגונג, אז מיר זעהן א מענש, א בשר ודם ווי מיר אליין, איז געביך מבזה דען צלם אלהים, און ערנידריגט זיך אזוי פאר אונז.

„מיר זענען עובר אויף דעם דין, אז מען זאלל געבען בעין יפה. מיר זאללען נישט בעליידיגען דען ארעמען, און אויף דעם אופן, אז מיר גיבען קיין צדקה נאר כדי זיך אבצושטעפען, בייזערן מיר זיך וויפיעל מאהל אויף דען ארימאן, און שעל-טען איהם, וואס ער פערדרייט אונז דעם קאפף, וואס ער שטערט אונז אין אונזער בעשעפטיגונג, אמאהל אין דער היים ווען מיר זענען פערנומען, אמאהל אין האנדעל ווען מיר זענען פונקט דאמאלס בעשעפטיגט מיט א קונה, בפרט אונזערע ווייבער שעלטען און פלוכען דעם ארעמאן אז עס ענטגעהט איהם די מוטטערס מילך. אויף דעם איז געזאגט געווארען: ניע דאי אי ניע לאי (גיב נישט, און פלוך נישט).

„ווי פיעל מאהל געהען גאר אין די הייזער רעכטע גנבים, און זיי מיינען גאר נישט דען גראשען, נאר גאטט זאלל זיי עפעס צושיקען אכשרה מציאה, זיי זאללען קענען צוחאפען עפעס א חפץ ביי א געלעגענהייט: א זילבערן לעפעלע, א פאלטא, א פאר תפילין, א סידוריל, וכדומה". —

אזוי האט ר' העשקי גערעדט, און האט אויסגערעכנט א סך אזאלכע שטארקע חסרונות פון דער צדקה „פון די הייזער געהען". ער האט געזאגט, אז דאדורך ווערען געבעך גוט פערשווארצט פיעל מענשען וואס שאמען זיך צו בעטען א נדבה, וואס אן זיי איז א רעכטע מצוה, און ווי עס קומט שווער אן אז מען ברויך טאקי א רעכטע נדבה איין אומגליקליכען צו שטיצען, וואס מיט א קלייניגקייט קען מען איהם ראטעווען.



און נאך אזאלכע שטייגער זאכען האט ער אויסגערעכנט, ווי מיר יודען ווייסען גאר נישט ווי אזוי זיך צו באגעהען מיט דער טהייערע רפואה וואס הייסט צדקה. און אללעס האט ער אזוי מיט שכל געגעבען צו פערשטעהען, אז מען האט איהם גאר נישט גע-קאנט איבערשפארען, און מאנכע האבען זיך איינגערוימט אין די אויערן:

— חלעבען, ער זאגט בעססער ווי דער רב אין שבת תשובה.

קורץ אללע האבען איהם אונטערגעשריבען אז זיי גיבען איהם כח והרשאה, איינצוריכטען „א חברה צדקה לעניים". און ער זאלל טאקי זיין דער גבאי דאפון, ווייל ער איז טאקי דער אמת'ער עהרליכער מאנן און רייך אויך, דערצו ווייסט ער ווי אזוי צו קערעווען מיט צדקה, און דאס „אין די הייזער געהען" זאל גאר אין גאנצען אויפהערען.

~~~~~~~~

נא, האט ער שוין איינס געווירקט, נאר וואס טהוי' מען דא, אזוי איין אינסטי-טוציע, אזוי א חברה מיט נייע פארזאנדקעס פערלאנגט זיך עפעס ארבייט, בעשטאנ-דיגע מיטהעלפער, טשלענעס, שתדלנים, און די בעלי בתים האבען קיינמאהל קיין צייט, זיי האבען תמיד מיט זיך צו טהון, אז מען קען זיך גאר אויף זיי נישט סומך זיין ביי זאלכע זאכען.

אזוי האט ער איינגעלאדען צו זיך אללע יונגע לייט וואס עססען קעסט ביי זייערע עלטערן אדער שוויגערעלטערן, און ער האט צו זיי גערעדט:

„הערט נאר רבותים: יאקיל, שמעריל, גימפעל, זרח; פייבעל, בעריל, פיניע, ברוך, איהר זענט דאך אללע פראסטע דארמאיעדניקעס, אומזיסטיגע פרעסער, אייערע עלטערן ארבייטען פאר אייך און גיבען אייך עססען, קלאמפערשט לערנט איהר אביסעל, אבער אממייסטען געהט איהר פועל בטל, און איהר טהוט נישט די האנד אין קאלטע וואסער אריין, אט לייגט מען אייך אנידער היינט א חלה מיט א קרופניק און עס ווערט פערשוואונדען, מארגען ווידער א ברוידט מיט בארשט און עס ווערט פערחאפט, און אזוי זענט איהר אייך נוהג ב"ה אללע טאג, און עס פאללט גאר קיינעם פון אייך נישט איין, ער זאלל צו זיך זאגען: סטייטש, איך בין א מענש, איך טרינק און עסס, פאר וואס זאלל איך נישט טהון עפעס ניטצליכעס אויף דער וועלט, עכ"פ, עפעס לטובת הכלל!" — ער האט אלזא צווישען זיי צוטהיילט די ארבייט און איינגעפיהרט די גרעסטע ארדנונגען, לויט דיזען פראגראם:

יעדער בעל הבית האט געצאהלט חודש געלד לקפת הצדקה. קיין ארימאן איז שוין נישט מעהר געגאנגען אין די הייזער, נאר זיי האבען גענומען וואכענגעלד מקפת הצדקה. א בעזונדערע קאממיסיע איז געוועזען, נאכצופארשען אונד צו פער-שאפפען ארבייט ארימע נאר געזונטע מענשען; פיר יתומים ארימע האט מען געמאכט בתי מחסה; א בעזונדערע קאממיסיע האט ווידער געשטיצט ארימע געפאללענע
~~~~~~~~

בכבודע מענשען, בסתר, קיינער זאלל נישט וויסען; א בעזונדערע קאמיסיע ווייזט אויף גמילות חסדים, מיט א קליינעם פראצענט, אויף משכנות. א כלל דאס שטאד איז גאר אויפגערעכט געווארען, אללע זענען געוועזען רעכט צופרידען. די נור זענען פטור געווארען א קלאפאט, און די ארימע האבען נישט געברויכט צו קרי יענעם אונטער די אויגען, און אויסצושטרעקען די האנד; איבערהויפט האבען ג געקוואלען די יונגע לייט, די קאסט קינדער, זיי זענען גאר אויפגערעכט געווארען. זיי האבען עפעס בעקומען א בעשעפטיגונג, זיי זענען עוסק בצרכי צבור, און זיי זענען עפעס ווי מיגים טשינאווניקעס, זיי האבען עפעס אנגעהויבען צו שפירען אז זיי זענען ניטצליכע מענשען אויף דער וועלט, נישט בלויז אריינצורוקען א בארשט, א קרופניק, אדער א גענזענע פאלקע, נאר זיי קענען עפעס טהון וויכטיגס און ניטצליכם אויך, זיי האבען עפעס געפיהלט זייער אייגענעם ווערט, און זיי זענען געוועזען שטאלץ דארויף, ווי זייערע יונגע פרויען האבען אויך אנגעהויבען קוקען אויף זיי גאר מיט אנדערע אויגען, נישט ווי אויף קיין בטלנים חלילה.

— וואס פאר א טשין האסט דו, שמואל! — האט א ווייבעל געפרעגט דעם מאנן.

— איך בין ממונה ראשון פון דער מחלקה פון גמילות חסדים, — און די פרוי איז ביי זיך מיט רעכט געוועזען שטאלץ וואס איהר מאנן פארנעמט אזא הערענשטעללע.

נאטירליך איז אויך דאדורך געוועזען גאנץ וועניג גטין אין דיזעם שטאדטיל, ווארום די יונגע לייטליך זענען בעשעפטיג געוועזען און האבען גאר קיין צייט ניט געהאט צו קאפריזען מיט דעם ווייב און שווער און שוויגער, ווי עס איז געוועזען אין דער צייט ווען זיי זענען ליידיגגעהער געוועזען.

די יונגע לייט האבען זיך יעדען טאג בעשעפטיגט נאר צוויי שעה ביי דעם עסק פון צדקה, אבער עס איז זעהר פיעל געטהון געווארען, ווארום אז פופציג פערזאנען האבען געארבייט צוויי שעה, הייסט דאך גלייך ווי מען ארבייט ביי א זאך הונדערט שטונדען, און אין הונדערט שטונדען קען מען דאך עפעס פיעל מאכען, דאריבער איז אללעס געוועזען אין דער גרעסטען ארדנונג.

די יונגע לייט האבען דארין עוסק געוועזען מיט אזוי א ברענן, אז אפילו די יעניגע, וואס זיי האבען געפלעגט צו פאהרען צום רבין אויף ראש השנה, און פלעגען תמיד דארט צו בלייבען ביז נאך סכות, האבען זיי זיך יעצט באלד געזעגענט אים צום גדליה, און געשווינד געלאפען אהיים, יעדער פון זיי האט געזאגט „נישט דא קיין צייט, נישט דא, זעהר פיעל ארבייט ווארט אויף מיר אין דער היים".

און וואס פאר א פערגניגען, וואס פאר א נחת רוח האבען דאס די לייט מיט זייער ראש החברה (פרעזעס) ר׳ העשקי, מקבל געוועזען פון זייער ארבייט, פון די דאנקבארקייט פון די אומגליקליכע מענשען.

* * *



אזוי איז עס צוגעגאנגען אין שטאדטיל אפשר פינף און צוואנציג יאהר. צו הערען א קרעכץ, אדער צו זעהען א טרעהר פון איין אומגליקליכען איז געוועזען פון די זעלטענע זאכען. נאר קיין זאך איז דאך נישט אויף אייביג, ר׳ העשקי איז שוין לאנג נפטר געווארען, און האט נישט איבערגעלאזט נאך איינעם אויף זיין ארט, ער זאלל האבען אזוי א געפיהל, אזוי א גלייכען שכל, אזוי א זינן צו ארדנונג, ווי ער; דאגעגען אבער האט ער איבערגעלאזט איין אייביגעם אנדענקען אין אללע הערצער פון ארום און ארום, ביי יודען און ביי קריסטען.

פאר זיין טוידט האט ר׳ העשקי איבערגעלאזט א צוואה, אז וועלכע שטאדט וואס וועט איינפיהרען די ענינים פון צדקה לויט זיין שיטה, און לויט זיינע תקנות, איז ער מבטיח, אז עס וועט אין דער שטאט נישט זיין קיין עלענד, די שטאדטלייט וועלין ניצול ווערין פון עניות, און מען וועט נישט זעהען קיין יוד געהען אין די הייזער! — אמן כן יהי רצון!

ווארשא אדר שני תרנ״א.

הניץ.



אנמערקונג. „אמן כן יהי רצון" זאל גאטט געבען אז ר׳ העשקעס נייע פראיעקטען וועגען צדקה זאל מען איינפיהרען אין אללע יודישע שטאדט, נאר דאס וואס ה׳ הניץ האט דעם גוטען פיינעם ר׳ העשקען אריין געלעגט אין מויל אריין „אז אין די הייזער געהן פיעל רעכטע גנבים" א. ז. וו. דאס איז די טייטש אז אזוינע ארימע לייט דארף מען ניט געבען קיין נדבה.

ניין, ה׳ הניץ, דער טייערער מנהג ביי עהרליכע יודען „אז ווער עס שטרעקט אויס די האנד דעם דארף מען געבען" טאר ביי אונז יודען סיי ווי סיי ניט אויפהערען. ווער עס איז א עהרליכער ארימאנן אדער א גנב דאס איז ניט אונזער געשעפט. ניט מיר, מענשען, זענען אין שטאנד צו משפטן אזוינע זאכען. א גנב דארף מען היטען און א נדבה דארף מען געבען אפילו אזא ארימאנן וואס מיר ווייסען פאראויס אז ער איז א גנב.

געהן בעטראכטען, וועלכען ארימאנן יא געבען דעם גראשען און וועלכען ניט, דאס פאסט ניט פאר אמתע יודען, דאס פאסט נאר פאר דעם געוויסען סארט רייכע יודען, וויסקאטשקעס, וואס האבען זיך אויף דער עלטער אויסגעלערענט לייענען א ביכעל און נאכהער אז עס קומט צו זיי א ארעמאנן און שטרעקט אויס די האנד ענטפערט ער איהם: „ארבייטען געה!"

ניין, ה׳ הניץ, אזא וואוילער יודישער יוד ווי אייער ר׳ העשקי, האט גאר ניט געקאנט טראכטען אזוינס ווי די וויסקאטשקעס. איך גלויב ניט, עס איז ניט ריכטיג. ניט אנדערש אז איהר, ה׳ הניץ, האט וויניציג געקאנט ר׳ העשקין, ווארום ווען איהר זאלט איהם גוט קענען וואלט איהר איהם אין מויל ניט אריין געלעגט אזוינע ווערטער וואס פאסען כלל ניט צו אזא טייערען יודען פון דער אלטער גוטער צייט. —

דער הויז פריינד.

# אנאכט אין צרות*).

פון

## מענדעלי מוכר ספרים

---

עס איז שוין העט שפעט אין דער נאכט, גלופּסק שלאפט — און די קאפעלע האט נאך אלץ געשפּילט. צוויי יודישע קינדער קענען קיין אויג נישט צומאכען, ווארפען זיך נעביך פון איין זייט אויף דער אנדערער — און די געלעגערס אונטער זיי ארבייטען: סקריפּען, קרעכצען, גיבען אפ קאנצערט, וויא דער שטייגער פון יודישע געלעגערס, וואס צו־ווינען זיך, צו שאקלען זיך, צו פילדערען זיך, זאגען שירה ביי נאכט פון א מינדסטען ריהר. פון א מינן געלעגערס אין א יודיש הויז די שירה ביי נאכט צוהערען איז אוודאי אז וואויל; נאר נישקשה, מיט דער דאזיגער קאפעלע דא, פון אונזערע צוויי פארשוינען, אין וועלכער עס האט געטריי געארבייט א הינקענדיגער, א געריהרטער, א הויקעריגער, אויסגעדינטער טאפּטשאן מיט עפּעס א מין ריק־בעט — האט מען געקענט אויך זעהר גוט יוצא זיין. אויף דעם טאפּטשאן, אין פאדער־חדר, האט געשפּילט אונזער הערשעלע, און אויף דעם ריק־בעט, אין אלקעריל — אונזער רפאל. ביידען האט זיך עפּיס נישט גענומען קיין שלאף, איטליכער האט געהאט צווינגען און צוזאגען מיט זיינם.

די קשיא איז אבער: מה נשתנה הלילה הזה, פאר וואס איז פארענדערט געווארען די דאזיגע נאכט פון אלע אנדערע נעכט? שבכל הלילות פונ'ם אונטערנעכטיגען דא ביי רפאל'ן, האט הערשעלע געשלאפען, אהן עין־הרע, גאר נישקשהדיג. גאר ביים ערשטען אריינטרעטען זיינם אהין, צו רפאל'ן, אויף נאכטלאגער, איז איהם געווען גוט עפּיס אויפ'ן הארצען, ווי איינעם וועלבען גאט דערהויכט פלוצלים דאס מזל, דאס קליינע, נידריגע שטיבעל, וואו ס'איז א מעגליכטייט צובלייבען א ווייל פאר זיך אליין, אומגעשטערט פון א עולם מענשען, ווי דארט אין קלייזיל — האט איהם אויסגעזעהן שררות. ער האט געקוקט אויף אלסדינג דארט עפּיס מיט א מין דרך ארץ, געקוקט, געטאפּט, קוים צו־צוריהרען זיך מיט א פינגער און געשמאכט פאר גרויס פארגניגען. עס האט אזוי פיל געהייסען ווי: „א־נוא, גוט, הערשעלע, מיר האבען א גאט, הא?!" דאס פארוויסטע באנק־בעטיל, אין־גאנצען ווי ס'איז מיט די שלאפע פּים, אויסגעריבען, צעטרענט, ארטעריייס מיט ארויסגעקראכענע קישקעס קליאטשע און אלטע פארשמאלצעוועטע לאטעס, האט ביי אים אין די אויגען געהאט דעם זיבענטען חן. ווי די מעשה איז — איין אפּגעקומענס, אפּגעבארעטעס, פארט



...וחם, מיט א נעשפּיקעוועטען בויך, א זכר פון אמאלדיגע גוטע יאהרען... ביים אר יפקריכען דארויף דאס ערשטע מאל האט עס זיך שטארק געטאן א בייזער, א סקריפּ מיט גרויס פאראיבעל. הערשעלע איז, איינהאלטענדיג דעם אטהעם, פארביסען די ליפּען, געבליבען שטעהן ווי אויף משקולת, נישט אהין נישט אהער, אוים פארכט, נישט אנצומאכען דא א שפּיל, א גאנצע חתונה און רפאל'ן דארט פונ'ם שלאף נישט ארויסצוברייגען. נאר באלד אבער האט ער זיך איינגעשטעלט, האט עס מחילה געבע־טען, פאמעליכין — פאמעליכין זיך געריקט, אוים געצויגען, פריהער איין פוס, דער־נאך דעם אנדערען — און נישקשה, מיט חסד־ושפּעטער אביסעל האט א קליין ביזעריל איהם שוין נישט אזוי אויסגעמאכט, וואס נייטער, ווייטער איז ער מיט א גרעסערען שוין אפילו געוואוינט געווארען, עס האט געמעגט שרייען, רייסען זיך צעזעצטערהייט, ער האט זיך דארוים גאר נישט געמאכט און געשלאפען געזונטערהייט.

בלייבט דאך טאקי הערשעלעס נישט־שלאפען אצינד א גרויסע קשיא!

אפשר איז הערשעלע הונגריג געווען און דער ליידיגער בויך האט איהם געמאהנט מזונות, נישט געלאזט איהם צורוה? — ניין! ערשטענס, איז א יודענס א מאגען גאר נית אזוי אריינגעטאן אין דער אכילה, אז ווי באלד עס דערגעהט איהם נישט זאל ער האבען טענות. צווייטענס, איז דער מאגען ביי יודען גאר נית אזא פארנעהם, מען זאל זיך אוים זיינע טענות עפּיס מאכען. אזוי פיל דינים, אזוי פיל גזרות, אלטע און נייע, אלץ מכח דעם זינדיגען מאגען, ווי איהם צו לערנען דרך־ארץ: דאס לאז זיך דיר נישט גלוסטען, מען טאהר נישט! דאס, יא, נאר אביסעל, ס'איז טהייער און דאס איז א מוז חאטש פריקרע, הארבליך — אזוינס האבען נאר מיר, קינדער ישראל, אליין און אין דעם זכות טאקי זשיפּען מיר ביז אצינד אין דער וועלט... היינט דריטענס, האט הערשעלעס מאגען דענסטמאל כלל נישט געהאט וואס זיך צובעקלאגען, זינד ער האט אנגעהויבען „צוועכטיגען" איז ער מיט א ליידיגען בויך קיינמאל געגאנגען שלאפען. ביי רפאל'ן איז פאר איהם תמיד געווען א גלעזיל טהע מיט א שטיקעל ברויט, און די נאכט גראד איז נאך געווען א קעפּיל פון א הערינג, א ביינדיל מיט א שטיקעל פלייש אויך, איבערגעב־ליבען רפאל'ן פונ'ם מיטאג, וואס ער האט געגעסען אהן אפּעטיט, און הערשעלע האט דערצו אפילו זיך נישט צוגעריהרט.

אפשר־וושע האט זיך הערשעלען נישט געשיקט עפּיס אין דער גמרא דארט און דער מח זיינער האט געארבייט, ווי איינצובייסען א הארב תוספות'ל, צופאלען אויף רש"י'ס א בעוואהרעניש, געפינען „דעם רעכטען קוועטש" און אויפטאן שפּיצעבדיג מיט א געדראנג? — נאך א מאל טאקי ניין! אדרבה, פערקעהרט, אין דער גמרא איז איהם היינט אויסגעקומען משונה ווילד גלאט: אי רש"י איז חלילה נישט משוגע, אי תוספות קשיא בלייבט טאקי א קשיא — ביידע זענין גערעכט.

מילא וואס־וושע פארט איז היינט מיט הערשעלען אזוינס דיא מעשה

א ווא, א מעשה! איהם לאזט נישט שלאפען — ביילע!

„אי. רבונו של עולם, ביילע! געוואלד, טאטוניא, וואו איז ביילע?" — אט די דאזיגע עטליכע ווערטער פּיקען הערשעלען אין קאפּ. ארום זיי דרעהען זיך אלע זיינע געדאנקען און חאפּען זיך איהם א מאל ארוים מיט א ביטערען קרעכץ טיף פונ'ם הארץ. שוין א גאנץ היבשע צייט איז דרינען, זינט הערשעלע האט זיך צושיידט מיט ביילע'ן דארט אויף דער זארגבאנק, אין דער האפנונג, אז אט־אט שטעלט זי זיך אויף

ארט, וואהין מען האט זי געפיהרט, באלד זעהען זיי זיך ווידער און געהמען ווייטער אפיר דעם איבערגעריסענעם שמועס וועגען איטליכס פיטצעלע בעזונדער אין דער היים. אונזער עלענטער, פארוואגעלטער הערשעלע האט זאט אנריידען זיך נישט געקענט ביי דעם ערשטען בעגעגעניש מיט א שכנ'ס א מיידעל, כמעט איין אייגענע, א היימישע פון קינדהייס-אויף. זי אין-גאנצען האט געשמעקט עפיס פריש מיט היים, מיט קאבצאנסק— פון איהרע אויגען האבען איהם ארויסגעלויכטען, זיך געלאזט זעהען פיל ליבע זאכען אין די פריהערדיגע יאהרען, אלסדינג, האק און פאק, האט זיך איהם געפיהלט אין איהר שטימע. ער האט אויפגעחאפט איהר איטליכס ווארט, אויך גערעדט אליין פאר צעהן און ס'איז איהם נאך איבערגעבליבען גענוג רייד אויף שפעטער— און פלוצלים אזא וועהטיג, אזא אויסחאפעניש... נישטא ביילע, ווי אין וואסער אריינגעפאלען ביילע!

די ערשטע צייט האט הערשעלע זיך געטרייסט אליין מיט דער האפנונג: אט איינגיכען וועט זי זיך מסתמא ווייזען. וואס דען? אפשר איז זי דארט שטארק פארנומען אויפ'ן נייעם ארט, לאז זי נאר אביסעל זיך ארומקוקען, קומט זי זיכער באלד צו רייזען, זי האט דאך איבער געלאזט אויף דער אכסניא איהרע זאכען. — אז אקעגען א חודש צייט אבער איז אוועק און זי איז אלץ נישטא, האט איהם שוין אנגעהויבען גוט צוארען, אצונד האט איהם אנגעהויבען בעשיינפערליך צו אינטערעסירען ביילע. נישט וויל זי איז א היימישע, ערשט פון דאס ווייניגע דארט אין דער היים, נאר זי טאקי, זי, ביילע אליין — וויל אויף איהר געביך איז א ביטער רחמנות, ווער ווייסט, וואס מיט איהר נעבעך איז אזוינס געשעהען? דאס געפיהל פון רחמנות האט ביי איהם געוואקסען פון איין אנדער געפיהל, א פארבארגענס, עפיס גאר אהן א נאמען — א מין ציהעניש אזוינס, נאך פון קינדהייט אן, טיף איינוועהניג אין דער נשמה. דאס מין ציהעניש ווידער האט אנגעהויבען שטארקער זיך לאזען פיהלען, בעקומען שוין עפעס א נאמען דורכ'ן טאקי, וואס דאס רחמנות איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען. די ביידע דאזיגע געפיהלען האבען געשפראצט, געוואקסען און זיך דערנעהרט איינס פונ'ם אנדערען, דערצו איז אויך געווען נאך א צוגאב, גאר א וויכטיגע זאך. עס האט זיך דערהערט הערשעלען גאנץ קלאהר דאס גרויסע אומגליק, אין וועלכען ער איז געשטאנען. שנייאור-וואלף וואלט איהם זיכער אין גאנצען אריינגעשטעקט ווען עס זאל זיך נישט געווען אונטערריקען פלוצלים ביילע. איין גאט אליין האט זי אונטערגעשיקט, פונקט אין דער רעכטער צייט, איהם פון יודישע הענד מציל זיין. און ווי פיל דאנק איז ער איהר שולדיג פאר אזא גרויסע טובה! ער בעדארף דאך, ווי מען זאגט, די פיס איהר וואשען און די וואסער טרינקען וואס אבער לאזט זיך אויס? זי איהם האט געראטעוועט און ער זי —בעגראבען, דורך דעם אוועקגאנג זייערם פון דער אכסניא צו דער זארגבאנק, איז ער פונ'ם אומגליק ארויס, און זי אריין. אוי, דער גוטער מלאך איז פארשווינדען, גאט ווייסט וואהין! ס'איז א רחמנות, עס רייסט, רייסט דאס הארץ!... דאס אלסדינג אין איינעם האט אויף הערשעלען שטארק געווירקט, ארויסגערופען אין איהם אזעלכע געדאנקען, אזעלכע הייסע קלאהרע געפיהלען, וואס זענען פאר איהם געווען פריהער נאך טונקעל, כמעט א סוד. ביילעס געשטאלט איז ארויסגעטרעטען אלץ העלער, העלער, געשוועבט פאר זיינע אויגען, איהם געבריהט, גענאגט, געצויגען ביי דער נשמה. עס האט איהם עפיס גלאט אזוי, נישט ווילענדיג, זיך געטראכט, שטילערהייט א מאל געוויינט, געהארען עפיס גוט, ווייך ווי א פייג, זיך געלאזט פון זיינע געדאנקען טראגען, ווי א געוויקעלט קינד, און זיך פארטראגען, פארפליהען א שרעק וואהין!... ביילע איז איהם פונ'ם זינען נישט ארויס און ער האט זיך קיין עצה נישט געקענט געבען, ווי ארום ווערד מען וועגען איהר עפיס



געוואויר. — געהען זוכען, פרעגען? ווי געשיקט זיך עס, א בחור'יל פרעגט זיך אויף א מיידעל! און נאך ווער? ער, הערשעלע! אז ביים דערמאהנען נאר איהר נאמען קומט איהם די פארב אין פנים, איהם דאכט זיך א שרעק! לייט העגען זעהר גרינג חלילה זיך אנשטויסען, וואס איהם ליגט אזוינס אין זינען, וואס פאר א שיין בחור'ל, אוי, ער איז— און דענסטמאל איז ער אויסגעשטעלט, פארפאלען פון ביידע וועלטען אויף אייביג. א קאטאוועס עפיס אזא מעשה, אזוינס גאר צוטראכטען!.. וואו האט מען עס ביי יודען געהערט? גענוג איז דאך דער גיהנם איין אפקומעניש פאר אזוינע זינד, נאר פיל ערגער נאך איז אין יודישע מיילער אריינצופאלען. דאס איינציגע טרייסט זיינע איז נאך געווען, טאמער איז ביילע צוריק א היים אוועקגעפאהרען. אי די זאכען, זי האט דאך דא איבערגעלאזט איהר קלימיקעל? מילא, האט זי פערגעסען, א קשיא אויף א מעשה וואס קען זיך מאכען! אונזער הערשעלע איז שטארק פון פנים אראפ. ער האט געזארגט געליטען, נאר געשטיקט די וועהטיגען איינוועניג אין זיך און אלץ געווארט אויף א ידיעה וועגען ביילען פון דער היים — ביז ער האט זיך לסוף דערוואוסט און די ידיעה טאקי בעקומען.

„יא זוהנוניא — אזוי שרייבט איהם די מאמע אין איהרם א בריוועל — עיקר שבחתי, האב סאנצעלאמעס, מיך אזוי פיל דא פארערדט און פארגעסען דערוואייל מכח בן-ציון-צביה'ס מיידעל, דורך וועלכער איך האב דיר געשיקט א פאר אונטערגענעהטע זאקען, א קאפאטקעלע מיט א אויסגעלאטעט העמד, טראג געזונט ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, ציפע סאסיע, זאל געזונט זיין, האט פון איהרע פיס דיא זאקען אראפגענומען און דיר געשיקט. השי"ת זאל רחמנות האבען איהר צושיקען דעם בעשערטען. שוין צייט. זי איז נעביך אויסגעטריקענט, געל און גרין אויף מיר קוקענדיג, אויף מיינע פינסטערע ביטערע צרות. די אויגען מיינע דינען מיר נישט, פאר קיין יודען געדאכט, פונ'ם פעדערען-פליקען. אוי וועה איז מיר, וויסטע אלמנה! מילא וואס האב איך דא געוואלט, הא, וואס! — יא, מכח דעם מיידעל. קארג אייגענע צרות, איז נאך דא, ווי זאגט מען עפיס, א צוגאב פרעמדע אויך. בן-ציון-צביה'ס מיין איך. ער איז נעביך אלט, קראנק, א צובראכענער שארבען, האט נישט קיין פרנסה. אזא קבצנות, ווי אין קאבצאנסק היינט, געדייגקען אלטע קאבצאנסקער קבצנים נית. אז די נשמה האלט זיך איז ריינע נסים, נאר זכות אבות טאקי, אח-חא-חא! און דא האט זיין ליבער נאמען, בעהיט זאל מען ווערען, איהם געשטראפט מיט א נייא מין שטראף — פונ'ם מיידיל איז ביז אויף היינטיגען טאג קיין איינגעטונקטע פען, קיין גרים נישטא. ער האלט עס נעביך נישט אויס. — טאמיר, זוהנוניא, זעהסט-דו זי, אדער ווייסט עפיס פון איהר, שרייב! וועסט זיך קויפען דאס אייביגע לעבען"...

א כזית חריין ווען הערשעלע זאל געוועהן מיט א מאל אויפעסען וואלט איהם נישט געווען אזוי ביטער, נישט אזוי פארגאנגען אין נאז, אין די אויגען וויא פון דער מאמעס דאזיגע לעצטע ווערטער. אז ער האט זיך געהאלטען אויף די פיס און נישט געפאלען, האט ער עס געהאט צופארדאנקען נאר דעם שטענדער, ביי וועלכען ער איז, אין קלייזיל דארט אין א ווינקעל געשטאנען אנגעשפארט איבער דער אפענער גמרא ביצה. דעם גאנצען טאג איז ער ארומגעגאנגען אהן א קאפ און אז ער איז געקומען „נעכטיגען" האט שוין רפאל'ס בעטיל אין אלקעריל געסקריפעט. — ער האט באלד טאקי זיך געטאן א ווארף אויפ'ן געלעגער, זיך גענומען טראכטען, זיפצען, קרעכצען געשמאק וועגען ביילען— און דער טאפטשאן האט צו געשפילט, אונטערגעהאלטען געשמאק דאס ריקבעט אויף זיין שטייגער.

---

מֵילָא הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אויפ'ן טַאפְּטְשַׁאן אִיז רֶעכְט, ס'אִיז דָא אַ תִּירוּץ — בַּיילֶע, אָבֶער רְפָאֵל! וָואס בֶּעטַייט זַיין וַוארְפֶען זִיךְ? דָאס קוֹל פוּן דֶעם רִיקְבֶּעט וָואס לָאזְט מִיךְ אַזוינְס הֶערֶען?

אוי, עֶס לָאזְט מִיךְ הֶערֶען אַ מַעֲשֶׂה! ס'אִיז כְּדַאי זִי צוּבֶעשְׁרַייבֶּען.

וִוי דֶער וֶועלְט אִיז בֶּעקַאנְט אִיז לֵייבְּצֶע דֶער רוֹיטֶער אִין גְלוּפְּסְק אַ יוּד אַ נָגִיד, אַ לַייטִישֶׁער מֶענְשׁ: מִיט אַ בְּלַייךְ פְּנִים, אַ לַאנְגֶע נָאז אוּנ אַ קְלֵיין בֶּערְדִיל—אִינְגַאנְצֶען מִיט דֶעם יוּדִישֶׁען חֵן. עֶר אִיז אֵיינֶער פוּן יֶענֶע לַייט, וָואס קְוָואקֶען אויף פַיינֶע-בְּרִיוֹת, אַרַיינְצוּטְרֶעטֶען אִין דֶער גוּטֶער כְּנוּפְיָא, וָואס גִיט פוּן זִיךְ אַרוֹיס פַאר דֶעם פָאלְק אֲלֶערְלַייא גַבָּאִים, פִּיהְרֶער, קָאכְלֶעפֶעל, טְהוּעֶרְס, מַאכֶערְס, טֶענְצֶערְס, נָאךְ אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע נִיטְצְלִיכֶע פַיינֶע פַארְשׁוינֶען, צוּפַארְזָארְגֶען אוּנְז, אָרֶעמִינְקֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער. גֶעוָועהְנְטְלִיךְ זֶענִין זֵיי דִימֶענְטִיגֶע מֶענְשֶׁען, וָואס נֶעהְמֶען בַּיי יֶענֶעם אַרוֹיס דִי נְשָׁמָה מִיט גוּטֶען; זֵיי זֶענֶען, דַאכְט-זִיךְ, גָאר אָהְן אַ גַאל אוּנ הָאבֶען אַ פוּלֶע נָאז מִיט פְּלֵייץ; כָּבוֹד אִיז בַּיי זֵיי גָאר נִישְׁט — נָאר יֶענֶעמְס, אַלֵיין פַאר זִיךְ הָאבֶען זֵיי עֶס שְׁטַארְק לִיעב. בַּיי זֵיי אִיז גֶעלְט שְׁמֶעלְט — אָבֶער נָאר פְרֶעמְדְס, מַיין אֵייגֶענֶער גְרָאשֶׁען זֶעהר טַייֶער; נְדָבוֹת—מְהֵיכָא-תֵּיתָא, אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה, נָאר גֶעבֶּען זָאל יֶענֶער; זִיפְצֶען, קְרֶעכְצֶען אויפ'ן כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אָךְ, אויף וָואס דִי וֶועלְט שְׁטֶעהט, נָאר קָאסְטֶען זָאל עֶס נִישְׁט קֵיין פְּרוּטָה; יוּדִישְׁקֵייט אִיז זֶעהר טְהַייעֶר, נָאר אַ מִינְדְסט אִינְטֶערֶעסִיל אִיז נָאךְ טְהַייעֶרֶער. — לֵייבְּצֶע דֶער רוֹיטֶער שְׁנַיידְט זִיךְ אויף אַ פַיינֶע בְּרִיָה אוּנ לֶעכְצְט שְׁטַארְק אַרַיינְצוּטְרֶעטֶען מִיט אַ פוּס צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע.

בֶּעפַאלֶען מִיט קִינְדֶער אִיז לֵייבְּצֶע נִישְׁט גֶעוֶוען, עֶר הָאט גֶעהַאט נָאר צְוֵויי טֶעכְטֶער, יוּנְגֶע בְּתוּלוֹת, דִי עֶלְטֶערֶע, אַ בִּילְד-שַׁיינֶע, אֵיין אֵיידֶעלֶע—חַנְצָה אוּנ דִי יוּנְגֶערֶע, אַ דִיקֶע, אַ צִיטֶערְדִיגֶע — בָּאבְקֶע. יֶענְטֶעל, לֵייבְּצֶעס וַוייבּ, פִיהְרְט אַ גוּט לֶעבֶּען, אִיז אַ בַּעַל-הַבַּיִתְטֶע, קְלִינְגְט תָּמִיד מִיט אַ גַאנְצֶען בּוּנְד שְׁלִיסֶעלִיךְ אוּנ הָאט אוּנְטֶער דֶעם מַאן, וִוי מֶען שְׁמוּעסְט, אַ שַׁיין קְנִיפֶּעל, עֶסְט, שְׁלָאפְט, טְהוּט זִיךְ וואויל, אִיז אָהְן עַיִן-הָרַע פֶעט, בֶּעלַייבְּט — אוּנ פוּן-דֶעסְטְוֶועגֶען חַאפְּט זִיךְ אִיהר עֶפְּטֶערְס פוּנ'ם מוֹיל אַרוֹיס אַ זִיפְץ, אַ קְרֶעכְץ, זִי קְלָאגְט זִיךְ, אִין אַ שְׁמוּעס מִיט בֶּעקַאנְטֶע, קְלַאפְּט זִיךְ אַלֶץ אִין הַארְצֶען, אַז אָט דָא, דָא הָאט זִי אַ וַואנְד, שְׁאָקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ, פַארְגְלָאצְט דִי אֵייגֶעלִיךְ, אַלֶץ טַעֲנוֹת צוּם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם: אוי אַ זוּהן, אַ קַדִּישׁ! זִי הָאט שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעטָאן אַלֶע מִיטֶעל, גֶעפְּרִיפְט אַלְסְדִינְג, נָאר אוּמְזִיסְט דִי מִיה — נִישְׁטָא קֵיין זוּהן!

—אַז אִיךְ אַלֵיין, אִיז דֶער שְׁטֵיינֶער אִיהרֶער גֶעוֶוען צוּזָאגֶען, אַז אִיךְ אַלֵיין גֶעבִּיךְ בִּין אַזוי גֶעשְׁטְרָאפְט, אַזוי אוּמְגְלִיקְלִיךְ, לָאמִיךְ-זְשֶׁע חָאטְשׁ נַחַת הָאבֶען פוּן דִי טֶעכְטֶער, זוֹכֶה זַיין בַּיי דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג, טַאטֶע-פָאטֶער, אִין-גִיבֶּען זֵיי אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה פִיהרֶען אוּנ דֶערְלֶעבֶּען פוּן זֵיי יוּנְגְלִיךְ אֵיינִיקְלִיךְ.

דֶערִיבֶּער קוֹים אִיז חַנְצָה אַלְט גֶעוָוארֶען פֶערְצֶעהְן יָאהר הָאט יֶענְטֶעלֶען זִיךְ שְׁטַארְק פַארְגְלוּסְט אַ חָתָן פַאר אִיהר — עֶפִּיס אַזַא מִין פַארְגְלוּסְטֶען זִיךְ נָאךְ מֶעהר וִוי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע מַאמֶעס, וָואס דֶער עִנְיָן פוּן קִינְדֶער חַתוּנָה צוּ מַאכֶען, גְלַאט פַאר זִיךְ אַלֵיין, אִיז נָאר טַאקִי אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶער יֵצֶר-הָרַע עֶפִּיס בַּיי זֵיי... יֶענְטִיל הָאט גֶעבְּרֶענְט, גֶעאַרְבַּייט אויף אַלֶע כֵּלִים, גֶעדוּלְט דֶעם מַאן אַ קָאפּ טָאג וִוי נַאכְט: גְוַואלְד אַ חָתָן, אַ שִׁידוּךְ פַאר דֶער טָאכְטֶער! נָאר לֵייבְּצֶע הָאט זִיךְ נִישְׁט אַזוי שְׁטַארְק גֶעהִיצְט, אִיז גֶעוֶוען אִין שִׁידוּכִים אַ גְרוֹיסֶער אִיבֶּערְקְלַייבֶּער, אִיהם הָאט זִיךְ גֶעגְלוּסְט אֵיין אֵיידֶעם מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת: אַ זַיידֶען קִינְד, אַ פְרוּמְס מִיט אַ וואויל קֶעפִּיל, פוּן אַ גֶעהֵייבֶּענֶער מִשְׁפָּחָה, אַיינְגֶעטוּנְקֶען אִין יִחוּס, אַז גָאט אוּנ לַייט זָאלֶען אִיהם מְקַנֵּא



זַיין. לֵייבְּצֶע הָאט, וִוי אַ סוֹחֵר, גֶעזוּכְט אִין אַ שִׁידוּךְ אַ גוּט גֶעשֶׁעפְט — אַיינְצוּהַאנְדְלֶען אִי פַאר זִיךְ אִי פַאר דֶער טָאכְטֶער, עֶס הָאט אִיהם גֶעפַּאסְט צוּם עֵסֶק זִיךְ מְשַׁדֵּךְ צוּ זַיין מִיט בֶּערֶען, אַיינְצוּקוֹיפֶען זִיךְ אִין דֶער גָאלְדֶענֶער פָאהן, גָאלֶע צִימֶעס. עֶר הָאט גֶעזוּכְט אוּנ בָּרוּךְ-הַשֵּׁם דֶערְטַאפְּט דֶעם אַנְטִיק — דֶערְטַאפְּט אַ בֶּענְצִיָה מִיט אֵיין אויסְגֶע-וַוייקְט פְּנִים'ל, אַ בְּלַייךְ בָּחוּר'ל, אַ דַארְס, עֶרְשְׁט בַּר-מִצְוָה אוּנ שׁוֹין קַאנְדִידַאט אויף מְרִידִין. הַכְּלַל — אַ תַּכְשִׁיט וִוי גֶעוואוּנְשֶׁען. חַנְצָה וֶוערְד לְמַזָל אַ כַּלָּה, אוּנ צוּ פוּנְפְצֶעהְן יָאהר אֵיין אֵשֶׁת-אִישׁ, אַ פְּלוֹנִית'שֶׁע. זִי זִיטְצְט מִיט אִיהר'ען בַּיים טַאטֶען אויף קֶעסְט, דָאס מַאנְדֶעלֶע אִיז אֵיין אֵיידִימִיל מִיט אַלֶע פִּישְׁטְשֶׁעוְקֶעס: עֶס גֶעהט זִיךְ טָאג-טֶעגְלִיךְ אִין אֵיין צַייט דַאוּוֶנֶען, בְּעלָאדֶען מִיט אַ טַלִּית-אוּנ-תְּפִילִין-זַאק, גְרוֹיס וִוי עֶר, קוּמְט צוּרִיק, קוּשְׁט דִי מְזוּזָה, זָאגְט, אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין, גוּט מָארְגֶען! מֶעהר קֵיין וָוארְט—אוּנ עֶסֶען — אָפְּגֶעגֶעסֶען, גֶעהט עֶס זִיךְ בַּאלְד טַאקִי וִוידֶער אִין קְלַויז לֶעהְרֶנֶען אוּנ קוּמְט נָאךְ אַ מָאל עֶסֶען. אָפְּגֶעגֶעסֶען, וַוייטֶער אִין קְלויז, קוּמְט אויף-דֶער נַאכְט צוּרִיק, זָאגְט, אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין, אַ גוּט נָאוֶוענְט, עֶסְט אָפּ, אוּנ גִיכֶער אִין בֶּעט אַרַיין—שְׁלָאפֶען! עֶפִּיס שְׁמֶעקְט עֶס טוּכְלֶע, גִיט זִיךְ-נָאךְ מִיט בַּעַל-הַבַּיִת'ל, גָאר אַ דֶער-קְוִויקֶענֶעשׁ. חַנְצָה אִיז זִיךְ דֶערְוַוייל וִוי פְרִיהֶער טַאקִי חַנְצָה — גָאר נִישְׁט... נָאר מִיט אַ צוּגֶערֶעקְטֶען קָאפּ. אַ שְׁטִיקֶעל פַארֶענְדֶערוּנְג אָבֶער אִין אִיהר, פוּן נָאךְ דֶער חַתוּנָה, אִיז יָא דָא — עֶפִּיס שֶׁעהמְט זִי זִיךְ. דֶערְוֶועהט זִי אִיהם, אִיהרֶען, לָאזְט זִי אַרָאפּ דִי אויגֶען, פַאר פְרֶעמְדֶע אִיז נָאךְ וִוי ס'אִיז, נָאר פַאר בֶּעקַאנְטֶע וֶוערְד זִי רוֹיט אוּנ זוּכְט וִוי אַנְט-רִינֶען צוּ-וֶוערֶען, עֶפִּיס אִיז אִיהר פְרִיקְרֶע. וָואס? — דָאס אִיז שׁוֹין אִיהר סוֹד. דִי בֶּעקַאנְטֶע פְלֶעגֶען צְווִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּערְוִוינְקֶען זִיךְ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע, גְלַייךְ וִוי גֶערֶעדְט: מִיר פַאר-שְׁטֶעהֶען נִישְׁקָשֶׁה, מִיר פַארְשְׁטֶעהֶען... דִי מַאמֶע פְלֶעגְט זִי, בַּיים אַנְטְרִינֶען וֶוערֶען, בֶּעגְלֵייטֶען מִיט אַ מִילְדֶען בְּלִיק אוּנ שְׁמֶעלְצֶענְדִיג זִיךְ אויךְ שְׁמֵייכְלֶען דֶערְבַּיי אוּנ צוּ-שָׁאקְלֶען מִיט דֶעם קָאפּ.

רְפָאֵל'ן הָאבֶּען גְרָאד דִי גֶעשֶׁעפְטֶען זַיינֶע גֶעפִיהְרְט בֶּעקַאנְט צוּ-וֶוערֶען מִיט לֵייבְּצֶען, קוּמֶען צוּ אִיהם אִין הוֹיז אַרַיין. נָאךְ בַּיים עֶרְשְׁטֶען מָאל זֶעהֶען רְפָאֵל'ן פוּן דֶערְוַוייטֶענְס דוּרְךְ דֶער אָפֶענֶער טְהִיר אִין טַאטֶענְס חֶדֶר אִיז עֶר חַנְצָה'ן פִירְגֶעקוּמֶען עֶפִּיס מְשׁוּנֶה נַייא — אַ מֶענְשׁ, נָאר עֶפִּיס אֵיין אַנְדֶער מִין, אֵיין אַנְדֶער רֵיידֶען, אֵיין אַנְדֶער בֶּענֶעהמוּנְג, אֵיין אַנְדֶער קְלֵיידוּנְג, אַלְסְדִינְג אַנְדֶערְשׁ, נִישְׁט וִוי בַּיי יֶענֶע, וָואס זֶענִין אִיהר צוּ דִי אויגֶען גֶעקוּמֶען בִּיז אַהֶער. זִי הָאט הִינְטֶערְוַוייליכְס גֶעוָוארְפֶען אֵייגֶעלִיךְ אויף אִיהם, אַלֵיין נִישְׁט צוּ-וִויסֶען וָואס זִי וִויל, גְלַאט אַזוי, עֶס גְלוּסְט זִיךְ חַאפֶּען אַ קוּק. זִי הָאט גֶעקוּקְט אוּנ אִין קָאפּ בַּיי אִיהר אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען פַארְטִיג קֵיין פִּיטְצֶעל מֵיינוּנְג אִיבֶּער אִיהם. אַז דֶער טַאטֶע הָאט נָאךְ רְפָאֵל'ס אַוֶועקְגֶעהֶען אַ מָאל גֶעמַאכְט אִין שְׁטוּב אַ שְׁמוּעס וֶועגֶען אִיהם, גֶעלוֹיבְּט אִיהם אִין טָאג אַרַיין, הָאט זִי זִיךְ גוּט צוּגֶעהֶערְט, נִישְׁט צוּפַארְלִירֶען קֵיין אֵיין וָוארְט.

— יָא — מַאכְט לֵייבְּצֶע אויפְגֶערֵיימְט אוּנ דָאס הִיטֶעל פֶערְרַייסְט זִיךְ אִיהם אויפ'ן קָאפּ — אַ שַׁיין גֶעשֶׁעפְטִיל, גָאר נִישְׁקְשֶׁהדִיג... עֶר רֶעדְט צוּ דֶער זַאךְ, פַארְשְׁטֶעהט אֵיין עֵסֶק, אִיז דוּרְכְגֶעטְרִיבֶּען קְלוּג, וִוי אַ רוּחַ. אַ, אַ קֶעפִּיל! אַ שָׁאד נָאר — בֶּעדוֹיעֶרְט עֶר אוּנ קְלַאפְּט מִיט אַ פִינְגֶער זִיךְ אויפ'ן שְׁטֶערֶען — וָואס עֶר אִיז אַבִּיסֶעל דָאס... וִוי הֵייסְט עֶס בַּיי זֵיי דָארְט, צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהר, אויפְגֶעיוירֶען. נָאר בָּא, עֶט... דָאךְ נִישְׁט וִוי יֶענֶע אָרֶעמֶע בַּעֲלֵי-עֲבֵרוֹת, דִי הַיינְט מָאדִישֶׁע. אויךְ מִיר מֶענְשֶׁען מִישְׁטֶעהְנִס גֶעזָאגְט!... קַבְּצָנִים! עֶר, פַארְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, עֶר אִיז אַ סוֹחֵר, וַוייסְט וִוי צוּפַארְדִינֶען אַ קֶערְבִּיל. אָט וָואס!..

די דָאזִיגֶע שְׁבָחִים וֶועגְן פוּנ'ם מַאטֶעס מויל אִין דֶער טָאכְטֶערְס אוֹיעֶרֶען אַרַיין, גָאר נִיט צוּ-וויסֶען, וָואס עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ דֶערְמִיט אָנְגֶעמַאכְט. זִינְט יֶענֶער צַייט הוֹיבְּט בַּיי חַנְצָהן אָן צוּ אַרְבַּייטֶען דֶער מוֹחַ. דָארְט אִין קָאפּ, וָואוּ בִּיז אַהֶער אִיז גֶעוֶוען רוּהִיג, שְׁטָאק-טוּנְקֶעל, הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְלוּצִים צוּ טָאגֶען — עֶס הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט פוּנ'ם שְׁלָאף דֶער יוּנְגֶער שֵׂכֶל, מִיט אִיהם הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶערִיהְרְט גֶעדַאנְקֶען אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם עֵסֶק: אַלְסְדִינְג צוּבֶּעטְרַאכְטֶען, צוּפְרֶעגֶען, וָואס בֶּעטַייט דָאס, וָואס בֶּעטַייט יֶענְץ? עֶס וֶוערְד אַפִּירְגֶענוּמֶען רְפָאֵל, חַנְצָה'ס גֶעדַאנְקֶען דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם אִיהם, בֶּעקוּקֶען זַיין פָּנִים, זַיין גֶעשְׁטַאלְט, אַלְסְדִינְג, וִוי עֶר שְׁטֶעהְט אוּנ גֶעהְט. עֶס שְׁטֶעלְט זִיךְ פִיר אוֹיךְ צוּגְלַייךְ בֶּנְצִיָה, מִישְׁטֶעהְנְס גֶעזָאגְט, אַזוי וִוי עֶר אִיז, מִיט דֶעם פֶּנִיצִיל, מִיט דִי צְנָאטֶעקְעלֶעךְ אוּנ אַלֶע זַיינֶע גֵיינְג. פַארְקְרִימֶענְדִיג זִיךְ קֶעהְרֶען אִיהְרֶע גֶעדַאנְקֶען זִיךְ בַּאלְד אוּם פוּן אִיהם ווִידֶער צוּ רְפָאֵל'ן. יָא, עֶר אִיז טַאקִי שֵׁיין, דֶער טַאטֶע הָאט רֶעכְט... עֶר אִיז בֶּעסֶער, קְלִיגֶער, קֵיין פַארְגְלַייךְ! פוּנ'ם קָאפּ רוּפְט זִיךְ עֶס אָפּ אִין הַארְצֶען. עֶס טְהוּעֶן זִיךְ אַ נֶעהם גֶעפִיהלֶען, עֶפּיס צוּפְּט עֶס צוּפְּט, מָאנְטֶעט בַּיי דֶער נְשָׁמָה. דָאס הַארְץ גִיט אָנְצוּהֶערֶענִישׁ — אוּנ חַנְצָה'ן פַארְוִוילְט זִיךְ אִיהם נָאךְ אַמָאל וֶועהֶען. אוי, חָאטְשׁ נָאר אַ וַוייל אַ קוּק טָאן אוֹיף אִיהם. נָאר אַנְשְׁטָאט אִיהם קוּמְט וִוי גֶעוֶועהְנְלִיךְ אַלֶע טָאג אִיהְרֶער, מִישְׁטֶעהְנְס — גֶעזָאגְט, מִיט זַיין קוּשֶׁען דִי מְזוּזָה אוּנ מִיט זַיין שֵׁיינֶעם גוּט-מָארְגֶען! זִי לָאזְט אַרָאפּ, בַּיי זַיין אַרַיינְקוּמֶען, דִי אוֹיגֶען, נָאר דְרִינֶען לִיגְט נִישְׁט מֶעהר קֵיין שֶׁעהֶמֶען זִיךְ, דָאס וָואס פְרִיהֶער, נֵיין! דָאס אִיז שׁוֹין גָאר עֶפּיס אַנְדֶערְשׁ — עֶס קוּמְט אִיהר אוּם עֶפּיס פֶּע, עֶס שְׁלָאגְט צוּם הַארְצֶען... זִי וֶוערְדְט מִיט זִיךְ נִישְׁט צוּפְרִידֶען, הַאלְט עֶס פוּן אִיהר זַייט פַאר אַ גְרוֹיס אוּמְרֶעכְט, סְטַייטְשׁ, אַ קֶעגֶען אַ מַאן! וִוי קוּמְט עֶס צוּ אַ יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער? זִי טְהוּט זִיךְ אָן אַ כֹּחַ דִי זִינְד צוּפַארְגְלֶעטֶען—דַוְקָא טָאן אוֹיף אִיהם אַ בְּלִיק, וַוייזֶען אַ פְרַיינְדְלִיכֶע מִינֶע. קוֹים אָבֶּער פוֹעֶל'ט זִי עֶס בַּיי זִיךְ, אִין דֶער רֶגַע טַאקִי קוּמְט אִיהר, מַעֲשֶׂה שָׂטָן, אוֹיפ'ן גֶעדַאנְק, וִויא אוֹיף צוּלְהַכְעִיס, עֶר. חַנְצָה אִיז עֶפּיס מִיט זִיךְ אַלֵיין צוּדְרֶעהט, נִישְׁט רֶעכְט צוּפַארְשְׁטֶעהֶען, וָואס אִיז אִיהר אַזוינְס גֶעשֶׁעהֶען? זִי זוּכְט זִיךְ אוֹיס אַרְבֵּייט, בִּכְדֵי דֶעם קָאפּ זִיךְ צוּ פַארְשְׁלָאגֶען, מִישְׁט זִיךְ אִין דֶעם בַּעַל-הַבַּתִּישׁ-קַייט, חַאפְּט זִיךְ צוּ אַזֶעלְכֶע מְלָאכוֹת, וָואס זִי הָאט גָאר קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעטָאן, דִי מַאמֶע קְוֶועלְט גָאר אָן קוּקֶענְדִיג, שְׁמֶעלְצְט זִיךְ פַאר גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ גִיט אִיהר אוּנ-טֶער חֵשֶׁק: אַזוי, טָאכְטֶער, אַזוי, לֶעהְרֶען זִיךְ זַיין אַ בַּעַל-הַבַּית'טֶע, מִיט דַיינֶעם בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר!

זִי שְׁטֶעהְט זִיךְ אֵיינְמָאל אַלֵיין אִין שְׁטוּב פְרִיה-מָארְגֶענְס, אָנְגֶעטָאן אַ דִינְס, אַ שְׁנֵיי-וַוייס קָאפְּטֶעלֶע מִיט אַ גֶעשְׁטִיקְט קְרֶעקֶענְדִיל, פֶּעסְט גֶעשְׁפִּילֶעט אַרוּם אַ קְלָאהר וִוי פוּן עֶלְפֶּענְבֵּיין אוֹיסְגֶעטָאקְט הֶעלְזֶעלֶע, דָאס יוּנְג פְּנִים'ל מְלֵא-חֵן, בְּלוּט אוּנ מִילְךְ, אַ מַיילְכִין נָאר צוּם מָאהלֶען, שְׁוַוארְצְלִיכֶע-בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען, אוֹיפ'ן קָאפּ אַ זַיידֶען טִיכִיל, אַרוֹיפְגֶערִיקְט אַבִּיסֶעל אוּנ עֶס קוּקֶען אַרוֹיס בִּגְנֵיבָה הָאר. קֵיינֶער אִין שְׁטוּב, חוּץ אִיהר, אִיז נִישְׁטָא. זִי אִיז בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אִיבֶּערְוִוישֶׁען גְלֶעזֶער, אוֹיס וֶועלְכֶע מֶען הָאט גֶעטְרוּנְקֶען טְהֶע. פְּלוּצְלִים עֶפֶענְט זִיךְ דִי טְהִיר אוּנ עֶס קוּמְט אַרַיין—עֶר, רְפָאֵל. עֶר וִויטֶעט זִיךְ מִיט אִיהר בִּנְעִימוּתְדִיג אוֹיף דֶעם נַייֶעם שְׁנִיט אוּנ פְרֶעגְט זִי אוֹיפ'ן פָאטֶער. זִי וֶוערְד עֶפּיס צוּ מִישְׁט, רִיקְט גֶעשְׁוִוינְד אַרָאפּ דָאס טִיכִיל אוּנ שְׁוַוייגְט. אִיהם גִיט עֶס עֶפּיס אַ נֶעהם, עֶר זֶעהְט פַאר זִיךְ אַ שֵׁיינְהַייט, נָאךְ גָאר אַ קִינְד — אוּנ שׁוֹין מִיט אַ צוּגֶערֶעקְטֶען קָאפּ! עֶר קוּקְט אַ וַוייל אוֹיךְ אָהְן וֶוערְטֶער אוּנ אִיז פַארְנַאפְּט. בַּאלְד אָבֶּער גֶעפִינְט עֶר זִיךְ ווִידֶער אוּנ פְרֶעגְט, אוֹיבּ דֶער טַאטֶע וֶועט בַּאלְד קוּמֶען,



זִי טְרַאכְט עֶנְטְפֶערֶען נֵיין, נָאר נִישְׁט ווִילֶענְדִיג חַאפְּט זִיךְ אִיהר פוּנ'ם מויל אַרוֹיס „יָא" אוּנ בֶּעט אִיהם זִיטְצֶען, וואוּנְדֶערְט זִיךְ דֶערְנָאךְ אַלֵיין דֶערוֹיף, וָואס זִי הָאט דָא גֶעטָאן, נָאר פַארְפַאלֶען. אוֹיךְ דִי אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה טַאקִי מִיט אִיהם, אֵיידֶער זִיךְ רֶעכְט צוּבֶּע-דֵיינְקֶען זִיטְצְט עֶר שׁוֹין, אַרָאפְּגֶעלָאזְט דִי נָאז. וִוי דֶער גוּטֶער יָאהר וָואלְט אִיהם גֶענוּמֶען אוּנ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוֹיפ'ן בֵּיינְקִיל. אִין קָאפּ פִּיקְט עֶס אִיהם אַלְץ אִין אֵיין פִּיקֶענִישׁ: קוּם, קוּם, בְּרוּדֶער, זַיי נִישְׁט קֵיין לֶעקִישׁ! אוּנ דָאס הַארְץ אָבֶּער דֶערְלָאזְט אִיהם נִישְׁט, אַלְץ: זִיטְץ, זִיטְץ, נִישְׁקָשֶׁה! דִי הַאנְד דֶערְוַוייל גֶעהְט פוּן זִיךְ אַלֵיין—נֶעהְמְט אוּנ דְרֶעהְט אַ פַּאפִּירָאס. חַנְצָה אִיז גֶערֶען חָאטְשׁ מִיט וָואס ס'אִיז צוּדִינֶען אוּנ טְרָאגְט אוּנְטֶער אַ פֶּעקִיל שְׁוֶועבֶּעלִיךְ. רְפָאֵל דַאנְקְט, זוּכְט אוּיס עֶפּיס אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ, תְּחִלַּת גֶעהְט עֶס שְׁוֶוערְלִיךְ, קוּרְץ, אִיבֶּער-גֶעהַאקְט, עֶס קְלֶעפְּט זִיךְ נִישְׁט. עֶר—אֵיין מָאל אַ פְרֶעג, וַוייטֶער אַ פְרֶעג, גְלַאט אַזוי פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט, אוּנ זִי אַלְץ: יָא, נֵיין, אַ שָׁאקֶעל מִיט'ן קָאפּ, נָאר דֶערְנָאךְ שְׁפִּינְט זִיךְ דָאס גֶעשְׁפְּרֶעךְ שׁוֹין גְרִינְגֶער, לַיינְגֶער. מֶען רֶעדְט אִיבֶּער דֶעם גְלוּפְּסֶקֶען עוֹלָם, אִיבֶּער גְלוּפְּסֶקֶער „אַרִיסְטָאקְרַאטְצֶען" — מִינֵי יוּדֶעלִיךְ אַזֶעלְכֶע, אוֹיפְגֶעוִוירֶעוֶענֶע הוֹיזֶען-בְּלָאזֶען. חַנְצָה אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ צוּ ווִיסֶען אוֹיבּ עֶר אִיז אוֹיךְ פוּן דֶער קָאמְפַּאנִיֶע אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט'ן קָאפּ, זִיךְ שְׁטַארְק פַארְקְרִימֶענְדִיג, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען עֶרְגֶער נָאךְ וִוי זֵיי גֶעשָׁאלְטֶען אִין טַאטֶען אַרַיין, אִיז זִי עֶפּיס לֶעבֶּעדִיגֶער גֶעוָוארֶען.

—דֶער טַאטֶע מַיינֶער—זָאגְט זִיא—הָאט זֵייא נִישְׁט לִיבּ, אָנְקוּקֶען קֶען עֶר דִיא דָאזִיגֶע לַייט נִישְׁט.

—אַ אַ, דֶער טַאטֶע!—מַאכְט רְפָאֵל אוּנ דְרֶעהְט מִיט דֶער נָאז, וִויא עֶס הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעשְׁמֶעקְט—זַיין נִישְׁט קָאנֶען אָנְקוּקֶען אִיז עֶפּעס אַנְדֶערְשׁ.

פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִיז מֶען אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען דַארוֹיף, וָואס דֶענְסְטְמָאל הָאט עֶס גֶעהֵייסֶען גְזֵירוֹת, דִי גְזֵרָה פוּן שְׁקָאלֶעס אוּנ דֶער בְּלַייבֶּען, רְפָאֵל הָאט גֶעמַאכְט אַ רֵיידֶע דֶערְפוּן מִיט אַ מֵיין—אַרַיינְוַוארְפֶען אִין חַנְצָהן אַ פוּנְק, אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען בֶּעווייזֶען, אַז דִי גְזֵירוֹת וֶועגְן גָאר קֵיין גְזֵירוֹת נִישְׁט. אִין מִיטֶען דֶעם שְׁמוּעס עֶפֶענְט זִיךְ דִיא טְהִיר, עֶס וַוייזְט זִיךְ אַ גְרוֹיסֶער טַלִית-אוּנ-תְּפִילִין-זַאק פוּן אַ בֶּן-פְּקוּעָה פֶעלְכֶען, אַרוּמ-גֶעלַאמֶעוֶועט מִיט בְּלוֹיעֶ קְרֵייקֶעס, אוֹיף וֶועלְכֶע ס'אִיז אוֹיסְגֶענֶעהְט עֶפּיס וַוייסֶע צֵייכֶענְס אוּנ צִיפְרֶעס פוּנ'ם יָאהר. אַ הֶענְטִיל, גִיט אַ שְׁמִיר דִיא מְזוּזָה, עֶס הֶערְט זִיךְ אַ קוּשׁ—אוּנ אִין שְׁטוּב רִיקְט זִיךְ אַרַיין מִיט אַ מְשׁוּנָה ווִילְדֶען גוּט-מָארְגֶען אַ קְלֵיין יוּנְגֶערְמַאנְטְשִׁיקִיל, אַ דַארְס, אַ בְּלֵייכְס אִין אַ לַאנְגֶער לַאסְטִיקֶענֶער קַאפָּאטֶע מִיט אַ יַם-שׁוּימֶען שְׁטֶעקֶעלֶע אִין דֶער הַאנְד. בֶּנְצִיָה וַוארְפְט אַ בְּלִיק אוֹיף חַנְצָהן, אוֹיף רְפָאֵל'ן. שְׁטַארְק וֶוערְד רוֹיט וִויא אֵיין אִינְדִיק אוּנ לוֹיפְט דוּרְךְ מִיט דִיא פִּיסֶעלֶעךְ גֶעשְׁוִוינְד, אִין דֶעם בֵּייזֶען בְּלִיק זַיינֶעם אִיז נִישְׁט גֶעלֶעגֶען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט צוּ זִיךְ אִין חֵדֶר-ל אַרַיין. חָלִילָה! וִויא קוּמְט עֶס צוּ אִיהם? פְרֶעגְט דָאס, וָואס מֶען רוּפְט עֶס „פֶפֶעפֶערְזִיכְטִיג", חָלוֹמֶען אֲפִילוּ וָואלְט זִיךְ אִיהם נִישְׁט גֶעקֶענְט אִיהם בְּחֵרֶם אַזוינְס גָאר צוּטְרַאכְטֶען, אַזעלְכֶעס... נָאר וָואס דֶען? אִיהם הָאט אוּנְטֶערְגֶעטְרָאגֶען גְלַאט אַזוי, גָאר אָהְן אַלֶע חָכְמוֹת, דָאס שְׁמוּעסֶען אִיהְרֶם מִיט אַ מַאנְסבִּיל, אִיהְר זִיטְצֶען מִיט אִיהְם אָהְן אַ שׁוֹמֵר, דָאס אַלֵיין אִיז אֵיין עֲבֵירָה, ס'אִיז דָאךְ דָא דֶערוֹיף בְּפֵירוּשׁ אַ דִין—מֶען טָאר נִישְׁט... פּוּנְקט אַזוי וָואלְט אִיהְם אוֹיךְ גֶעאַרְט אַ פְלֵיישִׁיג טֶעפִּיל בַּיים פַייֶער לֶעבִּין אַ מִילֶכְדִיגְם, ס'אִיז נִישְׁט רֶעכְט, נָאךְ אֵיידֶער גָאר עֶס קֶען וֶוערֶען אַ שַׁאֲלָה...

חַנְצָה אִיז גֶעבְּלִיבֶּען זִיטְצֶען וִויא אָפְּגֶעבְּרִיהְט, אִין אִיהְר אִיז פַארְגֶעגַאנְגֶען אַזעלְכֶעס, פוּן וָואס זִיא הָאט אִין אִיהְר לֶעבֶּען נָאךְ נִישְׁט גֶעוואוּסְט—אַ גַאנְצֶער קְנוֹיל פוּן פַארְמִישְׁטֶע גֶעפִיהְלֶען. דָא-פִיהְלְט זִיא אַ בּוּשָׁה, גְלַאט „מַאן" אַלֵיין אִיז עֶפּיס

בריקרע, עס בעדארף זיין בסוד, גישט ארויסקווייזען עס פאר לייט; דא-איז איהר גישט ניחא דאס שלימזל איהרס, דאס אריינקומען זיינס, זיין געשטאלט אלץ מיט-איינאנדער, מישטעהנס-געוואנט, נאס דיינקט וועגען איהם רפאל? פע, וויא קומט דער, איהער, צו דעם! דא-איז זיא ביז אויף זיך אליין וואס געהער זיא זיך אן אט מיט דעם? לאז ער זיך דיינקען וואס ער וויל, אלץ איינס; דא פיהלט זיא זיך בעליידיגט פאר דעם מאן, פארוואס זאל יענער דיינקען פון איהם שלעכט, ער איז דאך פארט איהרער. עס פארדריסט זיא צו-וואס האט זיא דא איהם פארהאלטען, א פרעמדען מענשען. וואס וויל זיא, וואס פארלאנגט זיא! אונ דא-פיהלט זיא וויא עס ציהט איהר עפיס דאס הארץ, עס ציהט, ציהט א שרעק! — ס'איז אינוועניג אין איהר א קאכעניש, א פלאנטעניש, זיא מינעט זיך, דיא פארב שטעהט איהר אין פנים אונ זיא איז וואונדער שיין, שעהנער נאך וויא פריהער. רפאל פארשטעהט איהר לאגע, פיהלט אז איצט וואלט גלייך גיוועזן זיא לאזען צורוה. ער רייסט זיך, כייסט זיך אוועק געהן, נאר אומזיסט—ער קען פון איהר דיא אויגען גישט אפרייסען. ביידע שווייגען, זיצען וויא אויף שפילקעס. באלד אבער קומט אן לייבצע אונ גענומט אוועק רפאל צו זיך אין חדר שמועסן עסק.



# פאר'ן באדעקענ'ס.

## (צוויי סצענקעס)

(Посвящается Рахиль-Леѣ Осиповнѣ Майлисъ, урожд. Соловьевъ).

דראגיזעוויקי גרייט זיך, ריינגט זיך; די מיידלאך אויף שרויפען, די בחורים ווי פארסמ'טע לויפען, האפען, טראגען, דאס גאנצע שטאדטיל ווי אויף שפילקעס, הייסע קוילען. דראגיזעוויקי איז יום-טוב-דיג, פרייט זיך, גרייט זיך, פוצט זיך.

אין שול, אין מארק, אין גאס, אין אללע הייזער, רעדט מען וועגען דעם גביר'ס חתונה, וועגען דער כלה וואס איז אראפ פונ'ם פנים, וועגען די מחותנים וואס זענען אנגעקומען פון אללע זייטען, וועגען דעם חתן וואס איז אזוי דאר, קוואר, אויסגעווייקט מיט איין ווארט: וועגען אלם, וועגען אללע קליינינקייטען. דראגיזעוויקי שעפצעט זיך, דראגיזעוויקי סוד'ט זיך, דראגיזעוויקי קאכט! — ביי ביילקען דעם גביר'ס טאכטער איז חתונה!.... אין דראגיזעוויקע איז נייעס אויפן פוד, אויפן טשעטווערט, איין נייעם גראסער פונ'ם צווייטען. וועגען ליגען איז גאר ניטא קיין רייד — אין מלך'ס אוצר איז ניט דא אזוי פיעל מטבעות פיעל ליגען ווערען בעשאפען אללע שעה.

פון שלום-שכנא דעם דייטשס גאלאנטערייע קראם לויפען אויף גיך, געשווינד יונגע מענשען אונ טראגען סחורות אללערליי, ווער עס טראגט א זאנטיק, ווער פודרע ווער דובעס מיט האגרשוה, קווייטען אונ ליענטעס, האר-נאדלען מיט שפילקעס.

I.

### ארצי דער כלי-זמר.

ניט ווייט פונ'ם בית המדרש זיצט „ארצי דער כלי-זמר" אדער „ארצי דער פידלער", אין איין אלט געדונגען הייזעל, זיצט אונ קלאגט זיך אויף היינטיגער שלעכ-טער וועלט, אויף די נייע מאדעס אונ צרות, אויף די גבירים, וועלכע ווייסען ניט וואוהין די געלד אויסבריינגען. ארצי איז געוועזן אן-אלטער „כלי זמר", איין אלטער אויסגעשפיעלטער כלי זמר, ד. ה. ער האט אזוי לאנג געשפיעלט ביז ער האט זיך אויסגעשפיעלט, ביז ער האט פארגעסען וואס ער האט געקאנט. ער איז געוועזן, ווי

זאגט מען דאס, א „מעין המתגבר" — אקוואל וואס הערט ניט אויף צו קוועלען וואסער. קיין נאטען האט ער ניט געלערנט און האט ניט געוואוסט, נאר פון זיך אליין האט ער נגונים אויסגעקלערט, נייע קאראהאדען געמאכט. א מאהל... ווען ארצי דער כלי זמר איז געווען תקיף, ווען חוץ איהם, האט מען אין שטאדטעל גערעכנט, איז ניטא קיין רעכטער כלי זמר אויף דער וועלט, דאמאלס האט ער נאך צו זיך געהאט א קאמפאניע: שעפסעל דעם באס, מרדכי-בער דעם קלארנעטשיק, אדער דער פייפאל, שלמה דוד דעם טרובאטש און יאסעלע פייקלער. נאר צייט מען איז געוואהר געווארען אז עס איזט דא אין רעמענטשוג כלי זמר מיט ביכער, און יעדע כלה האט אנגעהויבען שרייען אז ניט די רעמענטשוגער כלי זמר, וואס שפילען פון די ביכער, וועט זי צו דער חופה ניט געהן, — פון יענער פינצטערער ביטערער צייט אן איז ארצי'ן אוועק שלים-שלימזל. די קאמפאניע איז צוקראכען געווארען, שעפסעל דער באס איז אוועק אין אמעריקא און איז געווארען א שניידער, מרדכי-בערעלע פייפאל האט חתונה געהאט און איז געווארען א מוכר תבואה'ניק, שלמה דוד דער טרובאטש האט זיך פארקיהלט און איז אפגעשטארבען (אלטע ווייבער האבען דאמאלס דערציילט אז ער איז אליין אין אקעלער שבת צו-נאכט געקראכען און איז דארט ר"ל געחאפט געווארען...) אזוי אז נאר יאסעלע פייקלער איז געבליבען ביי זיין פראפעסיע — א פייקלער, און פלעגט צייטענווייז העלפען ארצי'ן אפרייבען אן-ארימע חתונה, פון וועלכער ארצי פלעגט האפען אכט — צעהן רובל. עס איזט שוין דא א יאהר צעהן אז ארצי איז אראפ פון זיין „גדולה", עס איזט שוין דא צעהן יאהר אז אויף עפעס א פאחאזשער חתונה נעמט מען איהם ניט, דאך רעכינט ער שטענדיג, ווען עס מאכט זיך א בעל הבית'ישע חתונה און רעמענטשוגער כלי זמר קומען שפיעלען, אז מען גזלט ביי איהם זיין ברויט, אז עס קומט איהם, אז ער שפיעלט ניט ערגער פון די כלי זמר וואס שפילען פון די ביכער. נאר ווייל עס איז ניטא וואוהין אהין טהון דאס געלד, ברייננט מען כלי זמר מיט ביכער פון רעמענטשוג און מ'צאהלט זיי די גוטע געלד אומזיסט און אומנישט. קומט פאר א בארעקענס דערמאנט זיך ארצי אויף אמאהליגע גוטע יאהרען, ווען ער האט געהאט נעבען זיך א קאמפאניע כלי-זמר, און פון אללע זייטען פלעגט מען איהם שטעקען „ממון קרח" אבי ער זאל געהן שפילען; עס קומט איהם פאר זיין אמאהליגע גדלות, ווי ער איז אין קיינעם ניט געשטאנען, פארקעהרט — מען פלעגט נאך איהם אבגעבען כבוד די געפאלענע בעלי בתים, כדי ער זאל וועלען שפילען אויף זייערע טאכטערס חתונות... און נאכדעם — קומט איהם פאר — היינטיגע אונגליקליכע, ביטערע יאהרען, זינטער מען איז דערגאנגען אז ס'איז דא כלי זמר מיט ביכער... — דערמאנענדיג זיך אויף דאס אללעס פארקלעמט איהם דאס הארץ און ער נעמט זיך צו דער אלטער בעקאנטער — צו דעם פידעל. ער נעמט אראב פון'ם וואנד דעם פידעל, גיט א פינף זעכס מאהל אריב מיט'ן סמיטשאק איבער די סטרונעס, קוועטשט זי גוט צו צום הארצען, ווי א פארליבטער זיין געליבטע, די קאפף פארווארפט ער אויף א זייט און די אויגען מאכט



ער צו, נאר ניט נאהר... און הייבט אן רייבען מיט'ן סמיק א טרויעריגע מעלאדיע פון „ונתנה תוקף" אדער פון „עשרה הרוגי מלכות"... דאס פידעלע שרייט פיעל כח עס האט און ארצי שטעהט ווי איין איינגעגראבענער, ער שטעהט און רייבט מיט'ן סמיק... דער סמיטשאק געהט ווי אויף פוטער, דען ארצי איז א כלי זמר ניט פון נעכטען און ניט פון נאר-א-יאהרען, ער שפיעלט שוין א יאהר פערציג פינף און פערציג יאהר, ער איזט שוין אן-אויסגעשפילטער כלי זמר. און שפיעלענדיג אזוי האט ער זיך יעצט פארטיפט אין אזא „ענין", וועלכער לאזט איהם ניט רוהען ניט ביי טאג ניט ביי נאכט. ער קלערט: וואו נעמט מען אן-איידעם פאר זיין איבערגע-וואכסענער טאכטער סאסיע-דוואסיע'ן. עס זענען דא פיעל חתנים — שוסטער, שמידען און שניידער, וועלכע וואלטען מיט ביידע הענד גענומען זיין טאכטער, נאר ניט דאס איז זיין סיין, ניט דאס איז זיין צוועק און ניט אויף דעם האט ער געהאפט, געווארט. ארצי'ן ווילט זיך חתונה מאכען זיין טאכטער פאר אזויגעם ווי ער — פאר א כלי זמר, נאר פאר א כלי זמר וואס שפיעלט דווקא יא פון ביכער. און אז שלום-בער דער שרכן האט איהם אמאהל געפרעגט:

— סטייטש ר' ארצי איהר זאלט עס וועלען אן-איידעם וואס שפילט פון ביכער?! היינט וואס-זשע זאלען זאגען אנדערע? וואס-זשע זענט איהר מויט ברוגז אויף די בעלי חתונה וואס ברענגען אראפ כלי זמר פון קרעמענטשוג ווייל זיי שפילען פון ביכער? הא? נאך אמאהל ר' ארצי! בעקלעהרט זיך ר' ארצי; וואס-זשע האט איהר זיך גע-באוערט אויף יאקל קוואסניק אז ער האט אייך ניט געוואלט געמען שפילען אויף זיין גאלדע'ס חתונה? איהר אליין ר' ארצי מאכט אתל פון זיך, איהר אליין קוילעט זיך. מיין עצה איז איהר זאלט זיך מתחתן זיין מיט ברוך וואסערקאפ פון ראחאל, זיין זוהן שפילט גאנץ גוט, טאמער ניט פון ביכער זענט איהר אונגליקליך? בלייבט איהר אן א איידען! הייסט מיר ר' ארצי שרייבען קומען אויף תנאים, לאז עס זיין מיט מזל און אין א גוטער שעה, לאז זיך אייך ר' ארצי ניט חלום'ן א כלי-זמר מיט ביכער, ווייל זיי זענען נאך וועניג אויף דער וועלט, דערפאר זענען זיי ביי זיך אזוי פארריסען... פאלגט מיך ר' ארצי און הייסט מיר שרייבען קומען אויף תנאים...

— איך ווייס אליין גאנץ גוט, ר' שלום-בער — האט איהם ארצי געלאסען געענטפערט — אז די נאטען זענען חוזק, איך שפיעל היינט אויך בעסער פון זיי, נאר וואס זאל מען אבער טוהן אז מען פאדערט עס היינטיגע צייט? ניין, ר' שלום-בער, שרייבט ניט, טהוט ניט וועגען דעם שדוך, זייט איהם ניט מרבה בהוצאה אומזיסט, ווארום קיין אנדער חתן וויל איך ניט פאר מיין טאכטער און עס איז דברים בטלים, פוסטע ווערטער קראצט עפיס אויס א כלי-זמר מיט נאטען, דאמאלס וועלען מיר שרייבען תנאים אין איין מינוט, דאמאלס פאדאוואי... איך האב שוין אזוי פיעל געווארט, דארף מען שוין נאך א ביסעל ווארטען, מאמער וועט פארט גאט צושיקען דעם בעשערט'ן — א כלי זמר מיט נאטען...

ארצי האט גערעכנט אז ווען ער נעהמט א חתן פאר זיין סאסיע-דוואסיע'ן א כלי-זמר וועלכער קאן גוט נאטען, קעהרען זיך צו איהם אום אמאהליגע גוטע יאהרען. דאמאלס וועט ער צוזאמען קלויבען א קאמפאניע כלי זמר וואס שפילען אויף נאטען און וועט ווי ס'איז פטור ווערען פון די רעמענטשוגער כלי זמר. דאמאלס וועט ער האבען פרנסה אויפ'ן פולען מויל און ארצי וועט בלייבען ארצי „און דראגיזעוויקי וועט בלייבען דראגיזעוויקי".

אין אזא אופן, אין אזא לאגע, וועהט מען ארצי'ן עטליכע מאהל אין יאהר, ווען עס שפיעלט זיך א בעל-הבתי'ישע חתונה און קרעמענטשוגער גזלנים מיט די ביבער קומען צונעהמען ארצי'ס חיות, ארצי'ס פרנסה, ארצי'ס שטיקעלע טרוקענעם ברויט. שטענדיג טרעפט זיך עס ביי איהם פאר'ן חתן-מאהל, אדער „פארן באדעקנ'ס", ווען די „רעמענטשוקער באסיאקעס", (ווי ארצי'ס ווייב רופט זיי) מיט די נאטען פלעגען קומען צו פאהרען, און עפים ווי אויף צו להכעיס פלעגען זיי געהן מיט זייער גאנצער קלאפער-געצייג פארביי ארצי'ס הויז און נאך זיי א גאנצע סטאדע יונגלעך מיט מיידלעך אפגעריסענע, אפגעשליסענע, פארפינצטערטע, פארפאטשקעטע. ארצי'ן פאלען איין די דמים דערזעהענדיג די חברה; ארצי'ן חאפט אן א מין קדחת — אט נעהט דורך א גרויל איבער'ן גאנצען לייב און עס ווערט איהם קאלט; און אין א מינוט ארום ווערט איהם היים אז ער הייבט אן שוויצען; אט ווערט ער אין כעס, היטציג, טשיפעט צונויף מיט די צאהן ווי א ווילדע חיה... און באלד, אויפ'ן ארט, בלייבט ער אפהאנדיג, אהן לשון, חאטש מעלק איהם אוים, און טרעהרען שטעלען זיך ביי איהם אין די אויגען ווי ביי א קליין קינד... איהם דוכט זיך אז זיי געהען איהם גזלנ'ן, זיין געלד צונעמען, זיין גוטס ראבעווען און נאך מעהר זיין כלי-זמרישען כבוד — זיין קענען שפיעלען אוועק נעמען, און אין דער וועלכער פאזע האט מען איהם געזעהען „פאר'ן באדעקענס" ביי בייליקען דעם גבירס טאכטערס חתונה.

דערזעהענדיג די קרעמענשוגער קאמפאניע כלי-זמר, אדער ווי מנוחה ארצי'ס ווייב רופט זיי: די רעמענטשוקער באסיאקעס מיט די ביבער, האט איהם אנגעהויבען ציטערן האנד און פיס, דאס פנים האט בעקוממען אלערליי קאלירען — רויט און בלאס, גרין און געל. באלד האט ער זיך געחאפט צו דער פידעל און האט א שפיל געגעבען א טרויעריגע, זעהר א טרויעריגע, מעלאדיע פון „הנני העני"... און איז ווי פערגליווערט געוואָרען.

מנוחה די ווייב זיינע, ווייסענדיג זיין אונגליק, איז זיך געשטאנען אויפ'ן שוועל פון דער קיך-טהיר, האט בימער געזיפצט, מיט'ן קאפף צוגעשאקעלט, און צו זיך אליין גערעדט, שטיל, שטארק שטיל גערעדט, כדי זי זאל איהם ניט צומישען די רעיונות. פארוואס זי האט ביי איהם שוין אמאל געחאפט מיט'ן פידעל אין קאפף.

— ביז וואנען נאך — פרעגט מנוחה שטילערהייט פארגלאצענדיק די אויגען צום הימעל — גאטוניו הארציגער! וועסטו לאזען די רעמענטשוקער באסיאקעס מיט די ביבער צונעמען אונזער שטיקעלע ברויט? ביז ווי לאנג וועסטו אונז אזוי שטארק שטראפען?



זעה, קוק, וואס פון מיין ארצי'ן איז געוואָרען, ער איז שוין אלט און קראנק! אך און וועה איז אונז ביידען, גאט אין הימעל! צו וואס מיר האבען זיך דערלעבט. נאר די פרנסה וואלט שוין מיך ניט ארען, חאפט זיי דער שווארץ-פינצטער-בליידיגער יאהר זיי מיט זייערע ביבער מיט דער פרנסה, אבי גאט זאל מיר נאר העלפען חתונה מאכען שאסיע-דוואסיע'ן פאר א כלי-זמר מיט ביבער, דאמאלס וואלט איך גיך פטור געווארען פון זיי; דאס איז נאר שלעכט וואס קיין חתן מאכט זיך ניט. ארוח אין זיין טאטען אריין שלום-בער דעם שדכן אויך, ער מעג זיך אויך אויסברעכען האנד און פים, מסתמא אז ער וואלט געוואוסט אז ער וועט אריין-חאפען א גאנצע „פותיקע" שדכנות-געלד וואלט ער געפינען א חתן וויא אונז ווילט זיך, נאר אימער ערגער... מסתמא איז אזוי בעשערט און מסתמא איז אזוי דער ווילען פון דעם וואס לעבט עביג!... מען דארף זיך מאטערן און האפען אויף בעסער, די נשמה קען מען ניט אויסשפייען...

און ארצי שטעהט נאך אויף זיין פריהערדיגען ארט מיט דעם פידעל צוגעדריקט צום הארצען, און פון דעם דאזיגען פידעל הערט זיך ניט אויף צו גיסען זיינע צרות, זיין פארביטערט הארץ און אויך מיט א געבעט צו גאט, ער זאל אויף איהם שוין רחמנות האבען און איהם בעפרייען פון די „רעמענטשוקער באסיאקעס" מיט די ביבער.

---

## II.

# פתיחה דער רעשעטניק.

דארט אין ברעג שטאדט איז דא אן-אלט, זעהר אן-אלט הייזעל, די שטרוי וואס אויפ'ן דאך איז שוין פארוואקסען מיט גרינע שוועמלעך מיט אלערליי גראזען, די פענסטער זענען פארזונקען ביז האלב אין ערד, די פריזבעס צוואלגערט, צופאלען און די טהיר צום גאס שטעהט אויף א זייט, גוט אויף א זייט. אין דעם ארעמען הייזעל זיצט א יודישע טאכטער אויף איין אלט קעט פון דריי פים, פיין אויסגעפוצט און אנגעטהון אין א רייכער ניי-מאדישער שליאפע מיט'ן נאמען „ראזבאיניק", זיצט און גיסט מיט טרעהרען, נעבען איהר שטעהט איהר פאטער אן-אלט-מאדישער, אן-אלט-וועלטיגער יוד, א יוד פון א יאהר פופציג, און פרעגט זי:

— זאג מיר פייגעלע וואס וויינסטו? וואָרום געהסטו ניט אויפ'ן באדעקענס? זעה אברהם'ל דעם קאוואל'ס טאכטער זענען שוין לאנג אוועק געגאנגען. מסתמא איז שוין פעראנען עפעס א נייעס, הא? זאג שוין זאג; די מאמע הייסט דיר ניט געהן? די מאמע? הא? זאג שוין זאג.

— וואס וועל איך דיר דארט טוהן? — האט געענטפערט די טאכטער מיט א באזער — געהן שווארצען די אויגען? יאיזיק דעם קבצנ'ס טאכטער האבען צוויי פאר פערטשאטקעס טיאמנע פילדאקאסענע און זיידענע ליבטיגע, וואס פארמאגט גיט אויף

מאָרגען קיין ברויט ; און איך אך און וועה איז מיר ! האָב ניט אפילו איין פּאר , אפילו ווען עס מאַכט זיך א גבירישע חתונה .

— און אז אָהן האנדשקעס הייסט שוואַרצען די אויגען , די אויגען שוואַרצען ? א קלאָג איז צו מיר ! היינט וואָס זאָל נעבעך טוהן דאָס מיידעל , וועלכע האָט ניט פון וואַנען האנדשקעס קויפען , קויפען האנדשקעס ? יעצט דאַרף מען דאַנקען דעם אויבערשטען , ווען מען פאַרדיענט אויף טרוקענעם ברויט , ניט אויף דער רוח ווייסט וואָס , אויף טרוקענעם ברויט אז מען פאַרדיענט .

— דו ווייסט ניט וואָס מען טהוט ? אז מען האָט קיין פערטשאַטקעס געהט מען ניט אויף חתונות . — מסתמא בין איך גירעכט וואָס איך זאָג אז דו מיט דער מאַמען ציטערט איהר שטענדיג פאַר'ן „דלות״ .

— מען טאָהר אויף א מאַמען ניט רעדען , אויף א מאַמען . דו ווייסט ווי איך האָרעווע און ווער אויסגעריסען ביז איך פאַרדיען דעם רובעל , פאַרדיען איך , דאַריבער זשאַלעוועט זי אויסברייגנען דאָס געלט אויף נאַרעשקייט , אויף שמאָכטעס מיט טריאַפּקעס , אויסברייגנען דאָס געלד .

— פערטשאַטקעס זענען אפשר אויך שמאָכטעס מיט טריאַפּקעס ? האָט די טאָכטער זיך אָנגערופען — שמאָכטעס הייסט דאָס וואָס קיין נוטץ ברענגט ניט , וואָס איז גאָר ניט ווערט , אָבער ניט פערטשאַטקעס , אָן וועלכע מען קאָן צווישען מענשען ניט קומען .

— נו לאָז זיין גענוג טענה'ן , לאָז זיין אז דו ביזט גערעכט , לאָז זיין . נאַ דיר פינף און זעכציג קאָפּ' און קויף זיך פאַר זיי זיידענע האנדשקעס , נאָר דער מאַמען זאָלסטו זאָגען אז נאָר דרייסיג-קאָפּ' קאָסטען זיי , נאָר דרייסיג , הערסטו פויגעל ? פאַרגעס-זשע ניט .

— גיב-זשע מיר נאָך פינף און דרייסיג קאָפּ' אויף א פּלעשעלע דוכעס — האָט פויגעל געזאָגט מיט א ברוגז-קול ווי אונטער די נאָז און די אויגען אויף דעם ערד אַראָפּגעלאָזט .

— געבין זאָל שוין דיר גאָט א גוט יאָהר , זאָל ער דיר שוין געבין , געזונד זאָלסטו מיר זיין — ענטפערט פתחיה , קראַצענדיג מיט'ן האַנד דעם אויסגעדאַרטען האַלדז-און-אַקען — איך האָב היינט גאָר און גאָר פאַרדינט נאָר פערציג קאָפּ' , פאַרדינט , און דו ווילסט צונעמען א קיילעכיגען רובעל , א קיילעכיגען .

— ווער האָט דיך ניט געלאָזט מעהר פאַרדיענען ? — האָט ווייטער מיט א באַזער די טאָכטער געפרעגט .

— אַ-אַ-אַ ! פאַרדיען אז עס פאַרדיענט זיך ניט . די כחות טראָגען ניט אויף מעהר , טראָגען ניט , און ס'איז ניטא ביי וואָס . א דאַנק דעם אויבערשטען פאַר דעם אויך . אז ייזיק זיצט שוין העכער א חדש נאָר אָן ברויט , איז איהם דאָך נאָך ערגער ווי מיר , נאָך ערגער .

רעדענדיג די ווערטער האָט ער אַריין גערוקט די האַנד אין קעשענע און האָט אַרויסגעשלעפּט די לעצטע ביסעל מינץ , געבענדיג זאָגט ער :



— נאַ דיר פויגעל די לעצטע עטליכע קאָפּ' , די לעצטע , און געה דיר געזונטער-הייד אויף באַדעקענס , וואָרום עס איז שוין שפּעט . דאָרט דאַרף זיין פינף און פופציג קאָפּ' וועסטו זיך נעמען דוכעס און די איבעריגע וועט דיר בלייבען אויף טאַנצען , וועט דיר בלייבען . מען דאַרף דאָך די כלי-זמר אויך פאַרדאַנגה'ן , די כלי-זמר

פויגעל האָט צוגענומען מיט גרויס שמחה די עטליכע צעהנערס און איז ווי א פייל פונ'ם בויגען ניט געוואָרען , זי איז אַוועק און איהר מוטער קומט אַריין פון קראָמעל , וואָס זי האָט געהאַט אין מאַרק , און פרעגט פתחיה'ן :

— וואו איז די משוגענע ? זי איז בעסער געוואָרען נאָך די קלאָפּ , זיא איז אַוועק אין האנדשקעס ?

— אט הער שוין אויף , חאַסיע . וואָס ווילסטו פון א קינד , וואָס ווילסטו ? זי זעהט אז יענער געהט ווילט זיך איהר אויך , ווילט זיך איהר . און פאַר וואָס דען ניט ? פאַר וואָס ? אז ניט היינט , טאָ ווען זשע דען וועט זיא הנאה האָבען פון איהר לעבען ? הנאה האָבען ? יעצט איז איהר צייט . אז זי וועט האָבען אייגענע קינדער , אז זי וועט האָבען , דאַמאָלס וועט זי צייט האָבען פאַרשוואַרצט ווערען , וועט זי צייט האָבען .

— א קינד ! נו — נו — א פיינע קינד , א קינד ווי אשר די גרויס ! ביי לייטען האָבען שוין אַזעלכע קינדער צו צוויי דריי קינדערלעך , העלף מיר אַזוי לעבעדיגער גאָט , ווי איך וואָלט עס שוין אויך וועלען האָבען דעם נחת פון איהר ... אַזאַ מויד ווי אונזער פויגעל האָט געדאַרפט גוט פאַרשטעהן אז דעם טאַטען קומט אָן דער גראָשען מיט נויט-שוויים , און זי וויל פטרין גאַנצע רובעלס אויף דער שוואַרץ-יאָהר ווייסט וואָס — אויף האנדשקעס ! אוי חלם'ער ! ווען וועסטו שוין אויף זיך אויך א ביסעל רחמנות האָבען ?

פתחיה דער רעשעטניק האָט געקוקט זיין חאַסיען גלייך אין די אויגען , ווען זי האָט געעפענט איהר „מענה לשון״ , איהר שוואַרץ פּיסקעל מיט די צוויי בלאָע ליפּעלעך און ער האָט אָנגעהויבען שמייכלען . חאַסיע האָט גוט געקאַנט און פאַרשטאַנען איהר פתחיה'ס שמייכלען , אז ער האָט שוין געוויס עפּיס אָפּגעטהון , דאַריבער האָט זי איהם געפרעגט :

— זאָג מיר נאָר פתחיה , דו האָסט פויגלען געגעבען געלד אויף האנדשקעס ? עפּיס אַזוי פאַרשטעה איך נאָך דיין נאָז .

— יאָ חאַסיע , יאָ , איך האָב איהר געגעבען , אָבער נאָר דרייסיג קאָפּ' , נאָר דרייסיג — האָט פתחיה געענטפערט מיט א שמייכעל .

— אך , פתחיה , פתחיה ! פון דיר , ווייא איך זעה , וועט קיין גוטס ניט זיין . דו וועסט פייגערין האָרעווענדיג און וועסט זיך אפילו קיין שבת'דיגען סורטוק ניט מאַכען . גיב א בליק אין שפּיגעל אויף דיין שוואַרץ פּנים ווי ביי א קוימען-קערער , דו ביזט דאָך שוין אויסגעדאַרט ווי א שטעקען , די נשמה האַנגט אויפ'ן שפּיץ נאָז , און דו הערסט ניט אויף האָרעווען ווי טאָג אַזוי נאַכט , קליידען אונזער באַריני , אונזער פריצתה .

אקליינינקייט? זי דארף האנדשקעס! אזוי, זעהקארסט, וועט מען זי חלילה ניט דערקאנען אז זי איז חאסיע דער רעשעטניצעס טאכטער! וואו הערט זיך עס אין אוועלט מען זאל אזוי נאכגעבען קינדער? הא? אוי, אוי! פרא אדם! וואו נעמען זיך היינטיגע יאהרען אזוינע פראים אויף גאטס וועלט?! זעה נאר עס וואלט איהר שאדען צו אשרוך, ווען זי וואלט געהן אהן האנדשקעס! אזוי וואלט זי גענומען ראטהשילד'ס זוהן אונ אהן האנדשקעס — בעניע דעם קצב'ס. א פינצטערע מפלה זאל אויף דער גזלן־טע, אויף דער רצחן־טע, ניט אנקומען!

— אבער גענוג דיר רעדען חסיע, גענוג. האדי דיר שוין שעלטען, וואס ארט דיך פאר מיר אז איך הארעווע אונ ווער פארשווארצט? איך נעם דאך ניט פון דיין קראמעל, איך נעם ניט. איך הארעווע אליין אונ גיב איהר.

— פארשטאפ דאס מויל, אלטער נאר! פון מיינעטוועגען מאגט איהר ביידע איינ־נעמען אמיתה משנה, אז קיין טאטער אונ קיין דאקטאר זאל אייך ניט העלפען! — חאסיע האט מיט כעס אקלאפ געגעבען מיט'ן טהיר, אנטלויפענדיג אין מארק, אז די קרייד פונ'ם באלקן האט זיך א שאט געגעבען ווי א האגעל.

פתחיה דער רעשעטניק איז געבליבען שטעהן אין מיט'ן שטוב דערשראקען, בערעשט. אפילו דאס איז ביי איהם געווען ניט פון די גרויסע נייעס, ער האט שוין געוועהען זיין חאסיען אין אלערליי סצענעס, דאך פלעגט עס אויף איהם יעדעס מאהל שטארק ווירקען.

— אך, איז דאס א שלאק, איז דאס — האט פתחיה געזאגט קנייצענדיג מיט די פלייצעס, ווען ער איז צו זיך אביסעל געקומען. — זיא איז אפילו גערעכט — מען הארעוועט, מען דערשלאפט ניט אונ מען דער עסט ניט ביז מען פארדיענט דעם רובעל, ביז מען פארדיענט; פלוצים קומט א שד, א טייפעל, א שווארץ־יאהר אונ נעהמט צו מיט אמאהל פאר דער רוח ווייסט וואס, מיט אמאהל, פאר זיידענע האנדשקעס, דובעס אונ נאך זעלבע שמאכטעס. נאר אזוי צוקאכט דארף מען דאך ניט ווערען צוקאכט. דאס איז אזוי פאר דרייסיג קאפ׳. היינט וואס וואלט זיך געטהון ווען זי וואלט וויסען פון אגאנצען רובעל מיט צוואנציג קאפ׳, אז זי וואלט וויסען? דאמאלס איז הימעל שפאלט זיך! דאמאלס וואלט זי מיך גאר פת'ם שטוב דורכגעטריבען, פונ'ם שטוב — האט פתחיה ניט אויפגעהערט נאך לאנג רעדען צו זיך.

אנטקעגען פתחיה דעם רעשעטניק, פון דער צווייטער זייט גאסס, קאכט אונ זידט אויך, נאר... נאר וואו איז דען דא איצטער אין דעם גאנצען שטאדטיל א שטוב, א גאסיל אז עס זאל ניט קאכען, זידען? דארט זיפצט מען, דא פרייט מען זיך, מען וויינט מען טאנצט, מען קרעכצט מען לאכט, מען לויפט ווי פארסמ'טע, דאס גאנצע שטאדטיל אויף שפילקעס, אויף הייסע קוילען.

ביי בייליקע דעם גבירס טאכטער איז איצטער „פאר דעם באדעקענס".

פיריאטין (פאלטאוו. גוב.) 15 טען מארט 1893.

מ. מ. מאיילעס.

# איינער פון די בעסטע

I

## צו מיכל גארדאן

(געשריעבען ביי'ם הערויסגאנג זיין בוך „יודישע ליעדער")

וואס איז דאס געווארען? וואס זעה איך אונ הער? —
די קליינינקע זילבערנע גלאקעלעך קלינגען...
די טייבעלעך ווארקען..., קאנארעקלעך זינגען...
דאס וויעגעלע וויעגט זיך אהין אונ אהער...

דאס וויעגעלע וויעגט זיך... דאס לעמפעלע בראנט...
דיא באבעניו זיצט איבער מיך אנגעבויגען;
איך זעה איהרע קליינינקע, דארינקע האנד
איך קוק אין די אלטינקע, דונקעלע אויגען.

זי ארבעט דעם זאק אונ זי זינגט וויא אמאל:
„איהר זייט דאך, רב איד, אין פאלטאווע געוועזען?.."
אדאנק אייך, רב מיכל, א דאנק טויזענד מאל! —
איך האב אייער ביכעלע „ליעדער" געלעזען

איהר האט וויעדער פריילעך אונ יונג מיך געמאכט
וויא ליכטיג איז מיר אויפ'ן הערצען געווארען! —
איהר האט מיר א גרוס פון מיין קינדהייט געבראכט
א גרוס פון די ליכטיגע, גליקליכע יאהרען...

איהר זייט פון די ערשטע, וואס זענען ביי־נאכט
פון שלאף צווישען אידען געווארען ערוואכט,
צו קלאפען צו זיי אין די פענסטער אונ טיהרען —
ארויס אויף די ליכטיגע וועלט זיי צו פיהרען.

איך זעה אייער אידעשע מוזע געקליידט
אין פראסטע, אלטמאדעשע, אידעשע בגדים;
דערפאר אבער זענען זיי טאקי געניידט
בעל־הביתיש: אי שטארק, אי מיט כשרע פאדעם...

אָהן ,קוּנְצֶען, אָהן צַאצְקֶעס, פְּרָאסְטָארְנֶע אוּנ לַאנְג.
זִי זָאל אוּמֶעטוּם פְרַיי אוּנ רוּהִיג זִיךְ פִיהְלֶען –
אִין שׁוּל בַּיי'ם בַּאלֶעמֶער, אִין קְלויז אוֹיף דֶער בַּאנְק,
אוּנ אוֹיךְ אוֹיפ'ן מַארְק, וואוּ דִי יַאטְקֶע-הִינְד בִּילְלֶען...

דִי אִידֶעשֶׁע מוּזֶע! אִיהְר אִיז דָאךְ בַּאשֶׁערְט
צוּ קְרִיכֶען אִין אַלְלֶערְלֵיי אִידֶעשֶׁע בְּלָאטֶעס
מִיט חֲסִידִישֶׁע שְׁטְרַיימְלֶעךְ. פַּאנְטָאפֶעל, קַאפָּאטֶעס,
וָואס זֶענֶען אַ קוּפֶּערְנֶעם גְרָאשֶׁען נִיט וֶוערְט; –

צוּ כַּשֶׁרֶען הֶערְצֶער, צוּ שַׁייֶערֶען קֶאפּ
אוּנ חַאפֶּען נִיט זֶעלְטֶען אִי קְלָלוֹת, אִי קְלֶאפּ...
דִי אַלְטֶע יְתוֹמָה אָהן טַאטֶען אָהן מַאמֶען,
וָואס שְׁלֶעפְּט אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס אַ טָארְבֶּע מִיט גְרַאמֶען...

דֶער פַאר אָבֶער וָואס פַאר אַ פַייֶערְדִיג הֶערְ'ץ
הָאט אִיהְר בְּמַתָּנָה דֶער בּוֹרֵא גֶעגֶעבֶען! –
דֶער אִידִישֶׁע אוּמְגְלִיק, דֶער אִידֶעשֶׁע שְׁמֶערְ'ץ,
דָאס גַאנְצֶע פַארְחֹשֶׁךְ'טֶעס אִידֶעשֶׁעס לֶעבֶען –

עֶס קָאכְט אוּנ עֶס זִידְט אוּנ עֶס פְלִיסְט וְוִי אַמַייךְ
אוֹיס יֶעדֶע וְשַׁארְגָאנֶעשֶׁע שׁוּרָה בַּיי אַייךְ.
נִיטָא קֵיין צֶעזוּר אוּנ קֵיין מִשְׁקַל בַּיי'ם זֶמֶר,
דֶער פַאר אָבֶער טְהְרֶערֶען – חָאטְשׁ שֶׁעפּ מִיט אַ'נ-אֶמֶער!

דֶער פַאר אָבֶער וֵוייטָאג אוּנ טְרוֹיֶער אוּנ שְׁמֶערְץ
דֶערְצוּ מִיט'ן אֶמֶת'ן אִידֶעשֶׁען קְרֶעכְץ,
פוּן וֶועלְכֶען אַ טוֹידְטֶער קָאן לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען,
אַשְׁטֵיין זִיךְ צוּגִיסֶען אִין בִּיטֶערֶע טְהְרֶערֶען –

אָט דָאס אִיז – כָּל דִכְפִין! – קוּמְט, טְרִינְקְט זִיךְ גוּט אָן
טְרִינְקְט, אִידֶען, ס'אִיז פוּל אוּנ וֶועט לֵיידִיג נִיט וֶוערֶען –
דֶער הָדָס מִיט פֶּעפֶּער, דֶער בֶּעכֶער מִיט טְהְרֶערֶען, –
דָאס אִידֶעשֶׁע לִיעדֶעל פוּן מִיכְל גָארְדָאן!



II

## אוֹיף מִיכְל גָארְדָאנְס קֶבֶר.

נָאךְ אַ קֶבֶר, נָאךְ אַ הֶערְץ
אִיז שׁוֹין טוֹידְט אוּנ קַאלְט גֶעוָוארֶען.
פְרַיי פוּן פְרֵייד אוּנ פְרַיי פוּן שְׁמֶערְץ
פְרַיי פוּן לִיעבֶּע אוּנ פוּן צָארֶען.

אַף דֶער עֶרְד, אַף אַשׁ אוּנ שְׁטְרוֹי
פַאלְט אַרָאבּ דִי אַלְטֶע פִיעדֶעל, –
מִיט'ן טִיעפֶען לֶעטְצְטֶען „אוֹי!“
גֶעמְט אַ'נ-עֶק דָאס נַארִישׁ לִיעדֶעל.

הוֹיךְ אוּנ עֶרֶענְסְט, טִיעף אוּנ שְׁטַארְק
הָאט אַ מָאל דָאס לִיעד גֶעקְלִינְגֶען
אוּנ אַ'נ-עֶק! – אַרָאבּ פוּן מַארְק! –
הָאדְיֶע וֵויינֶען, הָאדְיֶע זִינְגֶען!...

שְׁלָאף-וְשֶׁע זִיס אִין דַיין גֶעצֶעלְט,
לִיעבֶּע, טְהַייעֶרֶע נְשָׁמָה!
נֶעם מִיט זִיךְ אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט
חָאטְשׁ דִי אֵיינְצִיגֶע נְחָמָה,

אַז דַיין לִיעד, דַיין אִידֶעשׁ לִיעד
וֶועט נָאךְ לַאנְגֶע יָאהְרֶען קְלִינְגֶען
אוּנ וואוּ נָאהְר עֶס לֶעבְּט אַ אִיד
וֶועט מֶען דַיינֶע לִיעדֶער זִינְגֶען.

שְׁלָאף-וְשֶׁע, פְרַיי פוּן לֵייד אוּנ פַיין,
שְׁלָאף, נְשָׁמָה, לִיעבֶּע, פַיינֶע!
דַיינֶע לִיעדֶער חֶעלֶען זַיין,
עֶבִּיג זַיי'ן קַדִּישִׁים דַיינֶע!...

ש. פרוג.

* *
*

ווינטער איז עס, אין דעם חדר
זיצט דאס קינד און לערנט די תורה;
טרויריג אויף דעם טישעל פאר איהם
ברענט דאס ליכטעל און עס פלאקקערט.

און ער לערנט ווי גרויס און פורכטבאר
גאטט איז וועלכער וואהנט אים הימעל:
דען עס קאנן קיין מענש מיך זעהען
און דערנאך נאך לעבען בלייבען.

און דאס קינד האט לאנג פערטראכט זיך
און עס שעפטשען שטילל די ליפפען:
וואונדערליך איז גאטט! מען קאנן ניט
זעהען איהם און לעבען בלייבען..

זוממער איז. — זייט יענעם ווינטער
זענען יאהרען פיעל פערשוואונדען;
אין דעם גארטען געהט א בלייבער
בלאססער יונגער מענש און טרויערט.

און געדענקט די נאכט אים חדר
און געדענקט די ווינטער־יאהרען;
שטילל נאר שעפטשען זיינע ליפפען:
„..ין איך קאנן לעבען בלייבען!"

זאגט, פאר וואס דען קאנן דער בלייבע,
בלאססע מענש ניט לעבען בלייבען?
האט ער גאר גאטט געזעהען
און דאריבער מוז ער שטארבען?..

דוד פרישמאן



# ניט איך ניט איך!

(נאכגעאהמט)

1

ניט איך, ניט איך: האב זי געשאפט.
ניט איך, ניט איך, זינג זי אויס,
א מילדער גייסט, א גאטטעס קראפט,
דרינגט פון מיר דאס ליעד ארויס!
אין דער שטיללער נאכט, ווען פערטיעפט
די גאנצע וועלט איז אין דרימעל,
קומט דער גייסט צו מיר און רועפט,
רועפט און שוועבט מיט מיר אין הימעל.
און ער בעצויבערט מיינע גליעדער,
צינדט אן א פונק אין מיין ברוסט,
בלאזט אויף דיא ליעבע צו די ברידער
און ווידער זינגען קריג איך לוסט.
און איך קלויב זיי באלד צוזאממען,
אללע שטיממען פון דער נשמה,
שטעל אין שורות זיי מיט גראממען
און טרעלען ..יססען פון נחמה!

2

ניט איך, ניט איך, שאף די ליעדער,
ניט איך, ניט איך, זינג זיי אויס:
נור מיין פאלק, נור מיין ברודער,
דרינגט פון מיר דאס ליעד ארויס!
פעסט צו איהם בין איך געבונדען,
מיט לייב און זעעלע, מיט געפיהלען,
זיינע צרות, זיינע וואונדען,
מוז איך זינגען, מוז איך שפיעלען.
זיינע זיפצען, זיינע אך'ען,
זיינע קרעכצען אויף יעדען שריטט
זיי צו שמעלצען, זיי צוקאכען,
זיי פערגיפטען מיר דאס בלוט.
און מיט טרעהרען אויף דיא סטרינגעס,
אויף דער הארפע פון מיין הערץ.
נאך דיא נאטען פון דיא קנות
רוישט און גיסט א קוואל פון שמערץ!

3

ניט איך, ניט איך האב זי געשאפט
ניט איך, ניט איך זינג זי אויס,
דיא נאטור דער וועלט. זי מיט קראפט
דרינגט פון מיר דאס ליעד ארויס!
איך זעה זי שאהן, מילד, און רייך,
מיט פראכט מיט גלאנץ איז זי פילל.
און ווען דאס וואלדעל מיט דעם טייך
זיך סוד'ען, שושקען ביידע שטילל
ווען וויא זאללען איבערשווימען
בלאווע וואלקען אויף דעם הימעל,
און דאס ווינטעל מיט דעם בריממען
הייבט און וויעגט דאס גראז פון דרימעל
אט דעטעלט, דעמעלט פאלט דער שטיין
פון דער נשמה, עס ווערט מיר גרינג,
און דאס לופטעל לויטער, ריין,
פריש און פריי זיפ איך און שלינג.
און דארטען, דארטען, ווייט און טיעף
טהוט דאס לופטעל אין הערץ א שטויס;
בלאזט דארט שופר, טהוט א ריעף,
און דרינגט פון מיר דאס ליעד ארויס!

פלטיאל זאמאשטשין

# דער שטערבענדער פּאעט

דער צימער איז טונקעל, און אויף זיין געלעגער
ליעגט גוסס דער אלטער פּאעט;
דער מלאך המות ער גלאצט שוין די אויגען,
און שארפט שוין זיין שווערדעל ביי׳ן בעט..

פארמאכט האט דער דיכטער די אויגען, דאך זעהט ער,
ווי מורא׳דיג שימערט דער שווערד,
איהם דאכט זיך, עס טראגט זיך אים צימער א צוגוויט
א קאלטער, פון אונטער דער ערד.

עס שוידערט דעם דיכטער, ווי פינסטערע וואלקענס
געדאנקען איהם ציהען פארביי:
וואו זענען די בלומען, די שטראהלען, וואס ער איז
גים לעבען געוועזען אזוי טריי?!....

וואו זענען די לבנה, די שטערען, מיט וועלכע
ער האט אזוי נאהענט געלעבט,
וואו זענען די פריהלינגס און זוממערס, וואס ער האט
אין ריימען און ווארטער געוועבט.

וואו זענען די שענהייט און צויבער, וואס ער פלעגט
אין לעבען געפינען צושפרייט,
און האט זיי אויף גאלדנע פּאעטישע פאדעם
ווי פערל צוזאמענגעדרייט;

און שמערצען, אפילו ווען ער האט בעזונגען,
ווי אונמוטהיג — זיסס פלעגט עס זיין,
דער טויט איז א בילד נאר פון טרויער געוועזען
בעקרענצט מיט א הייליגען שיין...

פערביטען איז אלעס... ער פיהלט זיך פערשטויסען
גענארט פון דער גאנצער נאטור.
שטאטט שאנע פאנטאזיעס א סקעלעט א שווארצער,
פון שאנהייט, פּאעזיע — קיין שפור.

די לבנה, די שטערען, די בוימען און וועלען,
זיי קימערט ניט קיינעס זיין סוף
זיי לייכטען און גלאנצען, און בליהען און טאנצען
ער שלאפט באלד זיין אייביגען שלאף

עס יאגען זיך האסטיג דיא ווילדע געדאנקען
ווי וואלקענס אין אסיען ביי נאכט,
און אונרוהיג אפענט דער דיכטער די אויגען
וואס האט איהם צו שמייכלען געמאכט?

די לבנה האט איצטער געשיינט דורך די שויבען
געקוקט אויפ׳ן בלייכען פּאעט
בעלויכטען דאס פנים, בעלויכטען די לאקען,
אזוי ווי זיא וואלט זי געגלעט.

עס שמייכעלט דער גוסס, ער פיהלט שוין דעם פריהלינג
אונד באדט זיך אין שטראהלען און ליכט
און שמייכעלענדיג שליסט ער די אויגען, די לבנה
בעלייכט נאך זיין טויטען געזיכט.

יהואש



# אויס ראַמאַנצעראָ.

1

ד'וויל מיר גלייכען אויס די פּלייצעס
אונ דער קראַנקער קאָפּ וויל רוהען —
עס פאַללען באַלד מיר צו די אויגען —
אין דער לופט דאָך יאָגען, פליהען,

טרייבען, מישען זיך אונ שוועבען
פאָדעם ליכטיגעס, אונ שפּינגען
בלומען, שטערען אונ געזיכטער,
נאָר זיי ווערען באַלד צורינגען.

איין געזיכט דאָך בלייבט שטיין לאַנגער,
שוואַרצע אויגען פולל מיט טרערען,
אונ איהר ציטטערן די ליפּפּען —
נאָר איך קאָן דאָס וואָרט נישט הערען...

2

אויף דיין באַלקאָן הענגען לאַנג מיינע אויגען,
זיי זעהען דיך נישט.
עס וועלקען דאָרט בלומען; די טהיר איז געשלאָסען,
די שויבען — פערוווישט...

אויפ'ן באַלקאָן פליהט אַרויף מיין נשמה
טשעפּאָטשיעט זיך צווישען די אייזען...
זי פּיקעט אונ דזיאַבעט ביי דיר אין די שויבען,
דו ווילסט דיך נישט ווייזען...

צוריק פליהט זי צו מיר פערבאַנגט אונ דערשראָקען,
דערשלאָגען אונ מיעד,
אונ דעמאָלט הייבט ביי מיר אָן קלינגען אין האַרץ
דאָס יאָממערליך טרויריגע ליעד

3

עס שיינט די לבנה, עס לייכטען די שטערען,
די וואָלקען — ענטלאָפען!
זאָג מיר, מיין מזל, אָה זאָג מיר, מיין גאָטט.
מאָג איך נאָך האָפּפען?



צו פיהרט נישט מיין לעצטען, מיין טרויריגען אָרון
אין הימעל דער וואָגען...
צו וועלל איך, לבנה, זעהן מאָרגען דיין שוועסטער?
וואָס וועט זי מיר זאָגען?

4

וואו ס'וועט מיין מזל מיך ערגיץ פערוואַרפען:
אויף לאַנגע, אויף טרויריגע יאָהרען!
דו האָב רחמנות, אונ לאָז מיר האָטש איבער
אַ פּיצעלע אָרט אין זכרון.

וואָס איך וועל ליידען, די ערד וועל איך קיהלען,
וואָרם וועללען דאָס האַרץ מיר אויפעסען...
איך וועל געדענקען... איך וועל דערפיהלען
ווען דו וועסט פערגעסען!

5

עס רויען זיך פינסטערע ראָבען אין מח —
פינסטערע שוואַרצע געדאַנקען —
דו קענסט זיי פערטרייבען, ליינ צו נאָר דיין האַנד
מיר צו מיין שטערן, צום קראַנקען.

פינסטערע וואָלקען בעדעקקען מיין שטערען...
צו וועט מיר שוין קיינמאָל נישט טאָגען?
דו קענסט די פינסטערע בלייערנע וואָלקען
מיט דיינס אַ שמייכעל פערטראָגען!

אַ שווערער פעלזען דריקט צו מיין האַרצען,
ווי פינסטער אונ גליטשיג איז דאָרט!
אַלס קען פערשווינדען, ווען דו זאָלסט נאָר וועללען —
עס דאַרף נאָר דיין וואָרט!

דו וועסט דאָך דאָס צויבערוואָרט קיינמאָל נישט זאָגען
נישט לייגען דיין האַנד אויף מיין שטערען...
דעראיבער קראַכטצען אַזוי מיינע ליעדער,
אונ וויינען מיט בלוטיגע טרערען!

י. ל. פּרץ.

~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~

# דער יודישער פירשט

## אין זעכצעהטען יאהר־הונדערט.

ווען דיא שפאנישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען א גזרה ארויס צו טרייבען אללע יודען וועלכע האבען געוואהנט אין שפאניע, · אדער זיי זאללען זיך טויפען (1492), זענען געוועזען זעהר פיעל יודען, וועלכער האבען לפנים צוגענומען דאס קריסטליכע גלויבען, אבער באמת זענען זיי דערנאך געוועזען גאנץ ערהרליכע יודען, חאטש מען האט זיי זעהר נאכגעקוקט אונ נאכגעפארשט, דאך האבען זיי געהיטען אלע מצות; זיי האבען געהאט חדרים אונטער דער ערד, אין וועלכע זיי האבען זיך פערזאממעלט צו דאווענען מיט מנין שבתים אונ ימים־טובים, צו האלטען אויך צו טהון אנדערע מצות ווי די תורה האט געבאטען. די פערבארגענע יודען ווערען גערופען „מאראנען”.

דער גראסטער טהייל פון די מאראנען איז געוועזען פון זעהר געבילדעטע מענשען, רייכע לייט אויך גייסטליכע. צווישען די מאראנען איז געוועזען א בעריהמטע פאמיליע נשיא. בשעת מען האט יודען ארויסגעיאגט פון שפאניע האט זיך די פאמיליע בעזעטצט אין פארטוגאל אלס קריסטען, אונ האט זיך משנה שם געוועזען. איינער פון דער פאמיליע דאן יוסף נשיא, איז דערנאך געקוממען צו אזא גרויסע מדרגה, וואס קיין יוד האט נישט זוכה געוועזען צו איהר פון חורבן־בית־המקדש אונ זיין ביאגראפיע ווילען מיר טאקי דא בעשרייבען.

דאן יוסף איז געבוירען געווארען אין יאהר 1515. ווען ער איז געוועזען א מענש מיט פערשטאנד האט ער פערלאזט פארטוגאל אונ איז אוועק קיין אנטווערפען (אויך אלס קריסט) אונ האט זיך גלאזט רופען „דאן יאאן מיגועץ”.

אין אנטווערפען האט דאן יוסף גרויסע געשאפטען געמאכט אין אללע שטאדט פון נידערלאנד אונ פראנקרייך. דורך זיינע גרויסע פאהיגקייטען אונ שאנהייט האט מען איהם אומעטום ליעב געהאט, אונ עס האט גאר נישט לאנג געדויערט ביז ער איז אויפגענוממען געווארען אינ'ם קאניגליכען הויף אויך.

אין דער זעלבער צייט איז אויך געקוממען פון פארטוגאל קיין אנטווערפען דאן יוסף'ס מומע, דאננא גראציא נשיא, וועלכע איז געוועזען אן אלמנה נאך זיין פאטער'ס ברודער, מיט איהר טאכטער ריינע אונ מיט נאך א יונגערע שוועסטער. דורך איהר פערמאגען, בילדונג אונ דאן יוסף'ס פראטעקציע האט זי באלד בעקוממען איינטריט אין די גראסטע אריסטאקראטישע געזעלשאפטען אונ אויך אינ'ם קאניגליכען הויף. איהר טאכטער ריינע איז געוועזען זעהר שאן, גראפען אונ פירשטען האבען זי געבעטען



אז זי זאלל זיי ריינען געבען פאר א ווייב — דאננא גראציא האט אבער אללע אבגעזאגט, זי האט איהר טאכטער נישט געוואלט געבען קיין קריסט.

צווישען די וועלכע דאננא גראציא האט אבגעזאגט איהר טאכטער צו געבען, איז געוועזען אויך דאן יוסף, חאטש ער איז געוועזען ריינע'ס קוזען. ריינע האט אבער דאן יוסף'ן ליעב בעקוממען אונ ער איז אוועק מיט איהר קיין ווענעציא אונ דאננא גראציא האט בעל כרחה געמוזט מסכים זיין אויף דעם שידוך אונ נאך געבען נדן — 90,000 דוקאטען.

פון דאמאלס אן האט דאן יוסף נאך גראסערע געשאפטען געמאכט אין וועגעציא, נידערלאנד אונ פראנקרייך. היינריך דעם צווייטען, קאניג פון פראנקרייך, האט ער געבארגט 150,000 דוקאטען, נאר דאס אלס איז איהם ווענינ געוועזען: ער האט געוואוסט אז ער איז א יוד, בכן האט ער געוואלט זיין א יוד ביד רמה אונ פאר אנדערע יודען אויך עפיס טהון (די היסטאריקער מיינען אז זיין שוויגער האט איהם דעם געדאנק איינגעגעבען אין קאפ אריין), וואהנען אין וועגעציא, פראנקרייך, אדער אין א נ'אנדער קריסטליך לאנד אונ זיך רופען יוד — איז פאר איהם געוועזען אונמעגליך, ווארעם זיין גייסט, זיין חאראקטער וואלט נישט געקאנט דערטראגען דאס שפלות וואס יעדער יוד — אפילו אזוינער ווי דאן יוסף — האט געמוזט ליידען. דעריבער איז איהם איינגעפאללען א געדאנק: א יודישע ממשלה צו גרינדען! פאהיגקייטען אונ געלד האט ער גענוג פערמאגט דערצו. ער האט זיך געווענדעט צום וועגעצישען סענאט, אונ האט געבעטען אז ער זאל איהם אבלאזען איין אינזעל פון די וועלכע האבען געהערט צו דער וועגעצישער רעפובליק. דער סענאט האט איהם אבער אבגעזאגט. וועגעציא האט דערנאך טהייער בעצאהלט פאר דעם אבזאגען, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען.

אין יענער צייט איז נאר אין איין טירקיי יודען גוט געוועזען, נאר דארט האבען זיי געהאט פרייהייט, אונ דער סולטאן, פאר וועלכען גאנץ איירופא האט דאמאלס געציטערט האט זיך אפט פאר יודען אין אנדערע לאנדער אנגענומען. דעריבער ווי דאננא גראציא האט געזעהען, אז עס געלינגט נישט איהר איידעם צו גרינדען א יודיש לאנד, כדי זיי זאללען זיך קאנען אפפענטליך צום יודישען גלויבען בעקאנען, האט זי גרויס חשק בעקוממען, זיך צו בעזעטצען אין טירקיי.

אויף דעם וועג אהיןען האט זיך אבער געשטעלט אזא שטן. אויף וועלכען עס וואלט זיך קיינער נישט גערעכנט. איהר יונגערע שוועסטער האט געוואלט פון איהר לאז ווערען, דאדורך האט זי צווישען געטהון דעם סענאט אין וועגעציא, אז איהר שוועסטער איז קיין קריסטין נישט, זי האלט דאס יודישע גלויבען אונ וויל איהר פערמאגען איבערטראגען קיין טירקיי. דער וועגעצישער סענאט איז זעהר צופרידען געוועזען פון דער בשורה, ווארום דאדורך האט ער בעקוממען גוטע געלעגענהייט דאננא גראציא'ס פערמאגען צוצונעהמען.

דער סולטאן האט אין יענער צייט ביי זיך געהאלטען א יודישען דאקטאר, ר' משה האמאן, וועלכער איז אויך ארויסגעקוממען פון שפאניען, אונ האט ביי'ם סולטאן

אַ גרויסע דעה געהאט. ער איז מיט דעם סולטאן מיטגעפאהרען אויף אלע מלחמות, און אין אלע לאנדער וואו ער איז מיט׳ן סולטאן געקומען, האט ער זיך בעמיהט דעם יודישען שטאנד צו פערבעסערן.

צו דעם ר׳ משה׳ן האט זיך דאן יוסף געווענדעט, און האט איהם געבעטען אז ער זאל געהן צו פועל׳ן ביים סולטאן, אז ער זאל נישט צו לאזען אזא עולה. ר׳ משה האט טאקי ביים סולטאן געפועלט, און ער האט באלד געשיקט א שליח מיוחד קיין וועניציא מיט א בעפעהל, אז די רעגירונג זאל דאננא גראציא׳ן איהר פערמאגען אבגעבען און איהר מיט איהר פאמיליע ערלויבען קיין טירקיי זיך צו איבערציהען. דאננא גראציא איז טאקי נישט לאנג אוועק נאכדעם קיין טירקיי, זי האט זיך בעזעצט אין קאנסטאנטינאפאל, און האט זיך עפפענטליך בעקאנט צום יודישען גלויבען און צו איהר נאמען נשיא.

דאן יוסף האט נאך א צייט געוואוהנט אין וועניציא, דערנאך איז ער אויך אוועק קיין קאנסטאנטינאפאל (1550), און דורך זיין גרויסען פערשטאנד, רייכטהום און שאנהייט האט ער ביי יעדען חן בעקוממען; אין קורצען איז אויך דער סולטאן פון איהם געוואהר געווארען און האט איהם געלאזט רופען צו זיך אויף זיין הויף. נאר קיין בעזונדערע גרויסע ראלע האט נאך דאן יוסף נישט געשפיעלט אויפ׳ן סולטאנ׳ס הויף, נאר עס האט זיך געטראפען א מעשה, וואס דורך איהר איז דאן יוסף זעהר גרויס געווארען.

אין טירקיי איז דאמאלס געוועזען סולימאן דער סולטאן. דער עלטסטער זוהן זיינער, מוסטאפהע, האט אן איהם מורד געוועזען און האט געמאכט א בונד קעגען איהם און האט איהם די רעגירונג מיט׳ן לעבען געוואלט צונעהמען. דעריבער האט איהם דער סולטאן געלאזט הרגענען, און פון די צוויי זיהן וועלכע זענען איהם איבערגעבליבען: סעלים און באיאזיד, האט ער דעם ערשטען געמאכט פאר קרוינפרינץ. דעם צווייטען זוהן באיאזיד האט די מעשה גוט פערדראססען, און האט קעגען דעם פאטער נישט גוט זיך אויפגעפיהרט און האט מיט זיין ברודער סעלים מלחמה געהאלטען (1556—1559). חאטש סעלים האט איהם מנצח געוועזען, און ער האט געמוזט קיין פערסיען אנטלויפען, דאך האבען אלע גרויסע לייט מורא געהאט מיטצוהאלטען מיט סעלים׳ען ווארום זיי האבען געקאנט באיאזיד׳ס כאראקטער, זיי האבען געוואוסט אז ער האט ליעב מלחמות, און דאס מיליטער האט איהם ליעב, דאדורך האבען זיי זיך געפירכטעט, טאמער ווען סולימאן וועט שטארבען, וועט דאס מיליטער איהם פאר א סולטאן מאכען, און דאמאלס וועט ער אוודאי גוט בעצאהלען די וועלכע האבען מיטגעהאלטען מיט סעלים׳ען...

נאר יוסף נשיא איז געוועזען איינער, וואס האט זיך אונטערגעשטאנען צו רעדען מיט׳ן סולטאן פאר סעלים׳ן, וועלכער איז געוועזען נאמעסטניק אין קוטאייהא (אין קליין אזיען). ווען דער סולטאן האט סעלים׳ען געוואלט ווייזען זיין פאטערליכע ליעבע און איהם שיקען 50,000 דוקאטען געלד, און טהייערע זאכען פאר 30,000



דוקאטען, האט ער צו דעם זיך אויסגעוועהלט דאן יוסף׳ן און האט זיין מתנה דורך איהם געשיקט (1558).

סעלים איז זעהר צופריעדען געוועזען פון דער מתנה און האט זיך זעהר געפרייט מיט איהר, און דאן יוסף׳ן איז ער זעהר דאנקבאר געוועזען. פון דאמאלס אן האט סעלים דאן יוסף׳ן זעהר ליעב בעקוממען און האט איהם געגעבען דעם טיטול אדעלמאן פון זיין לייבגווארדיע.

דאן יוסף׳ן איז אבער נאך אלס געלעגען אין זין צו גרינדען א קאלאניע פאר יודען. דאמאלס, ווען ער האט שוין געהאט א גרויסע דעה ביי סעלים׳ען איז איהם שוין דער פלאן געלונגען. סעלים האט געפועלט ביי זיין פאטער אז ער זאל געבען דאן יוסף׳ן טבריה (אין ארץ־ישראל) מיט דער אומגעגענד, דארט פערשידענע פאבריקען צו גרינדען און נאר יודען אליין זאלען מעגען דארט וואהנען.

די קאנסולען פון די קריסטליכע לאנדער האט זעהר פערדראסען, וואס דער יוד יוסף נשיא איז ביים סולטאן אזוי גרויס; אממעהרסטען האבען אויף דעם בייז געקוקט: דער קאנסול פון וועניציא און דער קאנסול פון פראנקרייך. דער וועניציאנער קאנסול האט גוט געוואוסט אז דאן יוסף וועט זיך אוודאי וועלען נוקם זיין אן וועניציא פאר דער עולה וואס דער סענאט האט געוואלט טהון דאננא גראציא, און דער פראנצאזישער קאנסול האט ווייטער פערשטאנען אז דאן יוסף וועט באלד פערלאנגען פון פראנקרייך דעם חוב וואס קומט איהם 150,000 דוקאטען, ווארום ער האט דאך א סך געלד אריין געלייגט אין די פאבריקען אין טבריה, און אז ער איז אזוי גרויס ביים סולטאן, וועט דאך פראנקרייך איהם מוזען דעם חוב בעצאהלען, דעריבער האבען זיי געטהון אלע התפעלות אבי נאר דעם סולטאן פערפיינדען אויף דאן יוסף׳ן. דאס אלעס האט זיי אבער גאר נישט געהאלפען, און דער סולטאן מיט סעלים׳ען האבען זיך געווענדעט צום פראנצאזישען קעניג אז ער זאל דאן יוסף׳ן דעם חוב אבשיקען.

קארל דער ניינטער, קעניג פון פראנקרייך, האט אבער זעהר ניט חשק געהאט דאס געלד אב צו געבען. ער האט גיענטפערט דעם סולטאן אז ער האט דאס רעכט דאן יוסף׳ס פארמאגען צו צונעהמען, ווארום אין פראנקרייך טאר קיין יוד קיין שום געשעפט ניט מאכען, און דאן יוסף נשיא בעקאנט זיך אצונד אפפענטליך צום יודישען גלויבען, קומט זיין פערמאגען וועלכעס ער האט אין פראנקרייך — דעם קעניג. ער האט אויך געשיקט א נ׳עקסטרא שליח קיין קאנסטאנטינאפאל, אז ער זאלל רכילות אנרעדען אויף דאן יוסף׳ן פאר דער טירקישען רעגירונג. עס איז אבער אלס געוועזען אומזיסט. סעלים האט זיך אלע מאהל געהאלטען ביי דעם, אז דער קעניג פון פראנקרייך מוז בעצאהלען יוסף נשיא׳ן דעם חוב, און דאן יוסף האט געשיקט א פלעניפאטענט קיין פראנקרייך דעם חוב אבצונעהמען.

אין דעם איז דער סולטאן געשטארבען (1566), און סעלים איז אויף זיין ארט סולטאן געווארען. ווען דער נייער סולטאן איז אריין געפאהרען קיין קאנסטאנטינאפאל, און צווישען די גרויסע לייט וועלכע זענען איהם אקעגען געגאנגען האט ער דערזעהן

דאָן יוסף'ן האָט ער איהם געהאַלט און האָט איהם נאָמינירט: הערצאָג פון נאַקסאָס און נאָך אַנדערע עלף אינזלען פון די ציקלאַדען.

דער פירשט האָט געמאָנט רעגירען אין די אינזלען נאָך זיין ווילען, ער איז נאָר מחויב געוועזען דעם סולטאַן צו געבען 14000 דוקאַטען יעהרליך צינז. חוץ דעם האָט ער איהם נאָך געגעבען אין אַרענדע דעם צאָלל פון וויין וועלכער איז געבראַכט געוואָרען צו די פּאָרטען פון שוואַרצען מעער.

דאָן יוסף, כאָטש ער איז געוואָרען פירשט פון די אינזלען, דאָך איז ער געבליבען אין זיין שיינעם פּאַלאַץ „בעלוועדער" נעבען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָרום ער האָט זיך נישט געוואָלט דערווייטערען פון דער פּאָליטישער וועלט, און קיין נאַקסאָס האָט ער געשיקט אַ שפּאַנישען אַדעלמאַן, קאָראָנעללאָ, אַז ער זאָלל דאָרט אין זיין נאָמען הערשען.

די קריסטליכע פירשטען האָבען זיך אַן יוסף'ן מקנא געוועזען, וואָרום זיין דעה האָט פיעל מעהר אויסגעמאַכט וויפיל זייערע, נאָר דאָך האָבען זיי געמוזט איהם חנפענען, און ווען די מאָנאַרכען אפילו האָבען געוואָלט עפּעס ביים סולטאַן דורכברייננגען, האָבען זייא זיך געמוזט ווענדען אָן דאָן יוסף'ן, וואָרום ער איז געוועזען דער ערשטער יועץ פון'ם סולטאַן, און זיי האָבען געוואוסט אַז אָהן איהם וועט דער סולטאַן גאָר נישט טהון; זיינע גרעסטע שונאים האָבען איהם געמוזט שמייכלען.

מיר האָבען שוין אויבען דערמאָנט אַז דאָן יוסף האָט געשיקט קיין פראַנקרייך זיין פּלעניפּאָטענט אָבצומאָהנען זיין חוב ביי דער פראַנצאָזישע רעגירונג. ווי מען ווייס האָט אויך דאַמאָלס דער קעניג נישט בעצאָהלט דעם חוב, וואָרום אין אַ יאָהר שפּעטער (1569), האָט דער סולטאַן געגעבען דאָן יוסף'ן ערלויבניש צו סעקוועסטרירען (אַרעשטירען), ביים פּאָרט אין אַלעקסאַנדריא, עטליכע פראַנצאָזישע שיפען מיט די סחורות וואָס זענען אין זיי געוועזען, און דאָן יוסף האָט זיי פערקויפט אויף זיין חוב.

אומזיסט האָט דיא פראַנצאָזישע רעגירונג פּראָטעסטירט, געוואַלד געשריגען, עס האָט גאָר נישט געהאָלפען, — סעלים האָט געהאַלטען מיט דאָן יוסף און האָט איהם פּראָטעשזירט; קיין מענש, קיין רעגירונג האָט איהם גאָר נישט געקאָנט טהון.

פראַנקרייך האָט אָבער זיך נישט געקאָנט צוקריגען מיט טירקיי, די פראַנצאָזישע דיפּלאָמאַטען האָבען געוואוסט, אַז ווען דער סולטאַן וועט אויף פראַנקרייך בייז זיין, וועט ער קענען פיעל שלעכטעס טהון און דאָן יוסף'ס שנאה צו פראַנקרייך וועט אַוודאי קיין טובה נישט ברענגען, אַז מען וועט נישט זעהן, אַז דאָן יוסף זאָלל פון סולטאַנס הויף אַרויסגעטריבען ווערען. מיט אמת האָט מען דאָן יוסף'ן אָבער גאָר נישט געקאָנט טהון, וואָרום מען האָט איהם נישט געקאָנט חאַפּען אויף קיין אונטריייהייט, — דאַריבער האָט מען זיך געמוזט נעמען צו פאַלשע בלבולים.

דער פראַנצאָזישער קאָנסול אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געוואוהר געוואָרען אַז יוסף נשיא'ס הויף־דאָקטאָר, דוד, איז נישט צופרידען מיט דער בעלאָהנונג, וואָס ער האָט בעקומען פון דאָן יוסף'ן פאַר דעם וואָס ער האָט אַ נ'אַנטהייל גענומען אין'ם סעקי־



וועסטרירען דיא פראַנצאָזישע שיפען אין אַלעקסאַנדריא, דאַריבער האָט ער אָבגעזאָגט דאָן יוסף'ן די שטעל אין זיין הויף און איז איהם געוואָרען אַ שונא. דעם דוד'ן האָט דער קאָנסול צו זיך גערופען און האָט איהם צוגעזאָגט זעהר גוט צו בעלאָהנען, אַז ער וועט איהם געבען בעווייז, אַז דאָן יוסף איז דעם סולטאַן פאַלש. דוד האָט איהם צוגעזאָגט אויף צו שרייבען „כל אותות ומופתים" אַז יוסף נשיא איז אונטריי דעם סולטאַן און ער פיהרט קאָרעספּאָנדענציע מיט'ן פּאַבסט, קעניג פון שפּאַניען און מיט אַנדערע שונאים דעם סולטאַן'ס. דער קאָנסול האָט זיך זעהר געפרייט מיט דער הבטחה, און האָט באַלד דאָס צו־וויסען געטהון זיין קעניג. דאָן יוסף איז אָבער געוואוהר געוואָרען פון דער אינטריגע, און איז געגאַנגען צום סולטאַן און האָט איהם אַללעס דערצעהלט. האָט דער סולטאַן אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט דוד'ן צו פערשיקען אויף דעם אינזעל רהאָדאָס, און די רבנים פון טירקיי מיט ר' יוסף קרא (דער מחבר פון „ארבעה שלחן ערוך") האָבען זיך ערווייטערט פון איהם

מיר האָבען שוין אויבען געשריבען, אַז דיא וועניציאַנישע רעגירונג איז אויף דאָן יוסף'ן בייז געוועזען. די שנאה איז אַזוי גרויס געוועזען, אַז דער סענאַט האָט איהם נישט ערלויבט אַדורך צו פאָהרען דורך וועניציא. דאָן יוסף האָט וועניציא זעהר גוט בעצאָהלט פאַר דער שנאה. ער האָט דעם סולטאַן פאָרגעשטעלט, אַז פאַר טירקיי איז זעהר נייטהיג איינצונעהמען דעם אינזעל קיפּר, וועלכער האָט געהערט צו וועניציא. דער וועזיר סאָקאָלי האָט דעם סולטאַן שטאַרק אָבגערעדט אַז ער זאָלל מיט וועניציא קיין מלחמה האַלטען, דאָן יוסף'ן איז אָבער געלונגען דעם סולטאַן איבערצוצייגען, אַז די מלחמה וועט אין טירקיי גרויסע נוטצען ברענגען, דער סולטאַן האָט איהם געפאָלגט און האָט אַ גאַנץ יאָהר מלחמה געהאַלטען מיט וועניציא איבער קיפּר, און אין יאָהר 1570 האָט דער אינזעל שוין געהערט צו טירקיי; דער וועניציאַנישער סענאַט האָט דאַמאָלס געמוזט בעטען דאָן יוסף'ן אַז ער זאָל פועל'ן ביים סולטאַן ער זאָל שלום מאַכען מיט וועניציא.

סעלים האָט ליעב געהאַט דאָן יוסף'ן ביז צו דער לעצטער מינוט. ווען ער איז שוין געלעגען אויפ'ן טויטען בעט, האָט ער זיין זוהן מוראַד אַ צוואה איבערגעלאָזט אַז ער זאָל דאָן יוסף'ן ביי זיך האָבען און זאָלל איהם בכבוד האַלטען. נאָר ווען סעלים איז געשטאָרבען (1574), האָט זיך דאָן יוסף אָבגערוקט פון דער פּאָליטישער וועלט. פון זיין שוויגער און זיין איינציגע טאָכטער האָבען שוין דאַמאָלס נישט געלעבט. פון דאַמאָלס אָן איז זיין בעשעפטיגונג נאָר געוועזען צו שטיטצען לומדי תורה, בתי־מדרשים צו גרינדען, צו זאַמלען טייערע כתבי־יד, און אַליין ספרים מחבר צו זיין. איין ספר זיינ'ס איז געבליבען ביז היינט, עס הייסט „בן פורת יוסף". דער אינהאַלט דערפון איז אַ שמועס צווישען דעם פערפאַססער און אַ געבילדעטען קריסט וועגען רעליגיאָן.

ווי גרויס דאָן יוסף איז געוועזען אין איירופּא, זעהט מען פון דעם, אַז ווען די איירופּעאישע מאָנאַרכען האָבען עפּעס געוואָללט פועל'ן ביי'ם סולטאַן האָבען זיי זיך געווענדעט צו דאָן יוסף'ן; פערדינאַנד דער ערשטער, קיסר פון עסטרייך, האָט מיט זיין איינענע האַנד געשריבען אַ בריעף צו איהם, און איהם געבעטען אַז ער זאָל

שטארקען דעם שלום צווישען עסטרייך און טירקיי. אויך זיגמונד אויגוסט, קעניג פון פולין, האט געשריעבען בריעף צום יודישען פירשט, האט איהם פערשפראכען, יודען געוויסע פריווילעגיען צו געבען, און האט איהם געבעטען אז ער זאלל זייע פלאנען דורכפיהרען ביי'ם סולטאן.

דער סולטאן סעלים איז נישט נאר גוט געוועזען פאר די יודען אין טירקיי אבער ער האט זיך נאך אנגענומען פאר יודען אין אנדערע לאנדער, און ווי ווייט ער האט נאר געקאנט, האט ער זיי נישט געלאזט קיין עולה טהון, אזוי ווייט, אז מען האט געשמועסט, אז סעלים אליין איז געבוירען געווארען א יוד, און ווען ער איז געוועזען א קליין קינד האט מען איהם אונטערגערוקט אין הארעם אנשטאט דעם קליינעם סולטאנ'ס אמת'ן איהן.

בקיצור, דאן יוסף נשיא איז געוועזין אין זעכצענטען יאהר הונדערט, יודענס מלאך, יודענס כבוד, און ווען ער איז געשטארבען אין יאהר 1579, האבען אלע יודען נאך איהם געטרויערט.

פון דאן יוסף'ן איז קיין קינדער נישט איבער געבליעבען, נאר א גוטער שם אויף דער גאנצער וועלט; זיין פרוי ריינע האט נאך איהם נאך געלעבט צוואנציג יאהר.

ע. נ. פרענק.

# צו דער געשיכטע פון די יודען אין פאדאליען.

היינטיגען 20-טען אפריל האבען די פאדאליער איינוואוינער, צוזאממען מיט אללע פראווינצען פון דער אוקריינע, געפייערט איין יאהרהונדערט פייערטאג, זייט פאדאליען איז פעראייניגט געווארען מיט רוססלאנד (דאס איז געוועזען דעם צוואנציגסטען אפריל פונ'ם יאהר 1793), און ווייל דער פייערטאג האט אויך קיין קליינעם אינטערעס פאר אונז יודען, וואס מיר האבען ביז דעמאלט גענוג צרות געליטען, גענוג רדיפות איבערגעקוממען, אזוי ווי עס ווערט בעשריבען אין מיינע צוויי ווערק: א) אין העברייאישען „קורות פאדאליא וקדמוניות היהודים שם" (פראבען ארטיקלען פונ'ם בוך זענען פון מיר געדרוקט אין די לעטצטע דריי יאהר אין „הצפירה"): ב) אין זשארגאן: „געשיכטע דער יודען אין פאדאליען" (די געשיכטע פון די דריי שטאדט: בראצלאוו, נעמיראוו און טולטשין, זענען פון מיר געדרוקט אין דער „יודישע פאלקס־ביבליאטהעק" ערשטעס בוך). דאריבער אלס אנדענקען צום פייערטאג גיב איך א אין „הויזפריינד"—

# נאך איין דאקומענט צו גזירות גאנטא אין אוקריינא.

איך זאג „נאך איין דאקומענט" ווייל „גזירות ת"ח ות"ט" אדער „חמעלניצקי'ס גזירות" האבען א גרויסע ליטעראטור פון יודישע און כריסטליכע היסטאריקער, „גזירות תקכ"ח" אדער „גאנטא'ס שחיטה" בעשטעהט נאר אין דריי דאקומענטען: א) א בריעף אויף פראסט יודעש געשריבען פון אלטקאנסטאנטין קיין קעניגסבערג אין חודש אויגוסט 1768 וועלכע הרב ר' אריה ליב בר' מרדכי עפשטיין אב"ד דק"ק קעניגסבערג ברענגט אין דעם ספר „הפרדס". ב) א תפלה געשריבען אויף פארמעט לזכר ההרוגים באומאן וועלכע געפינט זיך עד היום אין איינע פון די אומאנער שולען און ווערט דארט געלייענט אין דעם פינפטען טאג אין תמוז. ג) א קליין זשארגאניש ביכעל מיט דעם נאמען: „מעשה גדולה מן אומאן ומן אוקריינא" (געדרוקט אין ווילנא אין דעם 1845 טען יאהר) וועלכעס עס איז מיר געראטהען דאס צו בעקוממען און צו שיקען מיין זעליגען פריינד הרב גורלאנד ז"ל, און עס איז געדרוקט געווארען אין זיין לעצטע בראשורקע „לקורות הגזרות על ישראל" וואס איז ערשינען דורך זיין פריינד החכם ר' דוד כהנא נ"י אין אדעססע אין 1892 יאהר.

דעריבער איז גאר ניט אפצושאצען די ווערטה פון די דאקומענטען וואס האבען

א שייכות צו גזרות תקכ"ח אין אוקריינא דורך „גאנטא" מיט דעם היידעמאקסקי רעדעל-פיהרער „זשעליזניאק" און מיר איז אויך נאך פיעל מיה, צונויפשעפען פון זיבערע היסטארישע קוועלען מאטעריאל צו דער געשיכטע דער יודען אין פאדאליען, געראטהען צו באקוממען אזעלכע עטליכע זעלטענע און זעהר אינטערעסאנטע דאקומענטען, פון וועלכע איך קאפיר דא איין דאקומענט געשריבען אין דער פארם פון א שיר אין צוויי אלף-ביתין (מיט אלע פעהלער ווי זיי זענען ארוים פון מחבר'ס האנד) מיט מיינע אנמערקונגען, און דאס איז דער אינהאלט פון דעם דאקומענט:

## קינה על גזרות אוקריינה.

(ע"פ א"ב כפול)

אבינו שבשמים. ווי אזוי קענסטו דאס צו זעהן,
א וקריינער אידען זאל אזוינע גרוישע צרות געשעהן.
בטל מעלינו. די גרוישע גזרה פון די היידאמאקין,
ב אלטער אידען האט דער רשע סילה גיטאן טרייגקען בראקען און האקין [1].
גזרות קשות. אזעליכע ווי איז גיערט גיווארין אין דער וועלט,
ג אנטע האט האיך קליינע קינדער ממית געוועזען אין נאך דעם גינעמען געלט.
דם רב. האט זיך ווי רישקים וואסיר אין די גאסין גיגאסין,
ד ראזניר אידען האבען נאך מעריר פון באלטער גינאסין.
הרג רב. האבין די היידאמאקין אין פיל שטעט גימאכט,
ה ומאניר און הייסיניר אידען האבין זיי ביז איינעם אימגיבראכט.
ונם. און הויך קליינע קינדער האבין זיי גישטאכין און פארברענט,
וואביר האבין זיי גיבינדין און לעבעדיק דעם בויך גיטרענט [2].
זעם. א גרוישער צארען איז אויף זאבאטיניר אידען אויש גיגאסין גיווארין,
אילוינאק זעליזניאק? [3] האט זיי פריר באראובט דער נאך אלע פארלוירען.

1) וועגען דעם היידאמאק „סילא" בפרט, קענען די לעזער געפינען אין דעם ביכעל „מעשה גדולה מן אומאן ומאוקריינא" וועלכעס איז אויך געדרוקט אין דער „יודישע פאלקס-ביבליאטהעק" (צווייטעס בוך), און וועגען באלטער הריגה בכלל ווערד בעשריבען באריכות אין מיין בוך „געשיכטע דער יודען אין פאדאליען".

2) ד. ה. לעבענדיג דעם בויך אויפגעשניטען.

3) מחמת צוויי טעמים האב איך פארעכט אין דעם מאנוסקריפט דאס ווארט „אילוינאק" (דאס ווערט אויך אין מעשה גדולה אזוי אנגערופען) אויף „זשעליזניאק": 1) לויט דעם אל"ף בי"ת פונ'ם שיר קומט דא דער בוכשטאב „ז" ניט „א"; 2) ווייל ווי עס איז בעקאנט איז דער רעדעל-פיהרער פון דער שייקע היידאמאקעס וואס האט די אומברחמנות'דיגע שחיטה אין „זאבאטין" און אין „אומאן" געמאכט, איז געוועזען „מאקסים זשעליזניאק". אוים טשיגרין, א פיהרער פון איין באנדע היידאמאקען פון די זאפאראזשער קאזאקען וועלכע זענען אין יאהר תקכ"ח (1768) פלוצים



הרון. חאטשי א מאל איז אויך אזא גרוישער צארין גישיין,
ח מילם גזרות האבער א קיינען איצטיקע זענין נאר נישט גיווען.
טפינו. האבין די היידאמאקין גיקוילט זיך גיבוידען אין זייער בליט,
ט ולציניר גזרה אקיינען טוטיווער איז א גאר ניט.
יה. גאט ווי האסטו דאש ביי זיך גיקענט פולין,
י עדער איד זאל אליין זיין ווייב און קינדער קוילען [1].
כלם. האבין זיך אין די שולען פארזאמילט און זיך אליין גיטייט,
כ לות זייערע חתנים ווייבער זייערע מאנין האבין דעצי גינייט.
להרוג. האבין די היידאמאקין אין ליסאנקי אין אין טוטיוב אנגיאויבין [2],
ל אדיזיניר אין ליפיוויציר אידען האבין זיי נאך דעם באגראבין.
מנאצנו. האבין אונז גינייט אן צו נעמין זייער גיבאט,
מ יראחווער אידען האבין זיי גיטאן גיברענטע ליידין ביז זיי האבין זיך גיש.. ט.
נשים ענו. די ווייביר האבין זיי אימיטים צו זנות גיצייט,
נ אך דעם גיטרענט דעם בויך און לעבידיקע קעץ פארנייט [3].
סררנו. מיר האבין פון דיין גיטען וועג גיקיירט זיי אונז גיט מאשם,
ס מעליר, סאווראניר אידין זענין אלע אימגיבראכט גיווארין על קידוש השם.
על גזרות ת"ח. מאכט מען א תענית ב"ך סיון אין מען טוט סליחות זאגין,
ע ל גזרות אוקריינה מעג מען וואכין מאכין תעניתים סעדא מער צו קלאגין.
פלגי מים תרד עיני. בויכין טריירין טוען פון מיינע אויגין רינען,
פ אהראבישטשיר אידען האבען די היידאמאקין דערטרינקין אין א ברינען.
צדיק אתה. וואש דו גאט טיסט מיזען מיר אנעמען פאר ליב און רעכט,
צ עקיניווער אידען האט מען גינעמין בשבי און פארקויפט פאר קנעכט [4].

איבערגעפאלען די שטאדט „סמיעלא" און נאך דעם ווי זיי האבען דארט אויסגעקוילעט און אויסגעשטאכען וועמען זיי האבען אנגעטראפען, האבען זיי אנגעהויבען מיט ווילדקייט און אכזריות איבערצופאלען כמעט גאנץ פאדאליען, און מעהרער ווי אין אללע שטאדט האבען זיי זיך לוסטיג געמאכט אין „אומאן".

1—2) אויף אזא ארט שרייבט אויך דער מחבר פון דער אלטקאנסטאנטינער בריעף וואס איז געדרוקט אין „הפרדס": „בק"ק טעטיאוב ליפאוויץ ופאהראבישטש זענען נהרג געווארין לאלפים גדולים יהודים, און אנדערע האבען ממיר דת געוועזען בעוה"ר, און האבען געמוזט זייער אייגען ווייב און קינדערלעך קוילען פאר די פוחזימס אויגען. דאס איז די פרוב (פראבע) געווען אז ער האט רעכט ממיר געווען און דער נאך האט מען דעם זעלביגען אויך ממית געוועזען" וכו'.

3) די טיראנסטווע אויפשניידען ביי שוואנגערע פרויען דעם בויך, הערוים נעהמען דאס קינד און אויף דעם ארט א קאטץ הערייןלעגען און צוריק פערנייען דעם בויך, און נאך אנדערע שרעקליכע האבען די היידאמאקען אין פיעלע ארטער בעגאנגען, ווי עס ווערט פון מיר באריכות בעשריבען אין מיין בוך: „געשיכטע דער יודען אין פאדאליען".

4) פיעל פון אונזערע אומגליקליכע ברידער זענען פון די היידאמאקען הערייןגעפאלען צו די טאטארען אין די האנד וועלכע האבען זיי פאר שקלאווען פערקויפט.

קראנו לך בעת צרה. מיט האבין דיך גאט גירופין אונזער איינגשאפט פאר גאט,

קראסניר, קאנסטאנטינער 1) אין קאלישיר אידען זענען גיטייט גיווארין על קידוש השם.

רבונו של עולם. הער פון דער וועלט ווי האסט די דאש גיקענט צי זיין.

רייגראדיר אידין האבען איינש דאש אנדירע גיקוילית אליין 2).

שמע צעקתנו. גאט אונזער גישריי זאלסטי הערין אין פארנעמין

שארעגראדער דוכם בארניצקי 3) בענש — ער האט זיך פאר אונז אנגינעמען.

תבוא לפניך כל רעתם. דאש שלעכטין פון די היידאמאקין זאל קומען פאר דיר הער פון דער וועלט.

תושיע. אין העלפין זאלסטו אלע וואש האבען זיך פאר אונז גישטעלט.

אמן.

---

1) אין די 2 שטאדט האבען אונזערע ברידער מעהר ווי אין אללע שטאדט מקדש השם געווען.

2) אין דער שטאדט האבען די יודען איין מיטעל געפונען ווי זא זיי זאללען ניט אריין פאלען אין די היידאמאקענס הענד, יוייל זיי האבען געהערט אז די היידאמאקען קוממען, האבען זיך כמעט אללע איינס דאס אנדערע געקוילעט.

3) דער גראף בראניצקי פון שארגראד, וואס איז דאמאלס גענעראל געווען, האט געשטילט דעם היידאמאקסקי בונד, ער איז אויך געווען איינער פון דעם געריכט אין מאהליב-פאדאלסק, וועלכע האבען פאראורטהיילט גאנטען, מען זאלל פון איהם לעבענדיגערהייד זיין פלייש רייסען (די לעגענדע דערצעהלט: ווענן מען האט גאנטען געקאזניט האט ער בעהארצט געזאגט, מען זאלל ניט מערקען אז ער פיהלט וועטהיג: „מען האט מיר אומזאנסטע שרעק געמאכט אז עס וועט מיך וועה טוהן, אבער אין דער ווארהייט פיהלע איך קיין שמערץ!") נאך דעם האט מען איהם אויף 4 שטיק צושניטען.

אט אזוי טרויעריג איז געווען צוריק מיט הונדערט יאהר די יודישע לאגע אין פאדאליען, דעריבער דארפען מיר זיך יעצט פרייען וואס אוקריינע און פאדאליע קער יעצט צו רוסלאנד אונ די רעגירונג יר"ה בעשיצט אונז.

מנחם נחום ליטינסקי (מנ"ל).

מאהליב-פאדאלסק, 26 אפריל, 1893 יאהר.

## אנמערקונג

אויב איך האב ניט קיין טעות, געדיינקט זיך מיר אז אין 1889 האב איך דעם זעלבען שיר געלעזען ביי הרב ח"י גורלאנד ז"ל, אויך נאך אנדערע א סך אלטע כתבים וועגען „גאנטא און די היידאמאקעס". הרב הי"ג האט מיר נאך דאנן פערשפראכען דעם שיר פיר דעם „הויזפריינד".

און יעצט בין איך זעהר דאנקבאר ה' ליטינסקי פאר דעם שיר וואס ער האט צוגעשיקט.

איך געדיינק איך אז אין מיין געבורטס שטאדט „[illegible]" האט זיך [illegible] מיט מיינע חדר-חברים געזונגען איניגע סטראפען פון דעם שיר און געדיינק אז די [illegible] „פלגי מים תרד עיני" פלעגען מיר אויסשרייען מיט אללע קרעפטען, דאס לייב [illegible] פון דעם געשריי און טרעהרען האבען זיך געגאסען פון די אויגען. ווער עס האט [illegible] ווינגען [illegible] שיר געדיינק איך ניט. —

מ. ספעקטאר.

# ווי אזוי צינדט מען אן וואסער?

איך ווייס אז איהר וועט אויף מיר אקרומען קוק טוהן, איהר וועט נאך אפשר זאגען: „דאס איז א פראגע פון א משוגענעם, יעדערער ווייסט אז וואסער לעשט פייער און איך פרעג נאר ווי אזוי צינדט מען אן וואסער". און ווער ווייסט וואס איהר וועט נאך [illegible] טראכטען אז איך וועל זאגען אז דאס פייער פון וואסער איז 60 מאהל הייסער פון אנדער פייער, אז מען קען דערביי צושמעלצען גלאז און אללע הארטע מעטאללען. נאר אויב איהר ווילט האבען א ביסעל געדולד און דורכלייענען דאס ארטיקעל וועט איהר אליין עס פערשטעהן. נאר פריהער מוזען מיר אייך אויפקלערען וואס איז אזוינס וואסער? איהר הערט און זעהט און טרונקט יעדער טאג וואסער, און עס איז אייך זיכער קיין מאהל ניט קשה געוועזען וואס איז אזוינס וואסער פון וואנען נעמט זיך וואסער? פון וואס בעשטעהט וואסער? ובכן וועלען מיר אייך אצונד אויפקלערען אז וואסער איז ניט איין מין, ניט איין יסוד, נאר צונויף געשטעלט און חימיש בעהעפט פון צוויי יסודות וועלכע הייסען גאזען, ווייל זיי זענען אין אמת טאקי נאר גאזען ניט קיין גופים, איינער הייסט זויער-שטאף, דער צווייטער—וואסער-שטאף. דער לעצטער איז אזא עדעלער גאז אז עס איז 14½ מאהל גרינגער פון פראסטער לופט, דרום האט מען איהם בענוצט אויף אנפיללען א לופט-באלאן. און ווייל ער איז אזוי גרינג מוז ער זיך אויפהייבען, אזוי ווי מיר זעהען למשל אז מען פילט אן א פאכור מיט לופט און מען לעגט איהם אונטערן וואסער מוז ער ארויף אויף דער וואסער (ווייל לופט איז גרינגער פון וואסער) און קען נאך אויפהייבען א מענשען אויך אויפ'ן וואסער, די זעלבע זאך איז מיט דער לופט-באלאן אויך, אז מען פילט איהם אן מיט וואסער-שטאף וועלכער איז 14½ מאהל גרינגער פון אויר מוז ער זיך אויפהייבען און קען נאך מיט נעהמען עטליכע מענשען אויך, וואס גרעסער ער איז, מעהר מענשען הייבט ער אויף, פונקט אזוי ווי דער פאביר וואס ער איז גרעסער מעהר משא הייבט ער אויף. — אז דער עדעלער גאז „וואסער-שטאף" קומט זיך צונויף מיט נאך אזא „זויער-שטאף" ווערט פון זיי גאר א ניי מין, בעקומט גאר א נייעם געשטאלט מיט א נייעם טעם דאס איז די וואסער וועלכעס אונז אזוי בעקאנט פון געבוירען אן.

אין וואסער מוז זיין 2 חלקים וואסער-שטאף און 1 חלק זויער-שטאף. טאמער זענט איהר פון די קטני אמנה (קליינע גלויבערס), ווארט א ביסעל אט וועלען מיר אייך באלד ווייזען אז איהר וועט מיט אייערע הענט קענען צוטהיילען די וואסער אויף

זאָגען װעלכע מיר האָבען דערמאָנט, און נאָכדעם געמען די צװײ גאזען פון אַנדערע אָרשטער און אַלײן בעשאַפען װאַסער איזאַ אַ אינטערעסאַנטע זאַך? אַלײן בעשאַפען װאַסער! איך װײס דאָס װעט איהר אַװדאַי אַ בעלן זײן זעהען. אַלזאָ הערט־זשע מיט קאָפּ װעט איהר אַללעס זעהען און פערשטעהן.

צװישען די יסודות *) געװעלטיגט אַחוק אַזױ װי צװישען לעבעדיגע בעשעפעניש דאָס איז אײנער פון די גרעסטע װוּנדער אין דער נאַטור: אַזױ װי אַלעבעדיג בעשעפעניש דערקענט װער איז זײן שונא און װער איז זײן פרײנד, מיט'ן לעצטען בעהעפט ער זיך און פון'ם ערשטען אַנטלױפט ער אָדער ער שטעלט זיך מלחמה האַלטען, אַזױ איז צװישען די יסודות, כאָטשי זײ זענען דאַכט זיך טױטע און האָבען ניט קײן שכל, קײן רצון און קײן תאוה, נאָר װיא װאונדערליך איז דעם חימיקער צו זעהען װי די יסודות האָבען צװישען זיך שטרענגע פּראַװילעס און יעדער יסוד בעהעפט זיך נאָר מיט געװיסע יסוד'ות און פון אַנדערע אַנטלױפט ער אָדער ער האַלט מלחמה װען ער קאָן ניט אַנטלױפען די מלחמה קאָן אַמאָהל זײן אַזױ רעשיג און שרעקליך אַז מענשען װעלבע פּאָרען זיך מיט זײ װערען אױך ניזוק, און אַמאָהל ברעכען זײ מױערען און אַנדערע כלים, די מלחמה געדױערט ביז אײנע פון זײ פּלאַצט אָדער בײדע פערלירען זײערע כחות. אַ בײשפּיל קאָנען מיר דאָ געבען װעלכען יעדערער האָט געװיס געזעהען מיט זײנע אױגען: אַז מיר מישען צונױף סאָדע מיט סאַלים (ציטרין־זאַלץ) אין אַ גלאָז װאַסער, הײבט די װאַסער באַלד אָן צו זידען, דאָ זעהט מען װי צװײ יסודות האַלטען מלחמה, װײל זײ זענען אײבּיגע (עװיגע) מתנגדים אײנער געגען דעם אַנדערן, און װען זײ בעגעגענען זיך מאַכען זײ אַ מלחמה און פערלירען בײדע די כחות. װען מיר זאָלען די גלאָז גוט צודעקען בשעת זײ הײבען נאָר װאָס אָן די מלחמה, װאָלטען זײ די גלאָז צוריסען אױף צװײ שטיק װעלכע װאָלטען פערפלױגען אײנער אין אײן זײט דער אַנדערער אין דער צװײטער זײט, אַפילו װען די כלי זאָל זײן אַ קופּערנע װאָלטען זײ אױף איהר אױך קײן כבוד ניט געלײגט און װאָלטען זי צוריסען. דאָס איז גאַנץ גרינג צו פּראָבען נאָר עס איז אָבער זײער מסוכן װײל עס קען איסקאַליטשען אַ מענשען װען עס טרעפט איהם אין קאָפּ אַרײן אײנער פון די שטיקער, װעלכע שפּרינגען אָפּ זעהר שנעל און מיט אַכח װי אַ קױל פון אַ ביקס. (איך אַלײן דער שרײבער פון דיזען אַרטיקעל בין שױן ניט אײן מאָהל געשטאַנען אין אַזױנע סכנות פון פערשידענע חימישע פּראָבעס).

דער אײגענער זױער־שטאָף װעלבער מאַכט אַ מלחמה מיט סאָדע־װאַסער װען ער בעגעגענט זיך מיט אַנדערע יסודות פון זײנע גוטע ברודער בעהעפט ער זיך מיט

*) מיר מוזען בעמערקען אַז יסודות מײנען מיר ניט (װי מען האָט אַ מאָל געמײנט): ערד, װאַסער, לופט און פײער, מען האָט שױן לאַנג ערקלערט אַז זײ זענען ניט קײן יסודות, נאָר צוזאַמען געזעצט פון יסודות. הײנט האָט מען שױן געפונען עטליכע און זעכציג יסודות װעלכע זענען אױס גערעכנט אין די חימישע ביכער.





זײ גאָר ליבליך און אָן געפּילדער. אַמאָהל בעהעפט ער זיך אַזױ שטאַרק אַז מען קאָן איהם בשום אופן שױן ניט אַרױס רײסען צוריק נאָר דורך פײער. צום בײשפּיל אַז ער בעגעגענט זיך מיט אײזען בעהעפט ער זיך מיט איהם, נאָר װײל ער קאָן ניט אַרײן אינװײניג זעצט ער זיך פון אױבען. דאָס איז דער זשאַװער װעלבער מיר זעהען אױף אײזען װי רױטליבע קאָרע (אַ שאָל). אַז מען װיל איהם אַראָב נעמען מוז מען דאָס אײזען גליען אין פײער כדי דער זױער־שטאָף זאָל זיך איבער קלױבען אין פײער װאָרום דאָרט בעגעגענט ער אַ גוטען ברודער װעלכען ער האָט בעסער ליעב דאָס איז קױלען־שטאָף, (צום בײשפּיל װי אַקאַץ אַז זי כאַפּט זיך צו צופוטער און מען שטעלט אַקעגען שמאַלץ װאַרפט זי באַלד אַװעק די פּוטער און נעמט זיך צו דער שמאַלץ), דרום בלײבט דאָס אײזען רײן װי פריער.

נאָך אַ חוק געװעלטיגט צװישען די יסודות: אַז עס בעגעגענען זיך צװײ זאַכען װעלבע האָבען פערשידענע יסודות אין זיך, דאַמאָלס בעהעפטען זיך נאָר די יסודות װעלבע האָבען אַ שײכות אײנער מיט'ן אַנדערן און װער פון זײ עס האָט ניט צו זיך קײן חבר מוז אַנטלױפען געשװינד אַ מאָהל בכבוד (שטילערהײד) און אַמאָל שלא בכבוד מיט רעש און מיט געפּילדער, און אַ מאָהל געהט ער אַרױס מיט שן ועין, פון דער בײזער חברה. למשל אַז מיר נעמען אַ גלאָז װאַסער װעלבער מיר װײסען שױן אַז דאָרט איז דאָ זױער־שטאָף, און מיר װאַרפען אַרײן אַ שטיקעל צינק (שפּיאַלטער) װעלכעס האָט אין זיך זױער־שטאָף מיט קױלען־שטאָף, נמצא האָבען מיר אַצינד פיער יסודות צוזאַממען; צװײ גלײבע: זױער־שטאָף מיט זױער־שטאָף און צװײ ניט קײן גלײבע װאַסער־שטאָף מיט קױלען־שטאָף. די צװײ גלײבע בעהעפטין זיך תיכף. הײנו: דער זױער־שטאָף פונ'ם צינק בעהעפט זיך מיט'ן זױער שטאָף פון דער װאַסער, און יענע צװײ אַנטלױפען. װאַסער־שטאָף איז זײער גרינג, װי מיר האָבען פריער געזאָגט, לכן הײבט ער זיך אױף אין דער לופט און געהט אַרױס װי אַפּאַרע, און קױלען־שטאָף איז שװער לכן פאַלט ער אױפ'ן דנאָ פון דער גלאָז. דאָ זעהט מען פּשוט אַ ביסעל אַש מהײלט זיך אַללע מאָהל אָפּ פונ'ם צינק און פאַלט אַראָב אױפ'ן דנאָ פון דער גלאָז. נאָר װײל אין װאַסער איז נאָר דאָ 1/3 זױער־שטאָף לכן װירקט ער לאַנגזאַם, װען מיר װילען אָבער מאַכען די אָפּעראַציע געשװינד מוזען מיר צו געבען דער װאַסער מעהר זױער־שטאָף, לכן גיסען מיר אַרײן אַ ביסעל האָלין (Сѣрная-кислота), אָדער אַ ביסעל זאַלץ־זײער (Соленая-кислота), הײבט זיך אָן די סצענע געשװינד און רעשיג; די װאַסער הײבט אָן זידען װי אין אַ קעסעל (זי װערט טאַקי הײס), דער זױער־שטאָף װאַרפט אַװעק דעם װאַסער־שטאָף און רײסט אױס מיט געװאַלט בײם צינק זײן חלק זױער־שטאָף. דער װאַסער־שטאָף אַנטלױפט מיט כעס און מיט שטורעם אַרױף אין דער לופט, עס װערט אַזש אַ טומאַן אױף דער גלאָז, און דער צינק װאַרפט זיך און אַרבײט אין דער װאַסער װי אַ לעבעדיגע זאַך װאָס װיל זיך מציל זײן פון אַ גזלן. נאָר עס העלפט איהם גאָר ניט, מיט געװאַלט מוז ער אָבגעבען זײן חלק זױער־שטאָף, און זײן חלק קױלען־

שטאף פאלט שטיקלעכווייז אויפ'ן דנא פונ'ם גלאז, ביז עס בלייבט פון איהם בלויז אש, דאמאלס ווערט די מלחמה געשטעלט. אין גלאז בלייבט אביסעל וואסער מיט א סך זויער-שטאף. טרינקען די וואסער טאר מען שוין ניט, זי איז זייער שעדליך ווי ארעבמער סם.

אצונד קאנט איהר שוין פערשטעהן אז מען קאן דעם וואסער-שטאף ארויס געהענדיג פונ'ם גלאז, צונויף נעמען אין א כלי, ווייל ער איז גרינג און מוז געהען ארויף. לכן אז מיר וועלען איבערקעהרען נאך א גלאז מיט'ן מויל אראב אויף דער גלאז מוז דער וואסער-שטאף בלייבען אין דער אויבערשטער גלאז, און די לופט פון דער גלאז פאלט אראב ווייל זי איז שווערער; אז די גלאז פילט זיך אן קאנען מיר זי אוועקשטעלען (נאר מיט'ן מויל אראפ דער גאז זאל זיך ניט קאנען אויף הייבען) און נעמען נאך א גלאז און ווידער אן פילען, אזוי קאנען מיר אן פילען אסך גלאזער (בעסער איז צו נעמען גלאזערנע טרובקעס וועלכע זענען דערצו נאראטשנע געמאכט געווארען, מען קריגט זיי אין חימישע אפטייטשנע קלייטען). אז מיר וועלען אצונד נעמען א גלאז אדער א טרובקע מיט זויער-שטאף (וויא אזוי צו בעקומען דעם זויער-שטאף בעזונדער אין א גלאז, האבען מיר בעשריבען אין ס' כוורת-דבש (שאלה 11) דארט איז אויסגעריסעוועט דאס אפעראטעל דערפון אויך), און צונויף מישען מיט דעם וואסער-שטאף וועלען מיר זעהען א גרויס וואונדער אז פון די צוויי לויטערע און עדעלע גאזען וועט געבוירען ווערען א נייע מין וועלכעם מיר רופען וואסער, די אייגענע וועלכע מיר טרינקען, נאר וואונדערליך איז די זאך, אז די צוויי גאזען בעזונדער זענען א סם און אין איינעם בעקומען זיי גאר איין אנדער נאטור מיט איין אנדער געשטאלט, און עס דערקוויקט אלע איברים ווען מען איז נאר דורשטיג.

נא, ליבער לעזער! איהר וועט שוין דאכט זיך קאנען צו טהיילען וואסער ד. ג. בעשאפען וואסער! (דא קענט איהר פרעגען: וואס-זשע איז שוין די קונץ צו זיין א גאט אז א מענש קאן אויך בעשאפען אזאך? דער תירוץ איז אבער, מיר קענען בעשאפען וואסער גלייך ווי דער שניידער בעשאפט א קאפאטע; אז מען גיט איהם קארט מיט באוויליך א. ד. ג. בעשאפט ער, אבער ווען ניט מאכט ער גאר ניט, דא איז אויך אזוי אז גאט האט אונז בעשאפען גאזען מאכען מיר וואסער אבער גאזען בעשאפען קאנען מיר ניט). יעצט וועל איך אייך אויפקלערען ווי אזוי אנצינדען וואסער.

איהר זאלט וויסען אכלל אז וואסער-שטאף ווען מען טהיילט איהם אב בעזונדער און מען לאזט איהם ארויס פריי ברענגט ער די וועלט, ווען מען רירט צו איהם נאר צו א פונק פייער האפט ער זיך תיכף אן מיט א שרעקליכען פלאם, און א מאהל קאן מען איהם אנצינדען גאר אן פייער ווי מיר וועלען ווייטער זאגען. די גאז בעלייכטונג וועלכע מיר זעהען אין אלע גרויסע שטעדט איז ניט מער ווי וואסער-שטאף וועלכע מען טרייבט איהם דורך רערען אונטער דער ערד וואוהין מען וויל, מיט א מאשין וואס געפינט זיך אין א בעזונדער הויז דערצו געבויעט אין עק שטאדט. ס'רוב פון די לעזער האבען מסתמא געזעהען ווי אזוי אז מען לאגט צו א שוועבעלע צום רערעל



טוהט זיך דער פלאם שנעלל אחאפ מיט אזא תאוה, ווי א ווילדע חיה צו פלייש. — אצונד איז גאר גרינג צו פערשטעהן אז מיר וועלען אונזער אפעראציע מאכען ניט אין א גלאז נאר אין א פלעשעל און מיר וועלען ארויסלאזען דעם וואסער-שטאף דורך א שמאל רערעל, וועלען מיר איהם קענען אנצינדען פונקט ווי מיר צינדען אן די גאז-בעלייכטונג און ער וועט דא אזוי שטארק ברענען ווי דארט. נאר דער פלאם וועט דא זיין ניט אזוי ווייס נאר בלאהליך. די סבה דערפון איז ווייל דא איז דער וואסער-שטאף ניט אזוי ריין ווייל ער געהט גלייך פון דער וואסער און דארט ווערט ער געריינגט און געלייטערט דורך פערשידענע כלים (וועלכע מיר וועלען אין איין אנדער צייט בעשרייבען). אצונד קאנט איהר שוין ליבע לעזער אלעס אליין זעהען מיט אייערע אויגען (איהר דארפט שוין ניט מעהר גלייבען אויף נאמנות). נאר מיר מוזען בעמערקען אז די מענשען וואס ווילען דאס פרובען דארפען וויסען ווי אזוי זיך אויסהיטען פון א סכנה, לכן זאלען זיי געדענקען: ראשית אז האלין אדער זאלץ-זייער וועלכען מען גיסט צו צו דער וואסער טאר מעהר ניט זיין ווי 1/9 פון דער סומע וואסער. צווייטענס איידער מען צינדט אן מוז מען ווארטען און לאזען די וואסער זידען לערך צעהן מינוט, ווארום אין די ערשטע צעהן מינוט געהט דער זויער-שטאף אויך צו ביסלעך מיט'ן וואסער-שטאף (גלייך ווי איינער געהט בעלייטען א שכן טוב). און אז דער זויער-שטאף דער-טאפט פייער מאכט ער חרבונות. נאך די צעהן מינוט אבער, געהט שוין ריינער וואסער-שטאף, איהם מעג מען אנצינדען. אז מען לעגט צו א שוועבעלע צום רערעל און עס טוהט א קנאק ווי פון א ביקס איז א סימן אז מען דארף נאך ווארטען (פאר דעם קנאק דארף מען זיך ניט דערשרעקען, דאס איז נאר א סכנה פאר די צעהן מינוט, אבער נאך די צעהן מינוט איז דאס קיין סכנה ניט). מיר בעטען די מענשען וועלכע זענען ניט געוואוהנט געווארען מיט חימישע פראבען זיי זאלען נעמען א קלענערע כלי און וואסער נאר אן גיסען ביז העלפט, און אנשטאט „האלין" נעמען זאלץ-זייער און גע-דענקען וואס מיר האבען אויבען געזאגט, דאמאלס מעגען זיי אן פארכט מאכען די צשיקאווע פראבע וועלען זיי זעהן נפלאות הבורא אז וואסער קאן געבען פייער. איין גלאז וואסער קאן געבען פייער אויף דריי שעה אדער מעהר. אז מען וויל דער פלאם זאל זיין ווייס דארף מען אנזעצען א שטיקעל אומגעלאשענעם קאלך אין א דראט און האלטען איבערן פלאם. אז מען וויל דאס פייער זאל זיך אליין אנצינדען אן א שוועבעלע דארף מען האלטען א שטיקעל פלאטינא שוואם (אזא מעטאל) איבערן רערעל וועט זיך אליין אנצינדען. אויף דעם לעצטען אופן קען מען אויסטרויען א פייערצייג ביי וועלכען מען קען שטענדיג פעררויכערן א פאפיראס און מאכען פייער ווען מען וויל (מיר וועלען דאס אין אנאנדער צייט בעשרייבען פאדראבנע) איינינע מעחאניקען האבען דאס שוין געמאכט און עס איז גאנץ גוט און זעהר וויגאדנע צו האבען אין א שטוב. פיל גילערנטע האבען שוין געוואלט איינפיהרען מען זאל מיט וואסער הייצען און ווארעמען ווינטער די הייזער, ס'איז זעהר מעגליך עס קאסט נאר אביסעל טהייערער פון האלץ, נאר מיר האפען מיט דער צייט וועט מען דערצו אויך געפינען א עצה. און מיר וועלין הייצען מיט וואסער.

דוד הורוויץ (משדה לבן)

# דער לונאַטיק.*)

## I.

דער שיללער פון דער דריטער קלאַססע טשערמאַק איז שטענדיג געשלאָפען מיט מיר אין איין צימער — אזוי דערצעהלט אַ געוויסער רוסישער שרייבער יעווגעניע מאַרקאָוו — און דורך דעם האט זיך צווישען אונז געבונדען אַ גרויס פריינדשאפט. חאָטשי עס האט אפילו נישט געפאַסט פאר מיר, שיללער פון דער פירטער קלאַססע, זיך מיט איהם צו פיהרען, דאָך האב איך דאס מעהר געטהון נאָר אלס רחמנות ווייל טשערמאַק האט געהאט זעהר אַ טרויעריגעם געזיכט, ער האט שטענדיג געקרענקט אויף שקראָפעל, זיינע אויגען וואַרען שוואַך און איבערהויפט האט ער געמאַכט אויף יעדען איין איינדרוק מיט זיין קראַנקען אָרגאַניזם; אויסער דעם האט ער זעהר שלעכט געלערענט, חאָטשי ער איז גאַנצע טאָג געזעסען איבער די ביכער. זיין פאָטער (אַ קאַפּיטאַן) האט נישט געוואָלט דענקען ער זאל אַרויסטרעטען פון דעם גימנאַזיום ווייל ער האט געלערענט אויף קאַזיאָנגע רעכנונג; אַז מען האט איהם דערצעהלט אַז ער לערענט שלעכט און האט נישט געמאַכט די פאַרגעבענע לעקציעס, פלעגט ער איהם שלאָגען אונערבאַרעמליך פאַר אַללע שיללער און בעאַמטע. איך האב זעהר מיטלייד געהאַט מיט איהם און האב נאָך מעהר ליעב בעקומען טשערמאַקין פאַר זיין וואונדערליכען חאַראַקטער: ער פלעגט זיך מיט קיינעם נישט קריגען אָדער שלאָגען ווי עס קומט אָפט פאָר צווישען שיללער, יעדען האט ער אָבגעטרעטען דעם וועג, אין דער

*) לונאַטיזם (שלאָפוואַכען, טרוימוואַכען, שלאָפוואַנדלען) איז איין אַרט נערווענקראַנקהייט, וועלכע ווירקט אַם מייסטען ביים וועקסעל (בייטען זיך) דער לבנה. די מענשען (לונאַטיקער), וועלכע זענען אונטערוואָרפען דער קראַנקהייט שטעהען אויף שלאָפענדיג און וואַנדלען אַרום, די אויגען זענען ביי זיי מייסטענס פערמאַכט. עס איז געוועזען ביישפּיעלע אַז די לונאַטיקער זענען אויפגעשטאַנען ביי נאַכט, געגאַנגען אין שאַנק אריין, האָבען דאָרט געטרונקען, געגעסען, בעצאָהלט און דערנאָך געגאַנגען צו הויזע און זיך אין בעט געלעגט און צום מעהרסטען מיט פערמאַכטע אויגען. אנדערע עפענען דאָס פענסטער, קריכען ארויף אויף דעם דאַך און אויף אַנדערע געפעהרליכע הויכע אָרטער, וואו קיין וואַכענדיגער מענש וועט זיך פארגעווים נישט אַיינשטעללען ארויפצוגעהן. איין פראַנצעזישער דאָקטאָר דערצעהלט אין אַ ספּעציאַלני מעדיצינישעם ווערק אז ער האָט פערזאָנליך געזעהן ווי בעדיענטע (לונאַטיקער) זענען אויפגעשטאַנען, אָנגעצונדען אַ ליכט און האָבען געבראַכט אין אָרדענונג די צימער און דאָס הויז-מעבעל. ווען מען זעהט אַ לונאַטיק, זאָלל מען איהם ניט שטערין און ביי זיין נאָמען רופען, ווייל דערפון קאָנען לייכט זיין אַ גרויסס אומגליק. די בעסטע עצה איז פון דעם פראַנצאָזישען דאָקטאָר, — אַז מען זאלל אַ נאַססען טוך אנידערלעגען ביים בעט פון דעם לונאַטיק און ווען ער וועט נאָר אויף איהם די פיס אַנידערשטעללען ווערט ער תיכף וואַכענדיג, קוממט צו זיינע ריינע געדאַנקען און לעגט זיך צוריק אין בעט אַריין.



שטילל און מיט גרויס געדולד האט ער איבערגעטראָגען די שטענדיגע ווערטעליך פון זיינע חברים און נאָר איינינגע פון די צולאָזטע שיללער פלעגען איהם שלעכט בעהאַנדלען. אָפטער האב איך איהם אַוועק געגעבען מיין גלאָז טהע, מיין פריהשטיק, ווייל מיר האָבען געוואָהנט און געגעסען צוזאַממען. מערקווירדיג, טשערמאַק, וועלכער האט קיינמאָל נישט געקענט די לעקציעס, האט געהאט אַ בעזונדערן טאַלענט צו ערצעהלען מעשיות פון טוידטע, לצים, שדים, רוחות, כשוף מאַכערס א. ז. וו. זיין יונגעס הארץ האט געליבט אין די פאַנטאַסטישע מעשיות; איבערהויפט אין די גרויסע ווינטער נאַכט האָבען אַללע מיט גרויס אינטערעס ליעב געהאט צו הערען די ערצעהלונגען, וועלכע טשערמאַק האט נישט איין מאָהל ווידערהאָלט. אפילו ווען ער איז געלעגען אין שפיטאָל — און דאָס וואַר זעהר אָפט — פלעגען מיר צו איהם געהן ער זאלל אונז דערצעהלען דיינע מעשיות.

זיין אַ שאָנעם יום-טוב טאָג, ווען עס זענען געוועזען אַללע פריי, האָבען מיר זיך אַרומגעזעצט אַרום טשערמאַקין און איהם אָנגעבעטען ער זאָל אונז דערצעהלען איינינגע פון זיינע מעשיות אַז די האָר אויף דעם קאָפּ זאָללען זיך אויפהויבען.

„טשערמאַק — האט זיך אָנגערופען סאַווקין — מען זאָגט אַז ביי דיין פאָטער אין הויז איז דאָ רוחות, שדים; איך האב נעכטען זעלבסט געהערט אַז איין אַלטע ווייסט וואָס עס קומט דאָרט פאָר ביי אייך, אפילו דער גובערנאַטור האט זיך דאַמיט שטאַרק פאַראינטערעססירט און האט בעפוילען מען זאלל מאַכען וועגען דעם אַ שטרענגע סלעדסטוויע“.

„אמת — האט זיך אָנגערופען דאַרויף טשערמאַק — ביי אונז אין הויז קומט ווירקליך פאָר שרעקליכעס, זאָנדערבאַרעס, אפילו צו דערצעהלען איז אַ שרעק!“

אַז מיר האָבען נאָר דאָס דערהערט, האָבען מיר נאָך מעהר אָנגעהויבען צו בעטען טשערמאַקין ער זאלל דערצעהלען, דערביי האָבען אַלע פערשפּראָכען צו זיצען שטילל, סאָליד און נישט איבערשלאָגען דעם ערצעהלער.

— איהר ווייסט דאָך שוין — האט אָנגעפאַנגען טשערמאַק — אַז מיין פאָטער איז נאַטשאַלניק פון דעם עטאַפּ. איינמאָל האט ער גוט אויסגעשמיסען איין אַרעסטאַנט פאַר אַ גנבה, וועלכען מען האט פערשיקט קיין סיביר; ווי עס האט זיך אָבער דערנאָך אַרויס געוויזען איז דאָס געוועזען גאַנץ אומזיסט, דער אַרעסטאַנט איז אין דעם נישט שולדיג געוועזען. ווען מיין פאָטער האט איהם געשמיסען איז ער שוין נישט געוועזען קיין יונגער מאַן און נאָך דער „זיסער אָפּעראַציע“ האט ער אַראָפּגענומען דאָס היטעל, זיך אָנגעבויגען אין דרייען און געזאָגט: „איך דאַנק אייך זעהר העררר קאַפּיטאַן פאַר דעם כבוד. איך וועל אייך שטענדיג געדענקען, נאָר איך האָפף אַז איהר וועט מיך אויך נישט פאַרגעסען“. מען האט איהם פאַרקאַוועט אין די קאַנדאַלען און אַוועק געשיקט ווייטער מיט דעם עטאַפּ. דאָס איז געוועזען פאַר נאַכט — און ביי דער נאַכט...“

טשערמאק האט זיך אדורעשטעללט, פארמאכט די צוויי קליינע אויגען און א לאנגען זיפץ געטהון.

— וואס „ביי דער נאכט?...“ — האבען אללע א פרעג געגעבען.

— שטעלט אייך פאר — האט טשערמאק ווייטער דערצעהלט — מיין מוטטער איז צוגעגאנגען צום אויוען ארויסנעהמען דעם טאפ מיט בארשט צו דער וועטשערע, אין מיטען טהוט זי א קוק און זעהט ווי דער טאפ קריכט צו איהר זעלבסט גלייך פון דעם אויוען...“

— אוי! אוי וועה! דערצעהל שוין נישט ווייטער, שרעק אונז נישט — האבען זיך איינינע אנגערופען.

— די מוטטער איז אנטלאפען, דער טאפ האט זיך אנגעהויבען צו קאטשען אויף אללע זייטען און זיך אראפגעקאטשעט אויף דער פאדלאגע און צופלויגען זיך אויף שטיקלעך. דער פאטער איז אויפגעשטאנען פון דעם טיש צוגעשפרונגען צום אויוען און פלוצלינג האבען די שטיינער אנגעהויבען צו פליהען גלייך אויף איהם, ער אין איין צימער, אין דעם צווייטען און פון דארט גלייך דורך דעם פענסטער... די מוטטער איז געפאללען חלשות. באלד זענען זיך צונויפגעלאפען סאלדאטען, אבער אין אללע צימערן איז שוין געוועזען א שרעקליכע אונארדנונג: די טישען, בענק, שאפפעס זענען נישט געשטאנען אויף זייערע ערטער. אללע האבען נאר איינם געזאגט: אז דאס איז נישט אנדערש נאר א שפיטצעל פון דעם געשמיסענעם ארעסטאנט...

אט אזעלכע א סך איבער-נאטירליכע מעשות האט טשערמאק ליעב געהאט אפט פאר אונז קינדער צו דערצעהלען.

„איך זאג אייך — האט יאראנאוו געגעבען זיין מיינונג וועגען טשערמאקס מעשה מיט דעם געשמיסענעם ארעסטאנט — אז דאס איז פארגעוויס רוחות, שדים. מענשען זענען נישט אימשטאנד אזעלכעס צו טהון. בעססער וואלטען מיר געענדיגט די שרעקליכע זאכען צו דערצעהלען ביי דער נאכט, מיר געהן דאך באלד שלאפען... די גאנצע נאכט וועט זיך אונז חלום'ן...“ מעהר פון אללע האב איך געפיהלט דעם שרעק; אויף מיר האבען טשערמאקס ערצעהלונגען אם מערסטען זעהר אטיעפען איינדרוק געמאכט. מיין שרעק האט זיך נאך פערגרעסערט אז איך האב בעדארפט דורכגעהן דורך דעם לאנגען פינסטערען קארידאר, עס האט זיך מיר געדאכט אז דארט ליעגט שוין פארגעוויסס א מענגע שדים, רוחות א. ז. וו.

---

# II.

אין אללע שלאפצימערן איז געוועזען אזוי פיעל מענשען און אזוי לעבטיג אז באלד בין איך געווארען אביסעל מונטערער און פרעהליכער. דער פראסט האט זיך געלאזט



פיהלען אפילו אין צימער און די לויטערע שאנע לבנה האט אריינגעשמייכעלט אין די פיעלע פאנסיאן פענסטער. די ליכט וואס האבען געברענט זענען געוועזען גאנץ איבריג, אזוי העלל האט בעלייכטעט אונזער שלאפצימער די לבנה מיט איהרע זילבערנע שטראהלען. אז מיר האבען זיך איבערגענוג אנגעפלוידערט, האבען מיר זיך אנגעהויבען פארצובערייטען שלאפען צו לעגען. מיין בעט איז געשטאנען נעבען דער וואנד און טשערמאקס בעט פונקט אקעגען פענסטער דורך וועלכען די לבנה האט פונקט אריינגעשיינט און זיך אפגעמאהלט אויף טשערמאקס געלעגער.

— איך — האט זיך פלוצלינג אנגערופען טשערמאק — האב עפעס היינט מורא זיך צו לעגען געגען דעם פענסטער, עס ווייזט זיך מיר אויס אז איך לעג מיר ווי אין וואסער אריין... פאר וואס מאכט מען נישט קיין פארהאנגען צו די פענסטער?...

די זעלטענע שאנע ווינטער-נאכט האט אויף מיר א זעלטענעם איינדרוק געמאכט. איך האב נישט אויפגעהערט צו קוקען פון מיין געלעגער אין פענסטער אריין.

— זעה נאר טשערמאק — האב איך זיך אנגערופען — וואס פאר א שענעם מענשליכעם געזיכט עס קוקט צו אונז אריין דורך דעם פענסטער... צוויי גרויסע אויגען, א מויל, א נאז, איצט קאנן מען אללעס זעהען... מיין באבע האט מיר שטענדיג געזאגט אז דאס איז די צורה פון א מלאך...

— איך האב שטענדיג שרעקליך מורא צו קוקען אויף דער לבנה — האט געענטפערט טשערמאק — אז איך טהו נאר אויף איהר א בליק ווערט מיר שווער אויף דעם הארץ, עס ווערט מיר נישט גוט, דער קאפ מיינער דרעהט זיך, דער שווייס גיעסט זיך פון מיר, איך ווייס דאמאלס זעלבסט ניט וואס מיט מיר טהוט זיך...

— רעד נישט קיין נארעשקייט, דו ביסט נאך גאר א קינד! מענשען האבען נאר מורא ווען עס איז פינסטער, אבער אין אזא שאנער ליכטיגער נאכט איז פארקעהרט פרעהליכער יעדען אויף דעם הארץ, איך האב שטערבליך ליעב אזעלכע נעכט מיט אזא זעלטענער ריינער לבנה.

— און איך — האט זיך ווידער אנגערופען טשערמאק — פונקט פארקעהרט, אין אזעלכע נאכט בין איך נישט „איך...“ אויף דער שאנער גאלדענער לבנה קאנן איך פון דער נאטור נישט קוקען, דאס זעלבע וועל איך איצט טהון. — דערביי האט ער בעהאלטען זיין קאפ אונטער דער ווארעמער קאלדרע... איך בין איינגעשלאפען מיט א געשמאקען זיסען שלאף...

פלוצלינג האט מיך עפעס א שטארקען שטופ געגעבען, איך האב אויפגעעפינט די אויגען. אין גאנצען צימער, וועלכעס איז געוועזען פולל מיט בעטליך פון די שילער, איז געוועזען שטילל ווי אויף א בית הקברות, צייטענווייס האט זיך נאר געהערט א חראפ פון א שיללער, די ליכט זענען שוין לאנג פערלאשען געווארען און דאס גאנצע צימער איז געוועזען העלל בעלייכטעט פון דער איינציגער לבנה. איך האב א בליק געגעבען אויף טשערמאקס בעטט און פאר גרויס שרעק האב איך נישט געוואוסט וואו איך בין... אויף זיין געלעגער איז געשטאנען א הויכער ווייסער סלופ (סטאלב) אין א געשטאלט פון

אַ מֶענְשֶׁעז מִיט טְשֶׁערְמַאקס גֶעזִיכְט. זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַרָאפְּגֶעלָאזְט צוּ דֶער עֶרְד אוּנ דִי הֶאנְד אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען גֶעגֶען דֶער לְבָנָה. אַנְפַאנְגְס הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט אוֹיפְשְׁטֶעהְן, לוֹיפֶען, שְׁרַייעֶן, אוֹיפְוֶועקֶען, נָאר פַאר גְרוֹיס שְׁרֶעק בִּין אִיךְ מֶעהְר נִישְׁט אִימְשְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶען צוּ טְהוּן נָאר קוּקֶען אוּנ קוּקֶען אוֹיף דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער וַוייסֶער פִיגוּרֶע! ... אִין אֵיינִיגֶע סֶעקוּנְדֶען אַרוּם אִיז מִיר קַאלְט גֶעוָוארֶען פַאר שְׁרֶעק, אַזֶעלְכֶעס הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גָאר נִישְׁט עֶרְוַוארְטֶעט; דִי פִיגוּרֶע הָאט זִיךְ צוּגֶעלָאזְט צוּ מִיר; יֶעצְט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעזֶעהֶען אַז דָאס אִיז טְשֶׁערְמַאק, מִיר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז עֶר גֶעהְט נִישְׁט נָאר עֶר שְׁוִוימְט, אַזוֹי לַייכְט הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע פִיס בֶּעוֶועגְט, דִי אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פֶעסְט פֶערְמַאכְט אוּנ דִי הֶאנְד הָאבֶּען עֶטְוָואס גֶעזוּכְט אִין דֶער לוּפְט. פְּלוּצִים פִיהל אִיךְ גַאנְץ גוּט וִוי עֶר טְרֶעט אוֹיף מִיר, שְׁפַּאנְט אִיבֶּער מַיינֶע פִיס, אִיבֶּער מַיין בּוֹיךְ אוּנ גֶעזִיכְט, אַזוֹי לַייכְט כִּמְעַט וִוי אַ פֵייגֶעלֶע, דֶערְנָאךְ אוֹיף קַאלִינָאוְוסְקֶעס בֶּעט אוּנ וִוידֶער צוּם פֶענְסְטֶער, וַוייטֶער — אוֹיף זַיין גֶעלֶעגֶער אוּנ נָאךְ אַ מָאל צוּם פֶענְסְטֶער, וֶועלְכֶעס הָאט אִיהְם צוּ זִיךְ גֶעצוֹיגֶען וִוי אַ וַואהְרֶער מַאגְנֶעט. אִיךְ הָאבּ אַלְס גֶעקוּקְט מִיט בֶּעוואוּנְדֶערוּנְג אוּנ גְרוֹיס שְׁרֶעק אוֹיף דֶער שְׁנֶעע וַוייסֶע פִיגוּרֶע. וֶועלְכֶע הָאט בֶּעוִויזֶען קוּנְצֶען וִוי אַ אֱמֶת גֶעבּוֹירֶענֶער אַקְרָאבַּאט (קָאמֶעדְרַיאַנְטְשִׁיק)... פַאר גְרוֹיס פַּחַד הָאבּ אִיךְ אִין דֶער פְרִיה נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס מִיט מִיר זֶעלְבְּסְט טְהוּט זִיךְ. אִיךְ הָאבּ דֶעם גַאנְצֶען טָאג נִישְׁט גֶעלֶערְנְט, נִישְׁט גֶעגֶעסֶען, נִישְׁט גֶעטְרוּנְקֶען. אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִישְׁט דֶערְצֶעהְלְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בַּיי דֶער נַאכְט אוֹיף טְשֶׁערְמַאקֶען הָאבּ אִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג מוֹרָא גֶעהַאט צוּ קוּקֶען אוּנ מִיט אִיהְם צוּ רֶעדֶען. אוֹיף דֶערְנַאכְט הָאט עֶס מִיךְ אִין אַ פִיבֶּער אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען, אִיךְ הָאבּ אַלְס זִיךְ גֶעפְרֶעגְט: וֶועט עֶר הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט וַוייטֶער מַאכֶען דִי שְׁפִּיעל? קָאן דָאס דֶען מֶעגְלִיךְ זַיין אַז אַלֶע נַאכְט זָאל עֶר אַזוֹי אַרוּמְוַואנְדֶערְן? נִישְׁט אוּמְזִיסְט דֶערְצֶאהְלְט עֶר זֶעלְבְּסְט אַז בַּיי זֵיי אִין הוֹיז אִיז דָא רוּחוֹת, שֵׁדִים, עֶס קָאן זַיין אַז דִי זֶעלְבֶּע שֵׁדִים, רוּחוֹת, לִיעגֶען אִין אִיהְם אוּנ אִין זַיין פָאטֶער! אַנְדֶערְשׁ קָאן עֶס נִישְׁט זַיין!... וָואס זָאל אִיךְ אָבֶּער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער טְהוּן? פַאר וָואס דַארְף אִיךְ לַיידֶען אוּנ אִיבֶּערְטְרָאגֶען יֶעדֶע נַאכְט אַזוֹי פִיעל שְׁרֶעק? אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען דֶעם אִינְסְפֶּעקְטָאר עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶער צִימֶער, נָאר וָואס וֶועל אִיךְ טְהוּן אַז עֶר וֶועט מִיךְ דָארְט גֶעפִינֶען אוּנ וֶועט זָאגֶען: „אָ! אָ! דִי בִּיסְט פוּן מִיר אַנְטְלָאפֶען, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער דִיךְ וִוידֶער דֶערְטַאפְּט!"... דַאמָאלְס וֶועט נָאךְ עֶרְגֶער זַיין! אוֹיסֶער דֶעם קָאן דֶער אִינְסְפֶּעקְטָאר זָאגֶען: וָואס אִיז דָאס פַאר נַייעֶס, שְׁלָאף וִוי דִי בִּיזְט גֶעשְׁלָאפֶען בִּיז אִיצְט! אִיךְ וֶועל דֶערְצֶעהְלֶען דֶערְפוּן יָארָאנֶייעוו'ן, עֶר אִיז אַ מָאלָאדְיֶעץ אוּנ הָאט נִישְׁט קֵיין מוֹרָא פַאר דִי קוּנְצֶען, מִיר וֶועלֶען זִיךְ לֶעגֶען צוּזַאמֶען אוּנ אִיךְ וֶועל זַיין אַבִּיסֶעל רוּהִיגֶער.

---



## IIJ

עֶס אִיז שְׁפֶּעט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער נַאכְט, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפִיהלְט מוּנְטֶערֶער אוּנ דוּהִיגֶער חָאטְשֶׁי אִיךְ הָאבּ עֶס אֲפִילוּ נִישְׁט עֶרְוַוארְטֶעט פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט. מֵילָא וָואס אִיז אַז טְשֶׁערְמַאק אִיז אַ לוּנַאטִיק? עֶס אִיז דָאךְ דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען! עֶר אִיז אַוַדַאי קְרַאנְק אוּנ גֶעפֶערְלִיךְ פוּן, דֶעסְטְוֶועגֶען קָאן מֶען דָאךְ אִיהְם אוֹיסְהַיילֶען עֶר זָאל מֶעהְר נִישְׁט אַרוּם וַואנְדֶערְן בַּיי דֶער נַאכְט, עֶר זָאל קֶענֶען שְׁלָאפֶען רוּהִיג וִוי מִיר אַלֶע. מָארְגֶען מוּז אִיךְ דֶערְצֶעהְלֶען דֶעם דָאקְטָאר פוּן אוּנְזֶער גִימְנַאזְיֶע אַז טְשֶׁערְמַאק אִיז אַ לוּנַאטִיק, עֶר וֶועט אִיהְם נֶעהְמֶען אִין שְׁפִּיטָאל אַרַיין אוּנ דֶער פֶעלְדְשֶׁער אָדֶער אֵיין אַנְדֶערֶער וֶועט שְׁלָאפֶען מִיט אִיהְם. דֶערְוַוייל הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען מִיט טְשֶׁערְמַאקִין פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע נַארִישְׁקֵייטֶען כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ גוּט אִיבֶּערְצַייגֶען אַז אִין אִיהְם אִיז אִין אֱמֶת'ן נִישְׁטָא קֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס, נָאר מֶעהְר נִישְׁט וִוי אֵיין אֵיינְפַאכֶער שִׁילֶער פוּן דֶער דְרִיטֶע קְלַאסֶע. קוּקֶען אוֹיף אִיהְם גֶעוֶועהְנְלִיךְ הָאבּ אִיךְ פָארְט נִישְׁט גֶעקֶענְט, אִיךְ הָאבּ אַלְס מוֹרָא גֶעהַאט עֶר זָאל נִישְׁט דֶערְקֶענֶען אִין מִיר אַז אִיךְ וַוייס פוּן אַלֶעס... מִיר הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז עֶר פַארְשְׁטֶעהְט מַיינֶע גַאנְג אוּנ וַוייסְט אַלֶע מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען. אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען אַ קְלֵיין פַייעֶרְעל, אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהלְט אַז עֶר זָאגְט אִין דֶעם מָאמֶענְט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט: „וַוארְט נָאר וַוארְט, פָארִיגֶע נַאכְט הָאסְט דוּ מִיךְ גוּט גֶעפִיהלְט, אָבֶּער נָאךְ בֶּעסֶער וֶועסְט דוּ מִיךְ הָאבֶּען צוּ גֶעדֶענְקֶען הַיינְטִיגֶע נַאכְט, אִיךְ וַוארְט נָאר אַז אַלֶע זָאלֶען אַיינְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען..." אִיךְ הָאבּ אַקוּק גֶעגֶעבֶּען אִין פֶענְסְטֶער, דִי לְבָנָה הָאט נָאךְ הֶעלֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער גֶעשַׁיינְט וִוי נֶעכְטִין, אִיהְרֶע שְׁטְרַאהְלֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּוָוארְפֶען אִיבֶּער'ן גַאנְצֶען צִימֶער דוּרְךְ דִי הוֹיכֶע נִישְׁט פֶערְדֶעקְטֶע פֶענְסְטֶער... אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעפִיהלְט אַז הַיינְט וֶועל אִיךְ שׁוֹין פַארְגֶעוִויס נִישְׁט שְׁלָאפֶען אוּנ מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק הָאבּ אִיךְ עֶרְוַוארְטֶעט דִי סְצֶענֶע וִוי עֶר וֶועט אַרוּמְשְׁפַּאצִירֶען מִיט דִי פַארְמַאכְטֶע אוֹיגֶען אוּנ צוּשְׁפְּרֵייטֶע הֶענְדְט. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער נָאךְ מֶעהְר גֶעפִיהלְט אַז הַיינְט וֶועל אִיךְ נִישְׁט אִימְשְׁטַאנְד זַיין אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן פָארִיגֶע נַאכְט. אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דַאנֶען אָדֶער בְּלַייבֶּען אוֹיף דֶעם גֶעלֶעגֶער פַאר שְׁרֶעק?... הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט.

אִין צִימֶער אִיז מִיט אֵיין מָאל שְׁטִילל גֶעוָוארֶען, אַלֶע זֶענֶען זֶעהְר שְׁנֶעל אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען, מִיךְ אָבֶּער הָאט מֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וִוי אוֹיף דֶעם וַואסֶער!

— דוּ שְׁלָאפְסְט שׁוֹין? — הָאבּ אִיךְ גֶעפְּרוּבְט פְרֶעגֶען קַאלִינָאוְוסְקִין.

קַאלִינָאוְוסְקִי הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— דַאכְט זִיךְ דוּ שְׁלָאפְסְט אוֹיךְ נִישְׁט? — הָאבּ אִיךְ נָאךְ הֶעכֶער גֶעפְרֶעגְט. קֵיינֶער הָאט מִיר וַוייטֶער נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם קִישֶׁען אוּנ זִיךְ אִין דֶער שְׁטִיל צוּגֶעהֶערְט. פוּן קַאלִינָאוְוסְקִיס בֶּעט הָאט זִיךְ נָאר גֶעהֶערְט אַרוּהִיגֶעס אוּנ שְׁטִילֶעס אָטְהֶעמֶען.

„ער שלאפט שוין!" – האט פלוצים א זאג געגעבען טשערמאק; איך האב אינגערליך געפיהלט אין זיין זאגען אז ער פערשטעהט גאנץ גוט מיין יעצטיגע לאגע, מיין הארץ, מיין שרעק, אונ מיט וואס פאר א צוועק איך וועק אזוי שטארק קאלינאווסקין. פון איבערראשונג בין איך צוריק אנידערגעפאלען אויף דעם קישען, אונ גאר נישט געענטפערט, מיין הארץ האט געקלאפט ווי א זייגער אונ פאר גרויס שרעק האב איך צו זיך זעלבסט געזאגט: „היינט וועט ער זיך מיט מיר אפרעכענען"...

## IV.

א זעלטענער קאנצערט האט זיך געהערט אין אונזער שלאף-צימער, אייניגע האבען געאטהעמט אונ פון דעם שלאף געסאפעט, אנדערע האבען געפייפט מיט די נאז אונ געשמאק געחראפעט, יעדער האט עפעס געהאט זיין פערשיעדענעם טאן מיט זיין מוזעקאלני אינסטרומענט; דאס האט אויף מיר נאך מעהר איינדרוק געמאכט ווי דיא שטילקייט פון דער שאנער העללער נאכט. איך בין געלעגען אין איין שרעק אונ אין מורא. ענדליך האב איך דערהערט א ביסטרע אטהעמען פון טשערמאקס בעט, ער שלאפט שוין! עס קאנן זיין היינט וועט ער זיך שוין נישט אויפהעבען ווייל זעהר מעגליך אז די קראנקהייט קומט-פאר ביי איהם נישט אפט, פון דעסטוועגען – האב איך געטראכט – צו זיין רוהיגער איז בעסער ווייטער זיך צו בעהאלטען אונטער דעם בעט, ווייל לונאטיקער בעזיצען א בעזונדערע קראפט, אונ וואס וועל איך מהון אז ער וועט אויסציהען זיינע לאנגע האנד אונ מיך אין איין מינוט דערקוועטשען?

נישט לאנג טראכטענדיג האב איך צונויפגענומען מיינע קליידער אונ בין אין דער שטיל ארונטערגעקראכען אונטער קאלינאווסקעס בעט, זיך אזוי בעקוועם דארט אנידערגעלעגט כדי איך זאל אללעס קענען זעהען. א לאנגע צייט בין איך געלעגען אין אזא לאגע, איך האב שוין געדענקט אז היינט וועט ער נישט מאכען די שפיעל מיט זיינע זעלטענע קונצען. פלוצים טשערמאק שטעהט שוין אויסגעצויגען אין דעם ווייסען ליילעך פון זיין געלעגער אויף מיין בעט מיט פארמאכטע אויגען אונ דושעט מיט גרויס כעס מיין קישען, וועלכעס איז פונקט איצט בעלייכטעט געוועזען פון דער לבנה. פון זיין מויל האט זיך געגאסען די סלינע, ער האט עפעס געשפראכען נאר מיט אזא אונמענשליכע שטיממע אז אלע מיינע גלידער זענען פארקיהלט געווארען, איהם האט זיך געדאכט אז ער בארעט זיך מיט איימיצין אונ ענדליך האב א ך דייטליך געהערט: „א! א! דו וועסט זיך ביי מיר נישט אויסרייסען!" ער האט אלע מאל מיט מעהר קראפט געדושעט דאס קישען, זיך געזעצט דארויף אונ נאך אין גרעסערען כעס געקוועטשט; ענדליך איז ער פלוצים אומגעפאללען אויף דעם בעט אונ זיך א שב ירקען קלאפ געגעבען אין שטערען!...

איך האב געדענקט אז נאך דעם וועט ער שוין נישט אויפשטעהן, איך האב אבער דאמאלס גראדע פערגעסען אז טשערמאק איז א לונאטיק...

משה האבבערג.



# וועטערונג.

פון מיכל וועבער.

## א) וואס איז אזוינ'ס א ווינט?

עס קענען זיך געפינען פיל וואס רעדען זיך איין, אז זיי ווייסען גענוג וואס א ווינט איז. זיי ווייסען למשל, אז א ווינט איז: די לופט בלאזט פון מזרח זייט, פון צפון זייט, פון מערב זייט אדער פון דרום זייט אדער גאר פון א ווינקעל. אונ די איז פאר זיי גאנץ גענוג, זיי מיינען אז עס איז שוין גאר מעהר ניט דא צו וויסען. אבער אין אמת אריין זענען זיי אין גרויסען טעות, במחילה, זיי ווייסען גאר ניט. אונ נאך מעהר מענשען זענען דא וואס ווייסען בעונותינו הרבים נאך ווייניגער אונ האבען קיין שום בעגריף ניט איבער די לופט אונ וועגען ווינט, אונ עבען פאר זיי שרייב איך דאס ארטיקעל. אונ אויך די וואס ווייסען יא אז א ווינט איז אז די לופט בלאזט, וועלען אויך דא געפינען בעסערע, אויספירליכע ערקלערונג וועגען ווינט.

איידער איך וויל ערקלערען וואס איז אזוינ'ס א ווינט מוז איך פריהער ערקלערען וואס איז אזוינ'ס די לופט.

איהר מוזט וויסען, אז די לופט איז א מין קערפער. דאס הייסט זי האט א ממש ווי אללע אנדערע קערפער וואס געפינען זיך אויף דער וועלט, ווי למשל ערד, וואסער, שטיינער, האלץ וכדומה.

א קערפער הייסט יעדע זאך וואס פארנעמט א'נ'ארט, דאס הייסט אז דארט וואו דער קערפער געפינט זיך קען קיין אנדערער קערפער ניט זיין, למשל ווען איהר זיצט אויף א שטוהל קען קיין אנדערער ניט זיצען אויף דער זעלבער שטוהל ביז איהר וועט זיך אויפהייבען אונ פריי מאכען דאס ארט. אז איהר גיסט אן א גלאז פול מיט וואסער איז דאס ארט אינ'ם גלאז פארנומען אונ איהר קענט שוין אין דעם גלאז קיין אנדערען קערפער ניט אריין פיהרען, אונ ווען איהר וועט אריין שטעקען אינ'ם גלאז א פינגער אדער איהר וועט אריין לעגען א שטיין וועט ארויס געהען פונ'ם גלאז אזוי פיל וואסער ווי פיל ארט דער פינגער אדער דער שטיין פארנעמט.

עס איז פערהאנען קערפער וואס מען זעהט זיי מיט'ן אויג אונ מען קען זיי אנטאפען מיט די האנד, ווי למשל שטיין, האלץ וכדומה, אונ עס זענען דא קערפער וואס מען קען זיי אנטאפען אבער זיי זענען ניט לייכט צו בעמערקען מיט'ן אויג, ווי למשל גלאז וואס איז דורכזיכטיג אזוי אז עס דאכט זיך אונז אז עס איז גאר ניט

דא. צו די קערפּער וואס מען קען מיט'ן אויג ניט זעהען געהער אויך די לופט. זי איז דורכזיכטיג און עס דאכט זיך אז עס איז גאר ניט דא, אבער יעדאך איז די לופט א קערפּער, זי פארנעמט א'נ'ארט. מען קען זי אויך אנטאפּען און מען קען זי וועגען אויף די וואג.

עס איז גאנץ לייכט צו איבערצייגען אז די לופט פארנעמט אנ'ארט: נעמט למשל א בלאזע אדער א באלען (א פילקע, א מוניאטש) און פילט זי אן מיט לופט, פארמאכט זי גוט פון אללע זייטען אזוי, אז עס זאל ניט בלייבען קיין לעכעל וואס די לופט זאל קענען ארויס געהען, וועט איהר זעהען אז די לופט פארנעמט א'נ'ארט, דאס הייסט אז די בלאזע אדער די פילקע איז פול מיט לופט און דאס ארט איז פארנומען, אזוי אז איהר קענט בשום אופן דעם פינגער אויף יענעם ארט ניט אריין זעצען, און ווען איהר וועט זיך נייטען דער'צו און וועט קוועטשען דעם פינגער מיט כח ער זאל אריין אין דעם ארט וואס די לופט פארנעמט אינ'ם באלען אדער אין די בלאזע, וועט זי פלאצען און די לופט וועט ארויסגעהען און דעמאלט וועט דאס ארט פריי בלייבען און דער פינגער וועט אריין. אויך וועט איהר בעמערקען ביי דער בלאזע וואס איז אנגעפילט מיט לופט אז זי וועגט עטוואס מעהר ווי אהן לופט. אויך איז צו בעמערקען דערביי אז מען קען די לופט אין דער בלאזע כמעט אנטאפּען.

א קערפּער קען זיין שטער אדער געדעכט, הארט אדער ווייך, למשל שטיין איז א הארטער קערפּער און אויך א געדעכטער; האלץ איז אויך א הארטער קערפּער אבער ניט אזוי געדעכט ווי שטיין; וואסער איז א שיטערער און א ווייכער קערפּער. די לופט איז נאך שיטערער און פיל ווייכער ווי וואסער.

יעדער הארטער און געדיכטער קערפּער קען ווערען ווייך און שיטער ווען מען ערווארמט איהם. למשל אז איהר לעגט אריין אייזען, צין, קופּער וכדומה אין פייער, ווערט עס א שיטערער קערפּער, דאס הייסט עס ווערט פליסיג ווי וואסער. ווען איהר קיהלט עס אב ווערט עס צוריק געדעכט און הארט.

דערפון זעהט איהר אז די ווארם האט א כח צו אנדערן דעם צושטאנד פון יעדען קערפּער און מאכען איהם שיטערער און ווייכער, דאס הייסט די חלקים'לעך פונ'ם קערפּער ווערען דורך דער ווארם אבגערוקט איינס פונ'ם אנדערן, אזוי אז דער קערפּער ווערט שיטער.

יעדער קערפּער קען זיין אין איינעם פון דריי צושטאנדע: הארט, פליסיג ווי וואסער אדער גאר שיטער ווי לופט. נעמט למשל א שטיק אייז, דאס הייסט א געפרוירען שטיק וואסער, האט איהר א הארטען קערפּער, ערווארמט איהם וועט ער צוגעהען און וועט ווערען פליסיג, דאס הייסט ער וועט ווערען וואסער; ערווארמט איהם נאך מעהר, דאס הייסט שטעלט דאס וואסער צו קאכען ביים פייער וועט עס ווערען פארע אדער אזוי ווי לופט.

יעדער הארטער קערפּער פארנעמט ווייניגער ארט און איז שווערער ווי א



שיטערער קערפּער, דאס הייסט ווען דער קערפּער איז הארט און געדעכט ברויך ער ניט אזוי פיל ארט צו פארנעמען און ווען ער ווערט שיטערער, דאס הייסט די חלקים'לעך ווערען אבגערוקט און ערווייטערט איינס פונ'ם אנדערן, ברויך ער מעהר ארט צו פארנעמען.

אויך א פליסיגער קערפּער, ווי למשל וואסער, פארנעמט ווייניגער ארט דעמאלס ווען ער איז קאלט און מעהר ארט ווען ער איז ווארם. אז איהר גיסט אן א פולען טאפּ מיט וואסער און שטעלט איהם צום פייער, וועט איהר זעהען אז וואס מעהר דאס וואסער וועט ווארמער ווערען וועט עס מעהר ארט פארנעמען און אזוי ווי דער טאפּ איז געוועזען פול און עס איז שוין ניט געבליבען קיין ארט אין איהם, וועט זיך דאס וואסער שטופּען אין אנ'אנדער ארט, דאס הייסט עס וועט זיך פארשפּרייטען אויסער דעם טאפּ, עס וועט אריבער געהען איבער די זוימען פונ'ם טאפּף.

דער קאלטער קערפּער איז געדעכטער ווי דער ווארמער און ממילא איז ער לייכטער אויף די וואג, דאס הייסט ער פארמאגט אין זיך ווייניגער מאססע ווי דער ווארמער. למשל אז איהר האט אנגענאסען א פולען טאפּף קאלט וואסער און איהר האט איהם געוואגען אויף דער וואג האט ער געהאט 10 פונט און נאכדעם האט איהר איהם אנגעווארמט ביים פייער און וועגט איהם נאך א מאל וועגט ער שוין ווייניגער ווי פריהער. פאר וואס איז דאס? ווייל אין דעם טאפּף איז שוין ניט דא אזוי פיל מאססע, דאס הייסט אזוי פיל וואסער ווי פריהער, ווייל בשעת דאס וואסער האט זיך ערווארמט און האט זיך אויסגעברייטערט איז דערפון ארויס געלאפען איבער די זוימען א געוויסער טהייל און דאס פעהלט יעצט צו דער וואג.

דאס איינענע מיט אנדערע ווארטער: אז איהר נעמט א ביסעל קאלט וואסער וואס פארנעמט א קוביטשנע צאל און דאנגעגען א ביסעל ווארם וואסער אין די זעלבע מאס און לעגט אויף די וואג, וועלכעס וועט שווערער זיין? דאס קאלטע.

יעדער קאלטער קערפּער, ווייל ער איז שווערער אויף די וואג ווי א ווארמער, שווערט אראב און ליגט אימער פון אונטען און דער ווארמער שווימט קאפויר. דאריבער אז מען שטעלט צו צום פייער א טאפּף וואסער און עס ווארמט זיך ביסליכווייס, שווימט אימער דאס ווארמע וואסער ארויף און דאס קאלטע ליגט אונטען ביי דעם באדען פונ'ם טאפּף. דערפון שטאמט דאס זידען (דאס צוואלעווען) פונ'ם וואסער, דאס הייסט יעדעס ביסעלע וואסער וואס ערווארמט זיך פאקט זיך קאפויר און עס שווימט ארויף און דאס קעלטערע פאלט אראב. דאס טהוט זיך אהן אויפהער כל זמן דער טאפּף וואסער שטעהט ביים פייער.

דאס זעלבע וואס איהר האט געזעהען ביז אהער ביים וואסער טהוט זיך אויך ביי דער לופט, דאס הייסט די ווארמע לופט שווימט אימער קאפויר און די קאלטע פאלט אראב. למשל ווינטער אז איהר הייצט דעם אויוען, ווארמט זיך די לופט אין שטוב און די ווארמע שווימט ארויף צום באלקען און די קאלטע פאלט אראב צום

אוסבארען (פאל, פארלאנג) . אז איהר עפענט דעמאלס די טהיר פון שטוב און איהר האלט די האנד אויבען, וועט איהר שפירען אז די ווארמע לופט געהט ארויס, דאס הייסט זי שווימט ארויס פון אויבען, און די קאלטע לופט פון דרויסען פאקט זיך אריין אין שטוב פון אונטען. ווען איהר שפירט דאס ניט גוט מיט דער האנד קענט איהר זיך איבערצייגען מיט א ליכט: אז איהר האלט עס אין דער טהיר אויבען וועט איהר זעהען אז דער פלאם שטופט זיך ארויס, און ווען איהר האלט עס אונטען שטופט זיך דער פלאם אריין, דאס הייסט די לופט שטופט עס אריין אין שטוב.

דער טעם פון דעם איז דער זעלבער ווי ביי דעם וואסער אינ'ם טאפף — ווייל די קאלטע לופט איז שווערער אויף דער וואג און דאריבער פאלט זי אראב און די ווארמע איז לייכטער אויף דער וואג און דאריבער שווימט זי קאפויר.

*

*

יעצט ליבע לעזער אז איהר האט שוין א בעגריף וועגען די קערפער, וועגען די איינגנשאפטען פון זיי און וועגען דער קראפט פון דער ווארם צו מאכען ווייך און שיטער יעדען קערפער, און איהר ווייסט אז די ווארמע לופט שווימט אימער קאפויר און די קאלטע פאלט אראב, קענען מיר שוין אביסעל ארויסגעהען אויף די פרייע וועלט און בעטראכטען די לופט וואס הילט איין די גאנצע ערד ארום און ארום.

פאר איידער מיר בעטראכטען די לופט אויף דער ערד מוזען מיר פריהער בעטראכטען די ערד אליין און זעהען ווי אזוי זי זעהט אויס.

די ערד זעהט אויס ווי אנ'אפעלסין אדער ווי א באלען ארום און ארום קיילעכדיג אזוי ווי איהר זעהט די פיגור.




די גלייכע שטריכען וואס איהר זעהט אויף דעם פיגור פון אויבען אראב זאלען ביי אייך אין געדאנקען זיין אזוי ווי כלומרש'ט רייפען וואס נעמען ארום די ערד, איינע גראדע אין מיטען, זי איז בעצייכענט אויבען און אונטען מיט אות א, זי איז די גרעסטע,



ווען מען זאל זי מעסטען מיט א לאנגען פאדעם וואלט דער פאדעם געהאלטען אין דער לענג 5400 גרויסע מיילען. די אנדערע רייפען אין ביידע זייטען אבגערוקט פון דער מיטטע זענען בעצייכענט מיט די אותיות ב, ג, ד, זענען קלענער, וואס מעהר אבגערוקט אין דער זייט זענען זיי קלענער און ווען מען זאל זיי מעסטען מיט א פאדעם וועט דער פאדעם שוין ניט האלטען 5400 מיילען נאר א סך ווייניגער, אזוי אז למשל די רייף ב וועט האלטען ארום און ארום 4500 מיילען, די רייף ג — 3000 מיילען, ד — נאך ווייניגער.

די ערד קייקעלט זיך ארום און ארום פון מערב צו מזרח אללע מעת לעת איין מאל, אזוי אז יעדע רייף קייקעלט זיך יעדען מעת לעת איין מאל ארום. קומט אויס אז די מיטעלסטע רייף א מאכט איהר רייזע א מהלך פון 5400 מייל אין א מעת לעת (24 שעה), די רייף ב מאכט איהר רייזע 4500 מייל אין א מעת לעת, די רייף ג — 3000 מייל אין א מעת לעת א. ז. וו., דאס הייסט אז דער מענש וואס זיצט אויף דער רייף א פאהרט שנעלער ווי דער וואס פאהרט אויף די רייף ב, חאטש אלע פאהרען איין מאל ארום יעדען מעת לעת, ווייל דער ערשטער האט א גרעסער שטרעקע צו פאהרען ווי דער צווייטער. —

שטעלט זיך נאך פאר אין געדאנקען כלומרש'ט אז בשעת די ערד קייקעלט זיך אזוי ארום און ארום האט זיך א שטיק פון דער מיטעלסטער רייף א אבגעריסען און איז איבערגעשפרונגען אדער איבערגעריקט געווארען ביז דער רייף ב אדער ג, און דאס אבגעריסענע שטיקעל לויפט ווייטער פון מזרח צו מערב מיט דער זעלבער געשווינדיג-קייט, דאס הייסט א מהלך פון 5400 מייל אין א מעת לעת, וועט זיך אויסקומען אז דאס שטיק אבגעריסענע רייף וועט ארום לויפען דער ערד אויף דעם ארט ב אדער ג א קלענערע צייט פון א מעת לעת, ווייל דער מהלך 5400 מייל איז דאך דארט פיל מעהר ווי דער אומקרייז פון דער ערד.

דעסגלייכען פארקערט אז א שטיקעל פון דער רייף ב אדער ג האט זיך אבגעריסען און איז איבערגערוקט געווארען ביז א, און עס קייקעלט זיך דארט ווייטער מיט דער זעלבער געשווינדיגקייט וואס פריהער 4500 אדער 3000 מייל אין א מעת לעת, וועט דאך אויסקומען אז עס וועט ניט אויספייען ארום צופאהרען ארום דער ערד אין א מעת לעת ווייל דארט איז דעם אומקרייז ארום און ארום 5400 מייל, און דאריבער וועט עס בלייבען אונטערשטעלליג.

כדי איהר זאלט די זאך בעסער פערשטעהן זאלט איהר נעמען אנ'אפעלסין אויפ-שטעקען אויף א שפיזעל אזוי אז די ביידע עקען פונ'ם דראט זאלען ארויס שטעקען פון ביידע זייטען דארט ווי אויף די פיגור זענען געצייכענט די בוכשטאבען פ פ. האלט דאס שפיזעל פעסט ביי איין עק אזוי אז די אפעלסין זאל שטיין אין די זעלבע ריכטונג וואס די פיגור מיט איהרע אותיות. יעצט דרעהט די אפעלסין ארום און ארום אויף דעם שפיזעל און דאס שפיזעל זעלבסט זאל זיך ניט בעוועגען.

אזאיערנאך קענט איר אייך פארשטעללען די בעוועגונג פון דער ערד ארום

זיך, דאס הייסט אז די צוויי פונקטען פ, פ שטעהען און בעוועגען זיך ניט, נאר די גאנצע פיגור בעוועגט זיך און דרעהט זיך ארום און ארום.

* *
*

נאכדעם ווי איהר האט שוין אזוי בעטראכט די ערד און איהר פערשטעהט איהר פארם און איהר אומדרעהען זיך ארום און ארום קענען מיר שוין אנהייבען בעטראכטען די לופט וואס הילט איין די ערד.

די גאנצע ערד איז איינגעהילט ארום און ארום מיט א דיקע הילע פון לופט אקוראט אזוי ווי א'נ'אפעלסין איז איינגעהילט מיט א שאל.

די לופט-שאל פון די ערד אדער די הילע איז דיק עטליכע צעהנדליג מייל'ען. דאס הייסט אז פון דער ערד ביז די העכסטע שיכטע (וואַרסטוואַ) לופט איז ווייט עטליכע צעהנדליג מיילען.

איהר קענט זיך איינ'ם געדאנקען פארשטעלען, אז די לופט-שאל פון דער ערד איז אזוי ווי גאנץ דיקע רייפען גאנץ נאהענט איינע צו דער אנדערער ארום און ארום דער ערד; נאר דא איז ניט דריי פיער רייפען, נאר א גאנץ גרויסע מענגע און זעהר ענג איינע נעבען דער אנדערער. די אללע רייפען קייקלען זיך ארום צוזאמען מיט דער ערד אללע מעת לעת איין מאל ארום.

די זון שיינט אויף דער ערד און ערווארמט זי צוזאמען מיט די לופט אזוי ווי דאס פייער ערווארמט דעם טאפ וואסער.

נאר ניט אלע ערטער אויף דער ערד ווערען גלייכצייטיג ערווארמט און ניט אומעדום איז די היטץ פון דער זון גלייך; אויף טהייל ערטער איז די ווארם שטארקער און אויף טהייל ערטער איז זי וויינינגער. למשל דאס געגענד וואס ליגט גראדע אין דער מיטטע פון דער ערד, דאס הייסט אויף דעם פאס וואס איז בעצייכענט אויף דער פיגור מיט די רייף א (מען רופט עס עקוואטאר), איז שטענדיג ווארמער ווי די געגענד וואס ליגען אבגערוקט אין דער זייט צו דרום און צו צפון, דאס הייסט אויף די רייפען ב, ג, ד און אזוי ווייטער. פאר וואס דאס איז אזוי, איז לייכט צו פערשטעהן: ווייל די שטראלען פון דער זון קומען צו דעם עקוואטאר גלייך פון אויבען אראב און זיי זענען שטארקער ווי די שטראלען וואס קומען צו די אנדערע געגענד פון דער קרים, דאס הייסט פון דער זייט. די שטראלען וואס קומען פון דער זייט זענען ניט אזוי הייס.

לויט דעם קומט אויס, אז די לופט וואס געפינט זיך אין דער געגענד פון דער מיטטע ערד, אדער אזוי ווי מען רופט דאס ביי די געלעהרטע מאנגער: דאס קלימאט פונ'ם עקוואטאר איז פיל הייסער און שטערער און ממילא לייכטער אויף דער וואג ווי די לופט וואס געפינט זיך אין די אנדערע געגענד אין ביידע זייטען פונ'ם עקוואטאר





פון דרום זייט און פון צפון זייט, און דעריבער שווימט די לופט פון אונטער דעם עקוואטאר אימער קאפויר און צושפרייט זיך אויבען אין דער הייך אויף ביידע זייטען צו דרום און צו צפון, און די קעלטערע לופט פון ביידע זייטען פון דער ערד, פון דרום און פון צפון, פאקט זיך אונטען ביי דער ערד צום עקוואטאר וואס דארט בלייבט ליידיג ארט וואס דיווארמע לופט איז ארויף געשווימען, אקוראט אזוי ווי עס מאכט זיך בשעת מען אפענט אויף די טהיר פון שטוב ווינטער — געהט די ווארמע לופט פון שטוב ארויס אין דער הויך און די קאלטע פאקט זיך פון אונטען אריין פון דרויסען אין שטוב.

אזוי'ערנאך ענטשטעהען אויף דער צוויי בעשטאנדיגע ווינטען: איינער בלאזט אין דער הויך פונ'ם עקוואטאר צו ביידע זייטען פון דער ערד צו דרום און צו צפון, און איינער בלאזט אונטען ביי דער ערד פון ביידע זייטען צום עקוואטאר; ביי אונז אין אייראפא למשל וואס ליגט אויף צפון זייט פונ'ם עקוואטאר איז דער ווינט פון דער הויך — פונ'ם עקוואטאר, א דרום ווינט און פון אונטען — פון דער זייט, א צפון ווינט. אין אויסטראליע אדער אין ארגענטינא וואס ליגען אויף דרום זייט פונ'ם עקוואטאר איז פארקעהרט דער סדר: פון אויבען בלאזט א צפון ווינט פונ'ם עקוואטאר און פון אונטען א דרום ווינט צום עקוואטאר.

דאס קען יעדער לעזער זעהען אז טהייל מאהל בלאזט אונטען ביי דער ערד א צפון ווינט און ווען ער קוקט ארויף אין די הייך וועט ער זעהען אז די וואלקענס טראגען זיך פון דרום צו צפון, דאס הייסט אז דארט אויבען בלאזט א ווינט פון דרום זייט, און אויך טהייל מאהל פארקעהרט.

ווען די ערד צוזאמען מיט איהר לופט-שאל זאל זיך ניט בעוועגען, דאס הייסט זי זאל זיך ניט דרעהען אום זיך יעדען מעת לעת ארום און ארום, וואלטען אימער די צוויי'ערליי ווינטען געוועזען אהנע ענדערונג, נאר ווייל די ערד דרעהט זיך אללע מעת לעת ארום און ארום פון מערב צו מזרח, קומען פאר ענדערונגען און די ביידע שטענדיגע ווינטען: די לופט וואס שווימט פונ'ם עקוואטאר צו דרום און צו צפון, דאס הייסט כלומערשט דאס שטיק רייף א וואס האט זיך אבגעריסען און איבערגערוקט למשל ביז ב אדער ג, לויפט מיט א גרעסערע געשווינדיגקייט פון מערב צו מזרח ווי די לופט וואס געפינט זיך אויף ב אדער ג, דאס הייסט אז דער דרום ווינט ווערט דאמאלס א מערב ווינט אדער ער בלאזט אין דעם קרים אנגעבויגען צו מזרח, עס הייסט פון ווינקעל מערבית-דרומית; און ווידער פארקעהרט, דער צפון ווינט, אדער די לופט וואס שווימט פון דער זייט פון דער ערד צום עקוואטאר, אדער דאס שטיק רייף ד וואס האט זיך אבגעריסען און איבערגערוקט ביז ג אדער ביז ב לויפט ניט מיט אזא געשווינדיגקייט פון מערב צו מזרח ווי די לופט וואס געפינט זיך אויף דער רייף ג אדער ב, דאס הייסט זי בלייבט אונטערשטעללינ און עס ווערט דערפון א מזרח ווינט אדער א ווינקעל ווינט פון מזרחית-צפונית.

* *

די מענשען וואס וואהנען נאהענט פונ'ם ים האבען נאך צווייערליי ווינטען: ביי טאג בלאזט ביי זיי א ווינט פונ'ם ים צו דער יבשה און ביי נאכט בלאזט א ווינט פון דער יבשה צום ים. דאס שטאמט פון דעם, וואס די יבשה ערווארמט זיך געשווינדער און קיהלט זיך אב אויך געשווינדער ווי דער ים, דעריבער ביי טאג ווערט די לופט אויף דער יבשה געשווינדער ווארם און זי שווימט קאפויר און די קאלטע לופט פונ'ם ים פאקט זיך צו דער יבשה צו פארנעמען דאס ארט וואס בלייבט ליידיג, דאס הייסט עס בלאזט א ווינט פונ'ם ים. ביי נאכט ווידער קיהלט זיך די לופט אויף דער יבשה געשווינדער אב און די לופט אויפ'ן ים איז דעמאלס ווארמער און שווימט קאפויר, און די קאלטע לופט פון דער יבשה פאקט זיך צום ים, דאס הייסט עס בלאזט א ווינט פון דער יבשה צום ים.

* *
*

ווען די לופט וואס שווימט פון ערגיץ בעגעגענט אויפ'ן וועג א בארג און זי קען ניט ווייטער שווימען, דרעהט זי זיך אן א זייט און נעמט אנ'אנדערע ווענדונג; אזוי ערנאך קען ווערען פון א צפון ווינט — א מזרח ווינט אדער א מערב ווינד.

ווען צוויי ווינטען טרעפען זיך געגענאיבער, איינער למשל בלאזט פון מזרח צו מערב און דער צווייטער פון מערב צו מזרח בייגען זיי זיך אב און נעמען ביידע צו־זאממען א נייעם וועג אין א זייט צו צפון אדער צו דרום. אזוי ערנאך ענטשטעהען אויך שטורמווינטען, דאס הייסט אז די לופט לויפט גאנץ געשווינד און מיט א שטארקען אימפעט.

די לופט וואס שווימט אין דער הויך פונ'ם עקוואטאר צו ביידע זייטען פון דער ערד, ווען זי קומט אבגערוקט פון דעם ערשטען ארט קיהלט זי זיך ביסליכווייס אב, און אזוי ווי זי ווערט קאלט פאלט זי אראב נאהענט צו דער ערד, און ווייל זי האט זיך ביז יעצט בעוועגט פונ'ם עקוואטאר למשל צו צפון געהט זי ווייטער אין דער זעלבער ריכטונג פון דרום צו צפון. אזוי ערנאך האבען מיר א דרום ווינט.

* *
*

לויט דעם אללעם וואס איך האב ביז אהער געשריבען קענט איהר פערשטעהן אללערליי ווינטען פון אללע פיר זייטען און אויך פון די ווינקלען דרומית־מזרחית, דרומית־מערבית, צפונית־מזרחית און צפונית־מערבית, און איהר פערשטעהט גוט וואס איז אזוינ'ס ווינט.

---

# אַ פְרִישֶער מֹחַ.

---

אונזער מח וועלכער ליעגט בעהאלטען אין א גראבען ביינערנעם קאסטען, איז דאכט זיך גוט בעשיצט און בעווארענט פאר א שאדען; פון דעסטוועגען קאנען מיר גאנץ דרייסט זאגען, אז ער איז מעהר פון אלע אונזערע אנדערע אברים געשטעלט אין סכנה צו געשאדיגט ווערען.

מיר מיינען ניט געשאדיגט ווערען פראסט פיזיש: א קלאפ אדער א ריס א. ד. ג. — הגם דאס קאן אויך אמאל טרעפען. מיר מיינען אזא מין שאדיגונג וואס דורך איהר וועט דער מח, אפילו ווען ער איז גאנץ, ניט זיין אים שטאנד צו טהון דאס וואס ער בעדארף טהון; ער וועט ווערען שטומפיג און וועט ניט קאננען ערפיללען אלעם וואס ווערט היינט געפאדערט פון א ציוויליזירטען מענשען. א שטומפיגער, אנ'אפגעניצטער מח האט אלע צייטען געטויגט אויף כפרות, און א מכל שכן אין היינטיגע קלוגע אויפגעקלערטע צייטען.... דרום אז מיר ווילען אונזער מח זאל זיין פריש און געזונד, מוזען מיר איהם גוט אבהיטען, אכטונג געבען אויף איהם לויט ווי די היגיענע פאדערט, און זיך זארגען פאר זיין געזונדהייט נאך מעהר ווי פאר אלע אונזערע אנדערע איברים.

על כן דארפען מיר ראשית זעהען אז אונזער גוף בכלל זאל זיין געזונט און פריש, ווייל דער מח וואס ווערט גענאהרט מיט שלעכטען בלוט, אדער מיט צו ווייניג בלוט, קאן ניט טהון זיין ארבייט כשורה. מיר ווייסען גאנץ גוט, ווי אויפגעלעגען ס'איז דער מענש וואס האט א מאגען־קאטאר אדער א הארץ־פעהלער וכדומה. מיר ווייסען אויך ווי דער מענש איז געשטימט ווען ער איז א הונגעריגער און ווען ער איז זאטט...

די געזונדהייט פונ'ם מח פערלאנגט ווייטער, מיר זאלען איהם ניט לאזען פאר־גראבט אדער פארשלאפען ווערען. מיר דארפען כסדר איבען און נוטצען אונזערע גייסטיגע כחות. דאס לעבען בעשטעהט אין בעוועגונג און טהאטיגקייט, און אקוראט ווי אונזערע מוסקעלען און איבערהויפט אלע אונזערע אברים ווערען נאר דאמאלס גענוג ענטוויקעלט ווען זיי זענען בעשעפטיגט און טהוען זייער ארבייט, אבער ווען זיי זענען אונבעשעפטיגט ווערען זיי קאליקעס אדער זיי שטארבען אפ, אזוי איז אויך מיט'ן מח. לאזט מען איהם אהן בעשעפטיגונג ווערט ער אויך א קאליקע, א בעל מום.

דרום בעדארפען מיר כסדר ליעפערען אונ פערשאפפען אונזערען שכל פרישע נאהרונג, פרישען מאטעריאל, ניט קוקענדיג אויף די יאהרען צו איז מען יונג אדער אלט. מען דארף זיך קיינמאל ניט בעגניגען מיט איין בעשעפטיגונג. זיך אפגעבען איין שפעציעללער ארבייט; פארקעהרט, מען דארף זיך בעמיהען אז דער גייסט, דער מח, זאלל האבען פערשיעדענע בעשעפטיגונגען, אמאל דאס, אמאל יענץ. די מענשען וואס טהוען אריין זייער גאנצען קאפף נאר אין איין זאך, ווערען מיט דער צייט איינזייטיג, זייער שכל איז שוין דאמאלס ניט פעהיג צו אנדערע זאכען. איז דער מענש למשל, א בעל חשבון אונ ער טהוט זיך אריין גאנצע טאג נאר אין מאטעמאטיק וועט ער מיט דער צייט ווערען ווי א רעכען-מאשין אונ וועט ניט מעהר פאהיג זיין צו אנדערע וויססענשאפטען. — לאפוקי אבער ווען דער מענש וועט פון צייט צו צייט אקוק געבען ווייטער פון זיינע ד׳ אמות, ווען זיין שכל וועט אפטערס ארויסשווימען ווייטער פון דעם שטרודעל וואס דארט דרעהט ער זיך ארום אין זיין שפעציעללער בעשעפטיגונג, ווען ער וועט זיך אינטערעססירען אויך מיט אנדערע וויססענשאפטען אונ קונסטע, דאמאלס וועט זיין גייסט אויפגעפרישט אונ זיין מח אויפגעמונטערט ווערען, אונ ער וועט אויך אין זיין שפעציעללער ארבייט קאנען טהון מיט מעהר לעבעדיגקייט...

דאס זעלבע איז מיט אונזער זכרון. מיר טארען איהם ניט לאזען רוהען, אונבעשעפטיגט, ווי עס טרעפט זעהר אפט, בעזאנדערס ביי בעיאהרטע מענשען... פיעל מיינען אז אויף דער עלטער איז אונז שוין דער זכרון ניט נאטהיג; דאס איז אבער א גרויסער טעות. דווקא אויף דער עלטער קומט אונז אויס אם מייסטען צו נעהמען פון אט דעם אוצר — אונ דרום בעדארפען מיר כסדר פילעגען אונ שארפען אונזער זכרון, כדי ער זאל ניט שטומפיג אונ פארראסטעט ווערען. מיר בעדארפען אונז בעמיהען, צו דערמאנען זיך אלעס וואס מיר האבען אמאל געזעהען אונ געהערט, געפיהלט אונ געטראכט א. ז. וו., כדי דאס אלעס זאל זיך גוט איינפרעסען אין אונזער מח אונ דער אוצר פון „זכרונות" זאל זיין שטאנדיג פול, אפילו אויף דער עלטער.

איך קען צוויי אלטע לייט. איינער הייסט למשל A. אונ דער אנדערער B. ביידע האבען געהאט אין דער יוגענד שארפע מחות; ביידע האבען זיך שטאנדיג אבגעגעבען מיט גייסטיגע ארבייט אונ ביידע האבען פיעל דורכגעמאכט אין זייער לעבען. מיט A. איז זעהר אנגענעהם צו פארברענגען, ער וועט אונז דערצאהלען גאנצע פעק מעשות פון זיין לעבען, פון זיינע אלטע בעקאנטע א. ד. ג. אונ מיט B. וועט אונז זיין שווער צו זיצען אפילו איין האלבע שטונדע, ער איז שוין ווי א אידיאט. B. האט געהאט אבעסערען זכרון פון A., נאר דער לעצטער פלעגט שטאנדיג האבען אין זינן דאס וואס איז געוועזען, ער האט ליעב געהאט זיך דערמאנען אונ זאגאר פארשרייבען זיינע זכרונות, דרום איז איהם פיעל געבליבען אויף דער עלטער; אבער A. פלעגט נאר טראכטען פון דעם וואס איז יעצט אדער וואס עס וועט זיין, נאר שאפפען אונ אויפטהון נייעס, אונ אויף דער עלטער אז ער איז שוין ניט מעהר פאהיג צו דעם, איז ער פוסט אונ לעער...



די פאנטאזיע דארף דער מענש אויך ניט גרינג שאטצען. זי איז זעהר וויכטיג אין דעם מענשענס לעבען; זי קען אונז אי פיעל נוטצען אי פיעל שאדען. מען דארף זי ניט לאזען ווילד לויפען, מען דארף פאנטאזירען נאר פון אזעלכע זאכען וואס זענען ניט זעהר איבערנאטירליך, דאמאלס וועט זי אונז נוטצען ברענגען. די פאנטאזיע גיט די חכמים אונ קינסטלער די מאגליכקייט צו ערפינדען נייע המצאות, צו שאפען נייע אויפטהועכצען, אונ מיט דעם מאכט זי זיי אמת גליקליך. די פאנטאזיע וועגען גליק אונ האפפענונג שפיעלט א גרויסע ראלע אין אונזער לעבען. מיר פאנטאזירען פון גוטע צייטען, מיר פאנטאזירען אונ האפפען — אונ דאס גיט אונז מוטה צו הארעווען אונ ארבייטען. ווען עס זאל ניט זיין די האפפנונג וואלט דאס גאנצע לעבען ניט ווערטה געוועזען קיין שאג! — דאגעגען אבער ווען די פאנטאזיע ווייס קיין גרענצען ניט, ווען זי פארקריכט אן אזייט, קען זי טאקי דעם מענשען שאדען. אסך צרות אונזערע קומען ארויס נאר פון אזא ווילדע פאנטאזיע. די פאלשע איינבילדונג, די ווילדע פארשטעללונג, קאן אמאל פערשאפען דעם מענשען א אמתע קרענק. לאז זיך איינער איינבילדען אז איהם טהוט וועה עפעס א אבר, וועלען שוין די אנגעשטרענגטע נערווען ווירקען אויף יענעם אבר ער זאל טאקי אין אמת וועה טהון. — מיר זעהען די היפאכאנדריקער, די מרה-שחורה׳ניקעס, וואס טראכטען כסדר ווי שוואך זיי זענען אונ ווי קראנק זייער ארגאניזם (גוף) איז, זענען זעהר אונגליקליכע מענשען...

דער מענש האט אין זיך מאנכע פאהיגקייטען, וואס אז ער שארפט אונ איבט זיי נישט גענוג — ווערען זיי אבגעשוואכט, אונ דרום בעדארף ער זיי ניט אפלאזען פון דער ארבייט. איך וויל צום ביישפיעל אנחאפען די פאהיגקייט צו זיין א בעל דברן, זיך קאנען שאן אונ לייכט אונ גוט אויסדריקען אין דער שפראכע. — א שאנער דבור האט א גרויסע בעדייטונג. דער גוטער רעדנער קען מיט זיין צונג בעוועגען טויזענדער הערצער אונ הענדט. אונ אפילו די איינפאכסטע פארמע פון א לשון צח: קענען רעדען אין א געזעלשאפט, איז אויך גאנץ וויכטיג. א מענש אהן א מויל, א שווייגער, מעג ער זיין אפילו דער גרויסער חכם, וועט אונז ניט אזוי צוציהען צו זיך ווי דער וואס קען די קונסט פון רעדען (נאטירליך ווען ער איז נאר ניט קיין פלוידערזאק וועלכער איז אונז מעהר צו לאסט ווי צוואנציג שווייגער). ארום אזא מענשען וואס איז א בעל דברן איז שטאנדיג א רעדעל פון די וואס ווערען צו איהם צוגעצויגען דורך זיין שפראכע. אונזער הארץ ווערט צו אזעלכע מעהר צוגעזאטען ווי צו א „מרוק" וואס קען דאס מויל ניט עפענען. — אויסער דעם ווערען פיעל געדאנקען פונ׳ם מענשען פארשוואונדען ווען זיי ווערען ניט אויסגערעדט מיט ווארטער, אונ זיין גייסט ווערט ביסליכווייז פארארמט. — דרום איז זעהר א נוטצליכע זאך מען זאל זיך געפינען צווישען מענשען. די איינזאמקייט (התבודדות) שאדעט דעם גייסט. „אדער געזעלשאפט אדער דער טויט" (או חברותא או מיתותא) האבען אונזערע חכמי התלמוד געזאגט. —

מאנכעס מאל אבער קאן די איינזאמקייט ברענגען א גרויסען נוטצען אונ זיין

א גוט היגיעניש מיטעל, אויפצופרישען דעם גייסט — מען זאל נאר ניט איבערהאפען די מאאס. אין דער איינזאמקייט קען דער מענש זיך בעססער אפגעבען מיט זיך זעלבסט, מיט די אייגענע קרעפטע; ער קען זיך דאמאלס גוט בעטראכטען וואו ער האלט און וואו איז ער ערגעץ אין דער וועלט. אין דער איינזאמקייט זעהען מיר אלע זאכען אין זייער אמת'ן געשטאלט — ווייל דאמאלס שטערט אונז ניט דער גערויש און די דראבביאזגעס (קליינליכקייטען) פונ'ם לעבען. די גרויסע פלאנער און המצאות ווערען פארטיג אין דער איינזאמקייט. עדיסאהן, אז ער דארף ערפינדען עפעס א נייע מאשין פארשליסט ער זיך און בעהאלט זיך פאר מענשען ביז ער טראכט־אויס דאס וואס ער האט געוואלט. דאס געמליכע איז ביי די גרויסע פילאזאפען, שריפטשטעללער, פאעטען און קאמפאזיטער.

נאר, ווי געזאגט, די איינזאמקייט דארף זיין ניט איבעריג לאנג. זיצען אבגעזונדערט פון מענשען אלאנגע צייט מאכט א שלעכטען איינדרוק אויפ'ן חאראקטער. דער מענש ווערט דאמאלס איינזייטיג אין זיינע מיינונגען, ער ווערט א עקשן, א פעדאנט. דער מתבודד, ד. ה. דער וואס זיצט איינזאם, שאצט אנפאנגס גרינג די איבריגע מענשען, נאכדעם פעראכטעט ער זיי, און צום סוף ווערט ער א ענאיסט און א מענשענפיינד.

אין דער נאטור איז שולט דער „פעריאדען־געזעץ": ד. ה. יעדע זאך און יעדע ווירקונג דערגרייכט ביז דער גרעסטער שטופע, נאכדעם געהט עס צוריק. דאס זעלבע איז מיט דעם מח. ער ארבייט אזוי לאנג, ער שטרענגט זיך אזוי פיעל אן ביז ער ווערט מיעד און פאללט אריין אין אונבעוואוסט־זיין, וועלכעס מיר רופען „שלאף". דער שלאף איז א ברכה פון גאט. די איינגעמידטע קאמערליך פון מח און די נערווען־געוועב רוהען זיך אויס אין שלאף און ווערען אויפגעפרישט. אז דער מענש שטעהט אויף פון שלאף האט ער א לויטערען קאפ, לויטערע געדאנקען. דער בעסטער שלאף איז א שלאף אהן חלומות, אהן טריימעריען. אזא שלאף פרישט אויף דעם מח אם בעסטען. אז א מענש שלאפט זיך ניט גענוג אויס, טהוט ער זיין מח די גרעסטע עולה. דאס בלייכע אויסגעמוטשעטע פנים פון א מוטער וואס וואכט טאג און נאכט ביי'ם בעט פון איהר קראנקען קינד, איז ניט דערפון וואס זי דערעסט ניט אדער וואס זי האט זארג, נאר פון דעם וואס זי שלאפט זיך ניט אויס. לאז א מענש איין נאכט ניט דערשלאפען וועט ער ערגער אויסזעהען ווי ער וואלט א גאנצען טאג געפאסט.

די מעלה פון דעם שלאף איז ניט גאר וואס ער פרישט־אויף דעם מח און מאכט איהם פעהיג צו נייע ארבייט, נאר אויך מיט דעם וואס ער נעמט צו ביי'ם מענשען זיינע זארגען און זיין אומעטיגקייט. אין שלאף ווערט אבגעריססען דער פאדעם פון דעם מענשענס בעוואוסט־זיין און די טרויעריגקייט ווערט פארשוואונדען. אמת, נאכדעם ווי ער חאפט זיך אויף קומען צו איהם זיינע זארגען און זיין טרויעריגקייט צוריק, נייערט זעגען אבער דאמאלס שוין ניט אזוי שטארק ווי פריהער, און מיט יעדען



פריהמארגען ווערען זיי אלץ שוואכער און ווייניגער, ביז דער מענש ווערט פון זיי אין גאנצען פטור.

אויסער דעם שלאף איז פאר דעם מח נאטהיג די רוהע, — ניט קיין פאלקאממענע רוהע, ער זאל גאר אין גאנצען אויפהערען צו זיין בעשעפטיגט, נאר ער זאל איבערבייטען די ארבייט, איבערגעהען פון א שווערע אויף א לייכטערע בעשעפטיגונג. פאר'ן מח איז זעהר אומגעזונד ווען ער בעשעפטיגט זיך צו פיעל און צו לאנג מיט איין ארבייט. מיר דארפען לאזען איין טהייל מח זיך אויסרוהען און נעהמען אין דער ארבייט א נ'אנדער טהייל. אויף אזא אופן וועלען מיר זיין בעווארענט ניט מיעד ווערען פאר דער צייט.

אונזער מח האט הכנסה און הוצאה, איינקינפטע און אויסגאבען. ער נעהמט אין זיך אריין פון דרויסען פרישע איינדריקע און גיט פון זיך ארויס וואס ער האט שוין אריינגענומען פון לאנג. די הכנסה איז א בעזונדערע בעשעפטיגונג פונ'ם מח און די הוצאה — א בעזונדערע; אויף יעדער זעגען אין איהם פאראן בעזונדערע קאמערליך. על כן דארף מען זעהען אז דער מח זאל ניט האלטען כסדר אלאנגע צייט אין איין הוצאה אדער אין איין הכנסה, נאר די צוויי בעשעפטיגונגען זאל זיך בייטען, די קאמערליך זאלען זיך לאזען איינע די אנדערע אויסרוהען.

אין דער הכנסה פונ'ם מח איז אויך א נפקא מינה צו קומט זי פון הערען אדער פון זעהען. דער מענש ווערט גיכער איינגעמידט הערענדיג איידער זעהענדיג. אז מיר וועלען הערען א שווערע קאמפליצירטע מוזיק וועלען מיר גיך מיעד ווערען, נאך מעהר פארמאטערט אונז צו הערען לאנג א געשפרעך; דאגעגען אבער קאנען מיר לאנגער צוזעהען א פארשטעללונג אין צירק אדער א באלעט (טאנץ) אויב נאר עס ווערט אונז ניט לאנגווייליג. —

אין דער מיטט צווישען הערען און זעהען איז דאס לעזען. לעזען איז לייכטער פון הערען א געשפרעך און שווערער פון צוזעהען למשל א טאנץ. א מענש קען אפלעזען מיט קאפ כסדר צוויי שעה, נאכדעם פארליערט ער די געדולד און זיין אויפמערקזאמקייט ווערט שוין אבגעשוואכט. עס פארשטעהט זיך אז דאס איז פיעל געווענדט אן דעם אינהאלט פון דער זאך וואס מיר לעזען. א נ'אנגענעהמע ערצעהלונג קענען מיר לאנגער לעזען ווי למשל א שווערען פילאזאפישען ספר וואס אונזער מח דארף זיך אנשטרענגען צו איהם. נאר אפילו ביים לעזען אלייכטע זאך, וואס דער מח ווערט דאבאיי ניט זעהר אנגעשטרענגט, בעדארף מען זיך פון צייט צו צייט אפרוהען, אפרייסען די אויגען פון די בוכשטאבען, ווייל דאס צופיעל אריינקוקען אין די שווארצע אותיות שטרענגט אן די אויגען און דאס ווירקט אויך אויפ'ן מח ניט צום בעסטען...

די ארבייט־צייט פאר א שריפטשטעללער אדער א דיכטער (פאעט, משורר) קען מען אננעהמען 2 ביז 3 שעה כסדר. מעהר פון דעם משך דארף ער זיך ניט אנשטרענגען, עס קען שוין שאדען צום געהירען. אז דער שריפטשטעללער אדער דער

דיכטער האט זיך 2 אדער 3 שעה כסדר אפגעגעבען מיט „הוצאה" פונ'ם מח, געטראכט און געשריעבען, בעדארף ער ביים אפרייסען זיך פון דער ארבייט זיך פארנעהמען מיט הכנסה, אריינברענגען אין מח פרישע איינדריקע פון דרויסען, ווי למשל לייענען עפּעס, אדער נאך בעססער איז ער זאל נעהמען טהון עפּעס א פיזישע ארבייט.

איבערהויפּט איז זעהר נאטהיג, מען זאל איבערבייטען די ארבייט פון צייט צו צייט. דאס איז געזונד אי פאר'ן מח אי פאר די נערווען אי פאר דעם גאנצען קערפּער. טרויעריג איז דער גורל פון די מענשען וואס ארבייטען אהן אויפהער איין ארבייט, ווי למשל קאנצעליאריסטען וואס זיצען גאנצע טאג איינגעבויגען ביים שרייב-טיש, זעצער וואס שטעהען דעם גאנצען טאג ביי'ם קאסטען מיט אותיות און ווארפען מיט דער האנד אהן אויפהער, מוזיק-לעהרער וכדומה. זיי זענען שטאנדיג נערוועז, און דאס קומט פון צופיעל אנשטרענגונג און פון דעם וואס זיי רייסען זיך ניט אמאל אפּ פון דיזער ארבייט צו אנדערע ארבייטען. —

וויפיעל צייט דארף זיך אפּרוהען דער מענש וואס ארבייט פיזיש — ווענדט זיך אן זיין נאטור און כח א. ד. ג. פאר דעם וואס ארבייט מיט'ן מח איז אם בעסטען ער זאל איינטהיילען דעם מעת לעת אין דריי חלקים: 8 שעה זאל ער ארבייטען, 8 שעה שלאפען און 8 שעה רוהען. אויסער דעם בעדארף ער פון צייט צו צייט רוהען א גאנצען טאג כסדר. — רוהען אים שבת פאדערט ניט נאר די רעליגיע, אבער אויך די היגיענע, און די וואס ווילען ניט רוהען אין דעם הייליגען טאג זינדיגען ניט נאר קעגען גאט, אבער אויך קעגען זיך זעלבסט, קעגען זייער אייגענע געזונדהייט.

זעהר א געזונטע זאך איז ארומרייזען ווען מען ווערט פריי פון דער ארבייט. דאס איז בפרט זעהר וויכטיג פאר די וואס ארבייטען גייסטיג, מיט'ן מח. דער נוטצען פון רייזען איז א צוויי-פאכער, ערשטענס ווערט דאדורך לייכטער דעם גייסט, ער ווארפט אוועק די שווערע ארבייט און בעשעפטיגט זיך מיט לייכטערע, און צווייטענס שלעפּט אונז די רייזע ארויס פון אונזערע פיזישע און מאראלישע רגילות'ן, אונזערע אויפמערקזאמקייט בעקומט א נייע סטעזשקע, אונזער גייסט ווערט דאדורך אויפגעפרישט, און דער מענש בעקומט א פ ר י ש ע ן מח.

י. ח. זאנאראדסקי.

# קאווקאזער יודען

I.

## די גרוזינישע יודען.

אין דער שטאדט אלעקסאנדראפאל (עריוואנער גוב') וואהנען שוין גאנץ לאנגע צייט עטליכע יודישע גרוזינישע פאמיליען, וועלכע מען רופט דא ביקעס (בי"ק בעדייטעט בני ישראל קדושים). די אללע גרוזינישע יודען וואס זענען צווארפען אויף גאנץ קאווקאזער און זאקאווקאזער געגענד זענען לויט זיי זאגען אליין נאך פון דעם חורבן ראשון. אלס זיי האבען זיך צושפּרייט נאך דעם חורבן בית המקדש אין אללע פיער עקען, זענען א סך פון זיי איבערגעגאנגען קיין פערסיען און ווען רוסלאנד האט ערוואָרבען דעם היגען קראי זענען זיי געווארען רוסישע אונטערטהאנען. צוואר מען קענן זיי דא פאר יודען, דאך איז אבער זעהר שווער זיי צו אונטערשיידען פון דער איבעריגער אזיאטישער בעפעלקערונג פון דעם היגען געגענד דורך זייערע פערשיעדענע קליידונג און לעבענסארט, ווייל זייער אללגעמיינע פיהרונג איז גאר ניט ווייט פונ'ם גאנצען אזיאטישען לעבען... זיי וואהנען אויך ווי א גרויסער טהייל פון אללע איבריגע

---

*) ערהאלטענדיג אייער ווערטהען בריעף דאס איך זאלל אייך שרייבען פון די קאווקאזער יודען האט מיך זעהר געפרייט, דאס איהר אינטערעסירט זיך צו וויסען ווי עס געהט צו מיט אונזערע ברידער דא אין די ארטער, וואו מען קוקט זיך גאר וועניג אום אויף זיי, און פון וועלכע עס איז דוקא דא א סך צו שרייבען (מיר וועללען נאך אמאהל רעדען פון זיי אומשטענדליכער אין אייער „הויז-פריינד"); נאך מעהר האט מיך געפרייט, דאס איך וועל זיך קעננען בענוטצען מיט דער געלעגענהייט צו זאגען בקיצור עטליכע ווארטער פונ'ם לעבען פון אונזערע יודישע סאלדאטען, וועלכע דיענען דא אין די מקומות, האפפענד דאס איהר וועט זיך ניט אבזאגען צו צו טראגען פאר די לעזער פונ'ם „הויז-פריינד" אויך דעם קליינען איינפאכען דעססערט וועלכער איז געמאכט צוואר ניט פון קיין געשמאק נאר אמת'ע פרוכטען.

אייער איבערגעבענער אונבעקאנטער פריינד

שאול האבבערג.

איינוואהנער אין סאקליעס (קליינע הייזלעך בעדעקט מיט ערד ווי ביי אונז קעהלערס) אין די צימערן געפינט זיך קיין שום מעבעל, ווייל זיי זיצען שטענדיג אויף דער ערד — אויף קאווראען. אין שטוב געהען זיי אין די זאקען ווי דער מנהג איז דא אראב צו ווארפען די שיך אין פאר־צימער; אויף דער וואנד הענגט ביי זיי אויך ווי ביי אלע אנדערע טוזעמצעס: ביקסען, זעבלען און פיסטאלעטען וואס איז דא דאס שאנסטע בעצירונג פונ'ם הויז. אויף מזרח וואנד הענגט א בלאט מיט גרויסע העברעאישע אותיות: „ירושלים". זייער אומגאנגסשפראכע איז גרוזיניש, פון קיין זשארגאן ווייסען זיי ניט, אויך איניגע פון זיי קענען זעהר ווענינ (אויסער דעם חכם) העברעאיש. זייערע פרויען זענען לויט דעם מנהג פון היע וואהרע קנעכט, ווי צום ביישפיעל: ווען דער מאנן קומט פון דער גאס ציהט זי איהם אין פאר־צימער אראפ די שיך, די פאלטא א. ז. וו., דערלאנגט איהם טהע, עסען און אלע אנדערע הויזפערגעניגען; מיט איינעם וואָרט: ווען ער איז אין דער היים האט זי קיין פרייע מינוט ניט און האלט אין איין ארומטאנצען ארום איהם; ער אבער ליעגט זיך צולעגט ווי א גראף אויף דעם קאווראר (טעפיך) מיט דער ציגאר אין מויל און גלעט זיך די בארד פון פערגעניגען. דער מאנן מעג גאר נישט געהן אין געשעפט, אדער וואו עס איז אזוי צו פערדיענען אויף ברויט, וועט איהם דאס ווייב קיינמאהל גאר נישט זאגען.

די פרויען זייערע געהען כמעט קיינמאהל ניט ארויס אויף דער גאס און ווען עס קומט זיי יא אמאהל אויס ערגעץ צו געהן, וואס איז א זעלטענהייט, דעקען זיי איבער דאס געזיכט ווי אויך דעם גאנצען קערפער מיט א לאנגען וואל. פון בילדונג ווייסען זיי אלע זעהר ווענינ און זענען עס אליין מודה דאס מיר רוסישע יודען פערשטעהען און ווייסען מעהר פון זיי. זייערע קינדער ווערען אויך אזוי ערצויגען ווי זייערע עלטערן אהן געהעריגער בילדונג.

דער האנדעל זייערער בעשטעהט כמעט ביי זיי אלע פון הענדלערס, וועלכעס עס איז דא אין דער מאדע. ניט איינמאהל שטעלל איך מיר פאר אונזערע רוסישע יודען הענדלערס אין אמעריקא ווען איך זעה דא ארום טראגען די פעקליך אויף די פלייצעס שרייענדיג אויף ארמעניש, גרוזיניש ווי אויך אויף געבראכען רוסיש: „וואלוועלע סחורה, קויפט, קויפט!"

פאלגענדער צופאלל האט מיר געמאכט א ביסעל מעהר בעקאנט מיט דעם איננווייניגסטען לעבען פון די גרוזינישע יודען. אין חודש יוני פאריגעס יאהר איז פלוצים נפטר געווארען דער חכם (רב) פון דער היגער געמיינדע, וועלכער איז געוועזען א גרויסער קענער אין העברעאישען. די טרויריגע נאכריכט איז ווי איין עלעקטרישער בליטץ איבערגעפלויגען די אלע יודען וואס געפינען זיך דא. מיר האבען זיך תיכף אלע צו־זאממענגעקליבען, איהם צו טהון זיין רעכט... דער מת ליעגט ווי געוואהנליך אויף דער ערד איבערגעדעקט מיט א שווארצען טוך. ארום דעם מת ברענגען ליכט ווי דער שטייגער איז און עס זיצען ארום איהם די הויז־מענשען; נאר זייער בעוויינען איז פערמישט מיט זינגען וואס עס ציהט פראסט ביי דער נשמה און וויללענדיג נישט



וויללענדיג הייבט אויך אהן דער זייטיגער מענש צו וויינען... איך קען בעשטימט זאגען דאס אפילו דא אין קאווקאז וואו יעדער קען זינגען און אין די גאססען הערט זיך שטענדיג א געזאנג, איז א זעלטענהייט צו הערען אזעלכע טרויריגע הערצרייסענדע ליעדער ווי איך האב דאמאלס געהערט בעוויינען דעם מת אויף גרוזיניש. די קבורה געהט צו ווי ביי אונז יודען, נאר מיט א קליינער אויסנאהמע: דאס נאך דעם מקבר זיין דעם מת ווארפען זיי אויף אלע פיער זייטען געלד. איך האב זיי געפרעגט וואס דאס בעדייט, נאר קיין בעשטימטען ענטווארט האבען זיי מיר דארויף ניט געגעבען אויסער דעם וואס דאס איז ביי זיי אזא מנהג. פונ'ם בית עולם איז ווי פיעל עס געפינען זיך מענשען מוזען זיי אלע מיטגעהען אין דעם הויז פונ'ם מת, וואו עס ווערט געמאכט א גרויסע סעודה, און ווען עס מאכט זיך דאס מען קען די סעודה מחמת ארומקייט ניט מאכען, אלזא איז א חוב פון גוטע פריינד, קרובים אדער שכנים צו מאכען די סעודה און צו ברענגען דאס עסען אין דעם הויז פונ'ם מת. איך מיט מיינעם א חבר ה' ב. זענען אויך מיטגעגאנגען מיט אלע איבריגע וואס האבען דעם חכם מקבר געווען. א סך פון דעם עולם האבען זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד לויט דעם היגען מנהג, נאר פאר איניגע מענשען האט מען געשטעלט א טיש מיט בענקליך. איך רעכען ניט פאר איבריג צו דערצעהלען דעם זעלטענעם צוזאממענפאל וואס איז פארגעקומען מיט איינעם פונ'ם [illegible]: אין דער וואך פון זיין שטארבען (געשטארבען איז ער זונטאג) איז געקומען פון אחאלציק זיינם א תלמיד אויף שבת וועגען זיינע קאממערציעלע געשעפטען, נאר אזוי ווי ער האט זיך פרייטאג געהאט אבגעפארטיגט האט ער זונטאג געוואלט אוועק פאהרען, נאר דער מענש דענקט און גאט לענקט. פונקט אין דער צייט פון זיין אוועקפאהרען איז ער פלוצים קראנק געווארען, אזוי דאס ער האט געמוזט בלייבען, און דער צופאלל האט איהם געבראכט דערצו דאס ער האט געקאנט מקבר זיין דעם רבי'ן זיינעם. בשעת דער סעודה האט ער געזאגט זעהר א ריהרענדע רעדע אויף גרוזיניש, וועלכע מען האט אונז איבערזעצט אויף רוסיש. די אלע 8 טאג פון דער שבעה האבען מיר געמוזט געהען ערב ובקר צום מנין (אויסער די וואס בעדארפען אוועקפאהרען מוזען אלע וואס זענען געווען בשעת הקבורה געהען צום מנין, און יעדעס מאהל ווערד געמאכט נאך דעם דאווענען א סעודה). אין דער פריה פלעגען מיר דאווענען [illegible] דעם זייגער, און אזוי ווי איך און נאך אנדערע האבען ניט געקענט ווארטען, פלעגט מען אונז נישט אנדערש אבלאזען ביז מיר האבען געמוזט טרינקען חאטש קאווע. די צייט פון דער שבעה זענען די פרויען־צימער געזעסען אויף דער ערד און די גאנצע צייט געזונגען גרוזינישע טרויריגע ליעדער...

זיי האבען דא זייער איינענע שוהל, וועלכע מען רופט „גרוזינישע". אין דער וואכען קומען זיי זיך אהין כמעט קיינמאהל ניט צונויף דאווענען, אויסער שבתים און ימים־טובים, צוואר זיי זענען זעהר פרום און היטען אב יעדער רעליגיאזע פיצעלע וואס א יוד בעדארף אב צו היטען, נאר דאך האלטען זיי דערפון ניט אלע טאג מנין צו מאכען. אין שוהל געהען זיי אויך ווי אין דער היים אין די זאקען און

אַראָבְוואַרְפֶענְדִיג דִי זאָקען זאָגען זַיי דעם פָּסוּק: „שַׁל נַעֲלֶךָ מֵעַל רַגְלֶךָ כִּי הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אַתָּה עוֹמֵד עָלָיו אַדְמַת קֹדֶשׁ הוּא“. דאָס דאַווענען אִיז וִוי בַּיי אוּנְז, נאָר וואָס עֶס קוּמְט בַּיי זַיי אוֹיס מִיט דֶער פַּתַּח אוּנ מִיט אַייניגע הֲוָיוֹת אוּנ פָאַסְטעמְקֶעס וִוי צוּם בַּיישְׁפִּיעל: בְּשַׁעַת זַיי שְׁרַייען „אֶחָד“ לֶעגען זַיי צוּ דִי הַאנְד צוּם פָּנִים אוּנ קוּשֶׁען זַיי... אִים אַלְגעמֵיינֶען דאַווְענען זַיי נִיט אַלֶע צוּזאַמֶען וִוי בַּיי אוּנְז, דִי גאַנְצֶע צַייט דאַווֶענְט נאָר דֶער אַיינֶער חַזָּן אַלַיין אוּנ דֶער אִיבְּרִיגֶער עוֹלָם שְׁווַייגְט אוֹיסֶער אַייניגע אָרְטֶער זאָגען זַיי אַלֶע צוּזאַמֶען מִיט אַ שֶׁענֶעם גרוּזִינִישֶׁען מאָטִיוו וִוי „לְכָה דוֹדִי“ „מִזְמוֹר לְדָוִד“, אַזוֹי דאָס עֶס אִיז אַ פֶערְגְנִיגֶען צוּ הֶערֶען. אָבְדַאווֶענְדִיג זאָגען זַיי זִיךְ אוֹיף גרוּזִינִישׁ „גוּט שַׁבָּת“ וִוי דֶער מִנְהָג אִיז בַּיי אוּנְז יוּדען, אוּנ בְּשַׁעַת גְרִיסֶען זִיךְ לֶעגען זַיי צוּ דִי הַאנְד צוּם שְׁטֶערְן אוּנ קוּשֶׁען זִי. פַאר זַייעֶרע פְרוֹיֶען אִיז קֵיין בֶּעזוּנְדֶערֶע שׁוּהל נִישְׁטאָ, נאָר ווֶענְן זַיי קוּמֶען יאָ אַמאָהל דאַווְענען, זִיצְצֶען זַיי אִין פָאר-הַייזֶעל נֶעבֶען דֶער טְהִיר אוֹיף אַ זאַק, זַיי דאַווֶענען נִיט, נאָר זַיי שָׁאקְלֶען זִיךְ אוּנ נִישְׁט מֶעהר.

II.

## דִי פֶּערְסִישֶׁע יוּדֶען.

עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיךְ דאָ פוּן 8 בִּיז 10 יוּדִישֶׁע פֶּערְסִישֶׁע פאַמִילְיֶען. זַייעֶר אַרְט לֶעבֶּען רֶעכֶען אִיךְ פאַר אִיבְּרִיג אוּמְשְׁטֶענְדְלִיךְ צוּ בֶּעשְׁרַייבֶען, ווייל זֵי טְרָאגְט דעם זֶעלְבֶען חאַראַקְטֶער וִוי דִי גְרוּזִינִישֶׁע, דִי זֶעלְבֶּע קְלֵיידוּנְג (עִיקַּר שְׁפַּחוֹתִי — דִי אַלֶע אַיינְגֶעבִּירְטִיגֶע יוּדען טְרָאגֶען לאַנְגֶע קאַפָּאטֶעס, גְרוֹיסֶע טְשַׁאלְמֶען (אַזֶעלְכֶע מִיטְצֶען וִוי בַּיי אוּנְז בַּאראַשְׁקֶעוֶוע הִיטְלֶעךְ, זַיי וֶוערֶען דאָ גֶעטְרָאגֶען זוּמֶער אוּנ ווִינְטֶער) אַרוּמְגֶענאַרְטֶעלְט מִיט זִילְבֶּערְנֶע גאַרְטְלֶען, אַ קִינְזְשַׁאל אִין דֶער זַייט וִוי אַלֶע אִיבְּרִיגֶע טוּזֶעמְצֶעס), דאָס זֶעלְבֶּע בֶּעגֶעהֶען זִיךְ מִיט דִי פְרוֹיֶען וִוי דִי גְרוּזִינִישֶׁע יוּדען. דִי זֶעלְבֶּע עֶרְצִיהוּנְג א. ז. וו. זַייעֶר הַאנְדֶעל אִיז מאַנִיפַאקְטוּר-גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ זֶענֶען אוֹיךְ זֶעהר רַייךְ. דִי הִיסְטָארִישֶׁע בִּיאָגְרַאפְיֶע אִיז דִיא זֶעלְבֶּע וִוי דִי גְרוּזִינִישֶׁע וִוי אִיךְ הָאבּ אוֹיבֶען בֶּעשְׁרִיבֶען. זַיי זֶענֶען זֶעהר פְרוּם אוּנ דֶערְצוּ אוֹיךְ פַאנַאטִישׁ, אָבֶער מֶערְקְווִירְדִיג אִיז דאָס, דאָס זַיי זֶענֶען אַלֶע גְרָאבּ, אַזוֹי דאָס מֶעהרְסְטֶענְטְהֵיילְס קֶענֶען זַיי אֲפִילוּ נִיט דאַווֶענען; ווֶענְן זַיי זֶענֶען אִין שׁוּהל (זַיי דאַווֶענען אַלֶע אִין דֶער גְרוּזִינִישֶׁער שׁוּהל) ווִיקְלֶען זַיי זִיךְ אַרוּם מִיט דִי טַלֵּיתִים, מאַכֶען צוּ דִי אוֹיגֶען אוּנ שָׁאקְלֶען זִיךְ. פוּן קֵיין תְּפִלִּין ווייסֶען זַיי נִיט וִוי אוֹיךְ דִי גְרוּזִינִישֶׁע יוּדען. קוּמֶענְדִיג אַמאָהל מִיט דעם הִיגֶען פָאטָאגְרַאף ה׳ שֶׁעכְטֶער צוּ זַיי פְרַייטָאג פַאר-נאַכְט דאַווֶענען הָאבֶען זִיךְ דִי גְרוּזִינִישֶׁע יוּדען זֶעהר דֶערְפְרֵייט וואָס מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּנְקְט צוּ אַ מִנְיָן. אוֹיף מַיין פְרַאגֶע וואוּ עֶס זֶענֶען דִי פֶּערְסִישֶׁע יוּדען, הָאבֶען זַיי



מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט דאָס זַיי הָאבֶען זִיךְ מִיט זַיי צוּקְרִיגְט אִיבֶּער שׁוּהל-זאַכֶען אוּנ דאַרִיבֶּער קוּמֶען זַיי שׁוֹין אַ שְׁטִיקֶעל צַייט נִיט דאַווֶענען. עֶס קוּמְט בַּיי זַיי אוֹיךְ אָפְט-מָאהל פָאר מַחְלוֹקֶת׳ן אִין שׁוּהל (עֶס אִיז דאָךְ עֶפֶּעס אוּנְזֶער ראַדִיקאַלִישֶׁע קְרַאנְקְהֵייט), נאָר עֶפֶּעס נִיט אוֹיף אַזאַ שְׁטֵייגֶער וִוי אִין אוּנְזֶערֶע בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים...

III.

## דִי סוּבָּאטְנִיקֶעס.

זָ׳א אוֹיף זאַקאַוְוקַאז וִוי אוֹיךְ אוֹיף גאַנְץ קאַווְקאַז גֶעפִינֶען זִיךְ זֶעהר אַ סַךְ סוּבָּאטְנִיקֶעס. אִיךְ רֶעכֶען נִיט פאַר אִיבְּרִיג צוּ עֶרְקְלֶערֶען דעם לֶעזֶער, ווייל עֶס קֶענְן זֶעהר מֶעגְלִיךְ זַיין דאָס פִיעלֶע פוּן דִי לֶעזֶער ווייסֶען גאָר נִיט וואָס דאָס אִיז פאַר אַ מִין סֶעקְטֶע. פוּן וואַנֶען זַיי הָאבֶען זִיךְ גֶענוּמֶען אַהֶער ווייסְט קֵיינֶער נִיט, נאָר לוֹיט אַייניגע פוּן זַיי הָאבֶען מִיר גֶעזאָגְט הָאבֶען זַיי אַ מָאהל נאָךְ פאַר דעם קֵייסֶער נִיקאָלַאי גֶעוואוֹהְנְט אִין דִי ווייטֶערֶע גוּבֶּערְנִיֶעס פוּן רוּסְלאַנְד, נאַכְהֶער אָבֶּער הָאט מֶען זַיי פאַרְשִׁיקְט אוֹיף אַייניגע אָרְטֶער פוּן קאַווְקאַז דֶערְפאַר וואָס זַיי הָאבֶען זִיךְ פֶעסְט גֶעהאַלְטֶען אִין אַייניגע זאַכֶען פוּן דֶער יוּדִישֶׁער רֶעלִיגְיֶע, דֶערְנאָךְ זֶענֶען זַיי אִיבֶּערְגֶעגאַנְגֶען אוֹיף זאַקאַוְוקַאז אוּנ אִין אַנְדֶערֶע אָרְטֶער. נִיט ווייט פוּן אַלֶעקְסאַנְדְרָאפָּאל גֶעפִינְט זִיךְ אַ דאָרְף „יֶעלֶענֶעווְקֶע“ פוּן לוֹיטֶער סוּבָּאטְנִיקֶעס, ווֶעלְכֶע בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ כִּמְעַט אַלֶע מִיט אַקֶערְבּוֹי. ווֶענְן אִיהר בּאַגֶעגֶענְט זִיךְ מִיט אַ סוּבָּאטְנִיק, גֶעמְט אִיהר אִיהם אָן פאַר אַ וואַהְרֶען רוּסִישֶׁען, פאַר אַזֶעלְכֶען וִוי מִיר רוּפֶען „קאַצאַפֶּעס“, ווייל עֶס אִיז גאָר נִישְׁט קֵיין יוּדִישֶׁער טִיפּ, נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע קְלֵיידוּנְג, נִיט קֵיין יוּדִישֶׁער אַקְצֶענְט אוּנ אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין יוּדִישֶׁע הַאנְד, עֶס אִיז אָבֶער פָאַרְט הַקּוֹל קוֹל יַעֲקֹב וְהַיָּדַיִם יְדֵי עֵשָׂו...

ווִיפִיעל עֶס אִיז מִיר אוֹיסְגֶעקוּמֶען צוּ זַיין בַּיי דִי סוּבָּאטְנִיקֶעס הָאבּ אִיךְ אִין יֶעדֶער הוֹיז גֶעפוּנֶען חוּמָּשִׁים, סִדּוּרִים, תַּנַ״ךְ מִיט רוּסִישֶׁען אִיבֶּערְזֶעטְץ פוּן דעם גְרָאדְנֶער ראַבְּבִּינֶער ה׳ גוּרֶעווִיטְץ. זַיי זֶענֶען אוֹיךְ פְרוּם, אַזוֹי דאָס אַיידֶער זַיי פָאהְרֶען אַרוֹיס אִין פֶעלְד אוֹיף דֶער אַרְבֵּייט דאַווֶענען זַיי אָבּ, נאַטִירְלִיךְ אוֹיף רוּסִישׁ (נאָר אַייניגע פוּן זַיי קֶענֶען דאַווֶענען אוֹיף לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ) וִוי עֶס גֶעהֶער צוּ זַיין אוּנ דֶערְנאָךְ פָאהְרֶען זַיי עֶרְשְׁט אָדֶער גֶעהְמֶען זִיךְ אִין דֶער הֵיים צוּ דֶער אַרְבֵּייט. מֶערְקְווִירְדִיג דאָס זַיי טְרָאגֶען אַלֶע וִוי דִי מֶאנְנֶער אַזוֹי דִי פְרוֹיֶען דִי וואַהְרֶע בִּיבְּלִישֶׁע נאָמֶען, נִיט וִוי עֶס גִיבְּט בַּיי אוּנְז אַ מִישׁ-מַאשׁ...

דִי פְרוֹיֶען זַייעֶרע זִיצְצֶען אוֹיךְ נִיט לֵיידִיג אוּנ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט הוֹיז-ווִירְטְשַׁאפְט אוּנ אוֹיךְ אוֹיף דִי גאָרְטֶענֶער. דִי גאַנְצֶע וואָךְ זִיעד בַּיי זַיי דִי אַרְבֵּייט, לֵיידִיג זִיצְט מֶען נִיט: דִי מֶאנְנֶער אוֹיף דִי פֶעלְדֶער, דִי פְרוֹיֶען אוֹיף דֶער הֵיימִישֶׁער

הויזארבייט און אפילו די קינדער מיט די בהמות אין די וועלדער און אין די טהאלען; אבער ווען עס קומט דער ערב שבת קודש זעהט איהר צוועלף דעם זייגער זיך אומקעהרען אללע פונ'ם פעלד, דער מיט סנאפעס, דער מיט היי אדער אנדערע געטריידען און די קליינע קינדער מיט די בהמות, און אויף אזא אופן רוהט מען זיך אב ביז זונטאג אין דער פריה. עס הייבט זיך ביי זיי אויך אן דער געוואהנליכער ערב שבת ווי אין אונזערע יודישע שטאדטליך: דער פרייטאגדיגער מיטטאג, דאס אין מרחץ געהען א. ז. וו. מערקווירדיג דאס יעדער סובאטניק האט זיך זיין אייגענעם מרחץ און עס רעכענט זיך פאר א שאנדע ווען ער האט עס ניט און בעדארף צו יענעם געהען... 5 דעם זייגער טהוט זיך יעדער אן בגדי שבת און ארויסגעהענדיג צו דער צייט אויף דער גאס שטעללט זיך אייך פאר דאס איהר זענט אין א רוסיש דארף וועהרענד יום-טוב. פאר נאכט ווערט אנגעצונדען ליכט, נאר ניט געבענשט און מען איז מקבל שבת אין דער היים אדער מען געהט אין שוהל. קוממענדיג צו הויזע ווערט אב געגעבען דער געוועהנליכער ברייטער „גוט שבת" נאר אויף רוסיש. שבת אין דער פריה געהט יעדער אין שוהל דאווענען, די פרויען, פרייליין ווי אויך די קליינע קינדער. געדאווענט ווערט אויף דעם רוסישען איבערזעטץ, וועלכען איינער לעזט פאר און די איבריגע הערען צו אבער מיט א מין שטיללקייט, ערנסטקייט און פיינקייט עפעס גאר ניט ווי ביי יודען... „אנעים זמירות" זינגען זיי אללע צוזאממען ווי אויך די פרויען. שבת רוהט יעדער און אין דעם פערלויף פון דעם גאנצען טאג זעהט איהר ניט איין פוהר אין גאנצען דארף אויסער וואס עס פאהרט צייטענווייז דורך א פאסאזשיער. ביי טאג געהט מען איינס צום אנדערן צו גאסט און מען פערברענגט זיך ביז שפעט ביי נאכט. זונטאג אום פינף דעם זייגער אין דער פריה פאנגט שוין ווידער אן צו קאכען ווי אין א קעסעל, דאס גאנצע דארף שטעהט שוין אויף די פיס און מען נעהמט זיך ווידער געשמאק צו דער ארבייט ביז דעם צוקינפטיגען פרייטאג אדער אזוי ערב יום-טוב. די שוהל זייערע איז פונקט ווי די אונזריגע. אין דעם 1888 יאהר ווען ראטשילד איז געוועזען אויף קאווקא: איז איהם אויסגעקומען דורך צו פאהרען דורך דעם דארף „יעלענעווקע". דורך דעם דאלמאטש וואס איז מיט איהם געפאהרען האט ער זיך דערוואוסט דאס די סובאטניקעס זענען יודען, און האט זיך דאריבער דארט אב-געשטעלט אויף איניגע שטונדען. דערווייל האבען איניגע לייט וואס פאהרען ניט אויף דער ארבייט מחמת אלטקייט, שלאפקייט וכדומה זיך דערוואוסט וואס פאר א טהייערן גאסט זיי האבען ביי זיך אין דארף און האבען איהם איינגעלאדען אנצו-קוקען דאס דארף מיט דער שוהל. אין שוהל איז ראטשילד געוועזען צוזאממען מיט דער פרוי, וואו מען האט זיי געוויזען די ספרי תורות, וועלכע זיי האבען איינציג-ווייז געקויפט און ער האט זיך זעהר געפרייט וואס זיי בעשעפטיגען זיך מיט ערד-ארבייט און פערדיענען דאס שטיקעל ברויט מיט זייערע אייגענע הענד. אוועק-פאהרענדיג האט ער זיי געלאזט א שאנע נדבה אויף דער שוהל און אויף נאטהיגע



קהל'שע זאכען. א צייט מיט יאהרען איז ביי זיי געוועזען רב און שוחט א יוד פון טשערקאס קיעווער גוב'.

אין דעם דארף יעלענעווקע געפינען זיך מעהר ווי 400 פאמיליען סובאטניקעס, וועלכע לעבען צווישען זיך שטילל און רוהיג, עס איז ביי זיי נישטא קיין מחלוקת'ן ווי עס גיעבט ביי אונז, דאס איז דערפאר ווייל יעדער איז בעשעפטיגט די גאנצע וואך מיט זיין שטיקעל ערד, גארטען, בהמות און אנדערע פעלד און הויז ווירטשאפט.

אין דער שטאדט קארס וואהנען ביז 15 פאמיליען סובאטניקעס, וועלכע האבען אויך זייער אייגענע שוהל, אייגענע ערד וואס זיי בעארבייטען זיי אליין, לעבען צווישען זיך ווי אויך מיט דער איבריגער בעפעלקערונג זעהר צופריעדען.

אין דעם דארף „סולים" (40 ווערסט פון דער טירקישער גרענעץ) האב איך געמאכט בעקאנטשאפט מיט א סובאטניק, וועלכער איז זעהר פרום און דערצו אויך א יודישער פאטריאט. אויף זיין בקשה דאס עס וואללט זיך איהם געוואלט וויסען ווי עס געהט פאר מיט די יודען אין רוסלאנד, האב איך איהם נאך אין 1890 יאהר אויסגעשריבען דעם „וואסחאד" פון וועלכען ער לעקט גאר די פינגער. קוממענדיג צו איהם אומגערעכט ערב שבת פאר נאכט אינ'ם 1891 יאהר האב איך געטראפען עטליכע סובאטניקעס ווי אויך איניגע פריינד זיינע מאלאקאנער (אזא סעקטע) וועלכע האבען גאנץ געשמאק געלייענט דעם „וואסחאד" און דערביי געערעדט פון יודען. איניגע פון זיי האבען מיר געזאגט אז מיט דער צייט וועלען זיי פערקויפען זייערע ערד, הייזער, בהמות און וועללען אוועקפאהרען זיך בעזעטצען אין די קאלאניעס פון פאלעסטינא, „וואו מיר וועלען קעננען, אזוי האבען זיי מיר געזאגט, צו-לערנען אין דער ערד-ארבייט און מיטהעלפען אונזערע ברידער וואס זיינען נאך ניט געוואהנט צו ארבייטען אויף דעם פעלד". פון דער צייט אן האב איך זיך מיט זיי מעהר ניט געזעהען, אזוי דאס עס איז מיר ניט בעוואוסט אויב זיי האבען דעם פלאן אויס-געפיהרט אדער ניין.

אים אללגעמיינען האבען די גרוזינישע, פערסישע יודען און אויך די סובאטני-קעס אללע בירגערליכע רעכטע, מען דריקט זיי אין קיין שום זאך ניט, דערפאר וואס זיי זענען פון די בני משה'ס. הלואי אויף אללע אזוי געזאגט געווארען אין גיבען!

IV.

## די רוסישע יודען און די רוסישע סאלדאטען.

עס געפינען זיך דא אין אלעקסאנדראפאל און נאך אנדערע ערטער פון דעם היגען ראיאן איניגע יודישע פאמיליען פון דער טשערטא אסעדלאסט, וועלכע

מען רופט דא „די רוסישע יודען", זיי זענען אללע לויטער רעמעסלעניקעס, ווי: שוסטערס, שניידערס, היטעלמאכערס, זייגערמאכערס א. ז. וו. וועלכע פערדיענען ארדענטליך דאס שטיקעל ברויט און לעבען זיך פיין, ארדענטליך און צופריעדען מיט דער איבריגער בעפעלקערונג. איינינע פון זיי האבען אויך זעהר א גרויסען ווערטה ביי די גראסטע לייט פון הי און פיהרען צייטענוויים אויס א סך נוצליכע זאכען, ווי די געעהרטע לעזער וועללען זיך קעננען איבערצייגען פון פאלגענדע פאקטען: אין דעם היגען גארניזאן געפינען זיך מעהר ווי 300 יודישע סאלדאטען, וועלכע האבען זייער אייגענע שוהל. דער גבאי פון איבער איז דער היגער פאלקאוואי שניידער פון דעם באקינסקי פאלק ה' לייבאוויטש, וועלכער דיענט שוין אין דעם פאלק מעהר אלס 20 יאהר. מען קענן ניט לייגענען דאס, ער האט דורך זיין ארדענטליכקייט פערדיענט די גראסטע פאפולאריטעט און אכטונג ניט נאר ביי דער פאלקאוואי נאטשאלסטווא, נאר אויך ביי איינינע גרויסע מאננער פון דעם היגען גארניזאן, וועלכע ערפיללען שטענדיג זיינע בקשות, אט ווי צ. ב. נאך פונ'ם 1858 יאהר געפינט זיך דא א בית עלמין אויף וועלכען עס איז נאך ביז פאריגעם יאהר געוועזן ארט אויף מקבר צו זיין. וועהרענד דער חכם איז פאריגעם יאהר געשטארבען האט מען מיט גרויסער מיהע אבגעזוכט א שטיקעל ארט איהם מקבר צו זיין, דאמאלס האט מען בעשטימט זיך ערנסט נעהמען צו דער זאך—צו בעטען ביי דער געהעריגער נאטשאלסטווא דאס מען זאלל אבפיהרען פלאטץ פאר א נייעם יודישען בית עלמין, נאך מעהר האט מען געפיהלט ווי נאטהיג דאס איז ווייל פון דער חאלערא וועלכע האט דא געהערשט פאריגען זומער מיט א שרעקליך באזקייט זענען געשטארבען טאג-טעגליך א מאססע מענשען; נאר אזוי ווי פון יודען איז דאנקען גאטט קיינער ניט געשטארבען, האט מען אין דעם גאר אין גאנצען פערגעסען, ביז מארט חדש היינטיגעם יאהר ווען עס איז געשטארבען א יודענע פאר וועלכע עס איז שוין קיין ארט ניט געוועזן, און וועהרענד דאס גראבען דעם קבר האט זיך איינינע מאהל געמאכט דאס מען האט געפונען ביינער פון א אנדערן מת... מיט גרויסער און שווערער מיהע האט מען פאר דעם מת נאך אבגעזוכט פיער איילען ערד און מען האט איהם מקבר געוועזן. ערשט דאמאלס האט זיך דער ה' ל. גענוממען ערנסט און ענערגיש צו דער זאך, ער האט זיך געווענדעט צו דעם נאטשאלניק פון היגען גארניזאן גענעראל-לייטענאנט Фонъ-Шакъ (פן שאק), וועלכער האט אבגעגעבען אין זיין פריקאז מען זאלל אבפיהרען א גרויסען פלאטץ נעבען דעם אלטען בית-עלמין פאר די יודישע סאלדאטען פון דעם היגען גארניזאן און אויך פאר די איינינע איינוואהנער יודען וואס געפינען זיך דא. אין איינינע טאג ארום האט דער הומאנער גענעראל אבגעגעבען אין פריקאז דאס מען זאלל אבלאזען אללע יודען פון די היגע פאלקען, זיי זאללען ארום גראבען דאס ארט





פון נייעם בית-עלמין*). אין פערלויף פון צוויי טעג איז אללעס פארטיג געווארען. עס איז געוועזן א פערגניגען צו זעהען ווי מעהר אלס 300 יודישע סאלדאטען האבען געשמאק געארבייט ארום דעם גראבען פון 6 דעם זייגער אין דער פריה ביז 7 פאר נאכט, צוזינגענדיג צייטענווייז לידער ווי גאלדענפאדענס, צונזערס וכדומה.

איך רעכען אויך ניט פאר איבריג צו פערשווייגען פאלגענדעס וואס קענן אויך אביסעל אינטערעסנע זיין פאר די געעהרטע לעזער. פאריגעס יאהר ווען די חאלערא האט דא שטארק געהערשט, האט מען די סאלדאטען בשעת ימים טובים ניט געוואלט אבלאזען פון לאגער דאוונען אין שוהל, וועלכע געפינט זיך אין שטאדט. — די פאלקאוואי נאטשאלסטווא האט זיי געגעבען עטליכע אפיצערסקע פאלאטקעס און האט זיי ערלויבט צו מאכען איבער די ימים-טובים א ווערעמענע שוהל וואו זיי זאללען קעננען גאטט בעטען. געזאגט—געטהון. יודען בלייבען דאך יודען, מען האט תיכף צושלאגען די פאלאטקעס, אויסגעשטעללט באנק, טישען, אנידערגעשטעלט א ארון קדש מיט א ספר תורה, אנגעצונדען ליכט און מען מאכט שוין טאקע א ברכו א קדושה א. ז. וו. עס איז געוועזן זעהר אנגענעהם צו זעהען ווי דעם גאנצען חדש אלול זענען זיך די יודישע סאלדאטען צונויפגעקומען אין דער פריה און פאר נאכט און מען האט געהאלטען אין איין דאוונען... פיעלע אפיציערען ווי אויך דער קאמאנדיר פאלקא האבען ראש-השנה ווי אויך יום-כפור בעזוכט די „פאלאטאטשנע" שוהל וואו אללעס איז געוועזן אין דער בעסטער ארדנונג. מערקווירדיג דאס עס האט זיך דארט געפיהרט אויף דער געהעריגען ארט, מען האט געבלאזען שופר אינ'ם לאגער, ווי עס האט זיך געפונען מעהר אלס 80 אפיציערען, פערקויפט עליות א. ד. ג., אין דער צייט פון די ימים-טובים האט די שוהל געמאכט פון עליות און נדרים מעהר אלס הונדערט רובעל, (עס ווארען לויטער סאלדאטען) פאר וועלכע מען האט בעשטימט אויסצושרייבען א ספר תורה, דאס געלד האט מען אוועק-געשיקט צו איינעם פון די בעסטע קאוונער סופרים און דאס איבריגע געלד האט מען געקליבען אין פערלויף פונ'ם ווינטער. דעם 6 מאי האט מען ערהאלטען דעם לעצטען טהייל ספר דברים מיט א ברכה פונ'ם געעהרטען ר' יצחק אלחנן

*) איך רעכען ניט פאר איבריג אייך איבער צו שרייבען דעם פריקאז, וועלכען אז איהר וועט געפינען פאר נעטהיג מעגט איהר איהם אבדרוקען.

Приказъ по гарнизону гор. Александрополя отъ 3 Апрѣля 1893 года за № 13. „Имѣя въ виду, что уѣзднымъ Начальникомъ отведено новое мѣсто для еврейскаго кладбища, предлагаю Начальникомъ частей гдѣ имѣются евреи, возложить на нихъ окапываніе этого мѣста.

Подлинный подписалъ Начальникъ гарнизона Генералъ-Лейтенатъ Фонъ-Шакъ. Съ подлиннымъ вѣрно: Комендантъ крѣпости-складъ Александрополь, Полковникъ Свидзинскій.

ספעקטאר, און אין דעם זעלבען טאג האט מען געמאכט דעם סיום וועגען כבוד פון נאסלעדניקס געבורטסטאג.

אויף דעם סיום האט מען אבגעלאזט די סאלדאטען, א דאנק דער איניציאטיווע פון דעם ה' ל. וועלכע האט דאריבער געבעטען דעם קאמאנדיר פאלקא און געגען 9 דעם זייגער ביי נאכט האט מען דאס ספר געטראגען אין שוהל אונטער א שאנער חופה מיט א יודישען געזאנג. קוקענדיג אויף דער רייכער קארטינע ווי 150 יודישע סאלדאטען מיט די ליכט אין די הענד האבען דאס ספר געטראגען אין שוהל מיט דער גרעסטער צערעמאניע האט זיך פארגעשטעללט דאס מען איז גאר ניט אין א פערוואָרפען ווינקעל אויף זאקאווקאז, נאר ערגעץ דארט איז אונזער היים צווישען אונזערע בני ישראל.

אין שוהל האט מען געמאכט הקפות און געזונגען „הנותן תשועה", געמאכט „מי שברך" דעם קייזער, קייסערין און דער גאנצער קייזערליכער פאמיליע. נאכהער האט מען אויסגעשטעללט אין דרויסען טישען, באנק, געטרענקע און פערבייסע פאר דעם עולם. אין דעם פערוואָרפענעם ווינקעל האט מען געקענט ארויסזעהען דאס אחדות פון יודען פון פערשיעדענע גובערניעס, איינער צום אנדערן האט געטרונקען „לחיים" פריינדליך און דערביי זיך פונ'ם הארצען געוואונשען דאס „לשנה הבאה בירושלים"!... צווישען די טאסטען וואס מען האט געמאכט פאר דעם קייסער, פאר דער נאטשאלסטווא און נאך פאר אנדערע האב איך פארגעלעגט צו טרינקען פאר דעם געזונד פון אונזער בעוואוסטען, אפילו דא אין די פערוואָרפענע ווינקעלעך פון זאקאווקאז, ר' יצחק אלחנן ספעקטאר, וועלכען מען האט בעגעגענט מיט א גרויסען סאלדאטישען „הורא"...

אויף דעם סיום זענען געוועזען דער היגער שטאדט דאקטאר ה' רעזניק, דער בעוואוסטער אין היגען געגענד ה' קוביצקי פון טיפלים. וועלכער האט גע־געבען זעהר א גרויסע נדבה אויף געגענשטענדע צום ספר. דער היגער פאטא־גראף ה' שעכטער און נאך אנדערע. עס קומט אויך א גרויסען דאנק די סאלדאטען גבאים און משתדלים ווי ה"ה שער, בערמאן, פאסיק, גארצמאנן און דעם היגען סופר — סאלדאט ה' פעלדמאנן.

אין דער שטאדט קאגיזמאן (20 ווערסט פון דער טירקישער גרענעץ) געפינען זיך 200 יודען — סאלדאטען, וועלכע האבען זייער אייגענע פאלקאוואי שוהל, א יודיש בית־עלמין וכדומה. מיט די אלע אנשטאלטען פערוואלטעט דער יודישער פאלקאוואי שרייבער ה' טוקאטשינסקי. קיין וואלנע יודען אפילו רעמעסלעניקעס לאזט מען דארט ניט וואהנען, ערשטענס ווייל קארסער אבלאסט האט אנדערע וואיענע פראוועס, און צווייטענס ווייל עס איז ניט ווייט פון דער גרענעץ. וועלכער האט די שוהל געבראכט אין דער בעסטער ארדנונג. ער ווירקט אין אסך זאכען אויף די יודישע סאלדאטען זיי זאלען זיך פיהרען ארדענטליך. דיענען ווי עס בעדארף צו זיין, אויספאלגען די פריקאזאניעס פון דער נאטשאלסטווא א. ז. וו. עס קומט איהם אויך



א גרויסען דאנק פאר זיין מיהע ביי דער פאלקאוואי נאטשאלסטווע דאס די סאלדאטען זאללען זיך פראוען פסח ווי עס געהערט צו זיין; א דאנק זיין איניציאטיווע גיט מען די סאלדאטען פאר די אכט טעג פסח פארציאנגע געלד און מען פערקויפט זיי מעהל פון דעם וואיענע פראדאוויאלסטווענע מאגאזין. אויך אין דער שטאדט קארס געפונען זיך מעהר ווי 300 יודישע סאלדאטען, זיי האבען אויך זייער אייגענע שוהל און א בית עלמין, מיט וועלכע עס פערוואלטען 2 יודען שניידערס (וואלנע). וועלכע וואהנען נאך דארט פונ'ם לעצטען קריעג און מען טשעפעט זיי ניט.

אין דעם דארף סאריקאמיש (25 ווערסט פון דער טירקישע גרענעץ) געפונען זיך ביז 200 יודישע סאלדאטען, וועלכע האבען אויך זייער אייגענע שוהל און א בית עלמין, אינ'ם יאהר 1888 איז געשטארבען א יודישער סאלדאט, נאר אזוי ווי עס איז ניט געוועזען גוט בעוואוסט וועלכעס עס איז דאס יודישע און וועלכעס דאס טירקישע בית־עלמין, (זיי זענען ניט ווייט איינס פונ'ם צווייטען) ווייל אין פערלויף פון א יאהר 5 איז ניט געוועזען קיין איינציגער בר־מינן פון יודען, האט מען געגראבע דעם מת מקבר געוועזען אויף דעם טירקישען בית עלמין (די יודישע סאלדאטען וואס האבען יא געוואוסט האבען זיך שוין לאנג געהאט אויסגעדיענט און קיין טערקען וואס זיי זאללען וואוסען איז אויך ניט געוועזען, ווייל זיי זענען פון דארט ארויסגעשיקט געווארען); אין א דריי וואכען ארום האבען איניגע פון די סאלדאטען זיך בעשטוממט דערוואוסט וועלכעס עס איז דאס יודישע בית־עלמין און האבען מיט דער ערלויבניס פון דער נאטשאלסטווע איבער געטראגען דעם מת און איהם געטהון זיין רעכט כדת משה וישראל. א דאנק דעם אונצידענט האבען זיך די גבאים פון דער שוהל ה"ה אייזענבערג, שורענזאן און קוהשנער גענומען זיך צו מאכען א געמויערטען פארקען און צוגעשלאגען א שילד מיט לשון קודש אותיות, כדי עס זאל שוין מעהר אזעלכעס ניט פארקומען...

אויך האבען זיי פיין רעמאנטורט די שוהל, געבראכט אללעס אין דער בעסטער ארדנונג און זיך אויסגעסטארעט ביים קאמאנדיר פאלקא, דאס עס זאל זיך שטענדיג געפונען א יוד אלס שמש, וועלכער זאל אבהיטען די שוהל, עס ווערט אויך אללע טאג ארויסגעשיקט א יודישער טשאסאוואי ווי אויף איינע פון די וואזשנע פאלקאוואי פאסטען...

אין דער שטאדט עריוואן געפינען זיך 100 יודישע סאלדאטען און א יודישע פאמיליע איידעלזאהן, עס קומט א גרויסען דאנק דער געעהרטער פאמיליע פאר די טובות וואס זיי טהוען די סאלדאטען, נאך מעהר ווען עס קומט יום־טוב.

## V.

## פסח צווישען סאלדאטען

אין די אללע ערטער ווי עס ווערט אויבען דערמאהנט מאכען זיך יודישע

סאלדאטען אליין פסח, עס פראקטיצירט זיך פון לאנגע יאהרען אויף פאלגענדער ארט: עס ווערט אויסגעשריעבען מעהל פונ'ן דעם פרומען סובאטניק פאפקאוו, וועלכער האט זיין איינגענע מיהל. (אויסער טאגיזמאנן אונ סאריקאמיש מחמת זייער ווייטקייט קויפט מעהל אויף פסח אין די וואיענע מאגאזינס) דאס מעהל ווערט צעקויפט פון די ארטיעלן לויט די צאהל פון די מענשען (יעדער ארטיעל בעשטעהט פון 20 ביז 25 סאלדאטען) אונ די וואך פאר פסח צולאזט די וואיענע נאטשאלסטווא די יודישע סאלדאטען. קאטשען מצות. 2—3 וואכען פאר פסח פערגעסט איהר צו איהר געפונט זיך אין א אזאטישער פערוואָרפענער שטאדט אויף זאקאווקאז ווי עס געפונען זיך קיים א שמענע וואלגע יודען, ווייל איהר טראגט זיך איבער עט ווייט אין די יודישע שטעדט אונ שטעטדליך וועהענדיג ווי עס טהוט זיך טאקע עפעס ווי פאר פסח; — דא לויפט א יודישער האלדאט מיט קאטשעלקעס, דער מיט רעדליך, דא טראגט מען איבער די מצות; מיט איין ווארט עס ראש'ט זיך ווי פאר פסח... נאר נאך מעהר פערגעניגען ז״ז צוזעהען ווי עס ווערט געבאקען די מצות. דא זעהט איהר אפולע שטוב סאלדאטען קאטשערס, די שטעהען רעדלערס, דא דערלאנגען, די שיבען די נעהמען צו, די טראגען אוועק, עס זיעד די ארבייט אונ דערביי ווערט צו געזונגען עטליכע יודישע נאציאנען ליעדער. עס קומט דער ערב פסח קאכט די שטאדט מיט די יודישע סאלדאטען דער לויפט אין מרחץ, דער פונ'ם מרחץ, דער קויפט זיך צעטהיגע זאכען אויף יום-טוב א. ז. וו. א. ז. וו. אבער געהט אריין אין איינע פון די בארטעלן ביי נאכט צום סדר וועט איהר גאר ניט דערקענען די אללע וואס איהר האט געזעהען דעם גאנצען טאג ארומלויפען ווי די פערסאמטע מייז. אללע זיטצען ארום דעם טיש יום-טוב-דיג אנגעטהון אונ מען פראוועט דעם סדר; נאר דאס פראווען טראגט גאר א בעזונדערען חאראקטער פון טרויעריגקייט זיך דערמאהנענדיג דאס דארט אין דער היים זיטצען די עלטערן, ברידער, שוועסטער אונ דערצו נאך א צווייע זורחים ויי עס ווערט געזאגט גאר מיט א בעזונדער פרעהליכקייט אונ דער מוטטע פון דער פאמיליע, אין שטוב איז ליבטיג. פרעהליך, עפעס זינגט גאר יעדער ווינקעל; אבער דא?!—דא זיטצען 20 מענשען צוואר יודען נאר אבער גאר פרעמדע, פון פערשיעדענע גובערניעס ווי יעדער זאגט פאר זיך, יעדער וויינט פאר זיך, יעדערער בעזונדער דערמאהנט זיך אין די זייניגע אונ אין זיינע געדאנקען טראגט ער זיך איבער עט ווייט... עס ברענגען טאקע דא אויך לאמפען, אסך ליכט, עס איז אבער גאר ניט דאס ליכטיגקייט, עס איז ניט דער טיש, עס איז ניט דאס פרעהליכקייט אונ עס איז גאר ניט דאס פנים פון דעם פרעהליכען יום-טוב פסח וואס אין דער היים, ווערט גאר אומעדיג אויף דעם הארצען. עס ווערט דערלאנגט עסען, מען הייבט אהן ביסלעכווייס פערגעסען די אינגערליכע שמערצען וואס יעדערער האט נאר וואס געפיהלט, מען פאנגט אן צו רעדען, עס ווערט אביסעל פרעהליכער, דער עולם ווערט לעבעדיגער, מען פיהלט זיך שוין היימישער, פריינדליכער, צו געבונדענער



מען איז דאך עפעס יודען ברידער: אונ עס איז שוין גאר ניט דאס ווייטקייט וואס איז געוועזען צוריק מיט א שעה... נאר דא נעהמט מען זיך ווידער דערצעהלען די נסים פון מצרים אונ עס פאהלט ווידער אן א מעלאנכאליע אבער שוין ניט דאס וואס פריהער. מיט אמאהל ווערט גאר בעזונדער פרעהליך לוסטיג אויף דעם הארצען אז עס קומט צו דעם „לשנה הבאה בירושלים”, נאר אנשטאטט „בירושלים” הערט איהר א געשריי פון 20 יודישע קולות, „לשנה הבאה לביתי!”... אט אזוי פערברענגען יודישע סאלדאטען פסח אויף דער דיענסט אונ אויך די איבריגע ימים-טובים דא אין די פערוואָרפענע אזיאטישע ווינקעליך...

1 יוני 1893 אלעקסאנדראפאל (עריוואנער גוב׳)

שאול האבבערג.

# אויף דער פּראָווינץ:

## (פֶעלְיֶעטָאן)

Какая жизнь! какой хаосъ!

Я. Полонскій.

שלעכט! — אומעדום שלעכט: קאוועל, אריאל, נאווא-אוקראאינקא, מאהלי: אויף'ן דניעפּער, — יודישע צדקה: מאהליב-פּאדאלסק — דער דלות פּייפט, די ביללינע קיך; טיראספּאל — יודען אונ קריסטען; ניט געטאנצט! חמעלניק — ד"ר דאנסקין מיט זיין פרוי; וואס טהוען יודען? וויטעבסק — וואס טהוען די גבירים? א קארט לשם הַתְשַׁיִינֶע! זאמושץ — פילאנטראפּישע גבירים: „ייסין — א קלארער חשבון, — איך וואלט דער צאהלט: פּראסקוראוו. —ה. ישראל סאבאל; מאהליב פּאד — ה' בערוש הורוויץ; סלאנים־ס מזל, אללע סופרים, מען עסט גאנז; קאמינקא — אשוסטער א מלמד. — קרעסלאוקער מ"ץ; וויטעבסקער מ"ץ, א נאטהיגער מענש; חערסאנער מ"ץ, פּערפּאלען. — נייע חסידים: מאהליב פּאד., וואזנעסענסק. — מען קריגט זיך: מלאווע, דרוזגעניק — אלץ מאָגליך! דער לאָדזער גביר אונ די אייגענע האר. — מען קריגט זיך — שאריגאראד. — טויב! — טיראספּאלער עדה, קאמינקאשירסקער חברה קדישא. — תיקו! — די עמיגראציאן. קלוג! — די בילדונג. — דער חובבי-ציונישער פּראָגראם. — ראחמיסטריווקער רבי'ס זוהן. — די וויטעבסקער גבירים אונ דער פּראפעססאר חוואלסאהן. — חשבונות. — דער לעהרער אַדאָמאָוויץ אין פּאָלאָנגאָיע אונ די לעהרער פון „יחודיה" אין ווארשא. — דער פּאלאנגאיער כוזשיק אונ דער ווארשאווער יודישער סלוזשיטעל. — די גאולה איז נאהענט! — לעבען זאלל משיח־ס עזעל! — פאר א רובל א מאנן א דאקטאר! — אח. אח!

אונ די לופט איז פולל מיט זיפצען,

פולל מיט ברענענדיגע טרעהרען!...

אונ דאס לעבען האט דערעססען, אונ מען בעט אויף זיך דעם טוידט! אונ איינער קוקט אריין דעם צווייטען אין מויל אונ וויל ארויס רייסען פון דארטען דעם ביססען, פון וועלכען יענער וועט אויך נאך הונגריג בלייבען!... אונ איינער פערגינט ניט דעם אנדערען דאס לעבען!.. אונ די מלחמה פאר דעם לעבען, פאר דער ביטטערער פרנסה, ווערט פון טאג צו טאג אלץ שטארקער!.. אונ מען שלאגט זיך



פאר עליות, אונ מען קריגט זיך פאר רבנים, אונ דער חזיר אין הארצען וואקסט וואקסט, וואקסט!..

עס איז ביטטער, שרעקליך ביטטער!..

איהר קרעכצעט. ר' קרוב? שווער צו לעבען אויף דער וועלט, הא!.. אונ אומעדום איז שווער, אללעמען איז ביטטער!.. אפילו ווא איהר זייט ניטא!.. איהר גלייבט נישט?.. אט זעהט, וואס עס טהוט זיך אין א סך שטאדט.

פון קאוועל, וואהלינער גוב. שרייבט אונז אונזער קאררעספּאנדענט הערר ה. געללער: „בא אונז קאנן מען רעכענען 90 פּראצענט אביונים אונ 10 פּראצענט רייכע מיט בעלי בתים. די 10 פּראצענט זענען נאך אויך בחזקת ספיקות, אויך נאך ניט רעיעל, ווארום וואס קאנן מען וויסען היינטיגע צייטען, ווען מען קנייפּט זיך די באקען, כדי די פארב זאלל שטעהן". נאטירליך. ניכר זענען נור יענע, וועלכע האבען אין זיך ניט א טראפּען בלוט, אונ די קנייפּעניס העלפט זיי אויך ניט, אדער יענע, בא וועלכע דאס בלוט שפּריטצט שוין פון די באקען, אז עס פערשפּריטצט שוין אללעמען די אויגען. —פון וואזנעסענסק, חערסאנער גוב., שרייבט אונז ה. טעפּליצקי: אונזער שטאדט איז געשטאנען מיט אטליכע יאהר צוריק גאנץ גוט - מען האט געהאנדעלט מיט תבואה אונ מען האט פערדיענט. נור אין די לעטצטע הונגער יאהרען האבען זיך אונזערע בעלי בתים אזוי אראבגעריבען, אז די ברויטפּראגע טרעט צו מיט א האק צו די צאהנער... — אין אריאל האט א „געדיכטער וואלקען בעצויגען דעם הימעל פון דער הצלחה"... „אללע פּנימער האבען צונויף געקליבען שווארצע סאזשע פון טאפּ".. נור דאס איז אין לשון קדש'דיגער מליצה, אין זשארגאן פראסט הייסט עס, אז די געשעפטען זענען דארטען געפאללען. ארומע לייט מעהרען זיך, אונ מען שרעקט זיך שטארק פאר דעם מארגענדיגען טאג. — אין נאוואָ-אוקראאינקע וואהנען 400 יודישע משפּחות, פון וועלכע 2—3 נור קאנן מען אנרופען נגידישע, די איבריגע זענען פּשוטע ארמע לייט, עס איז דארטען ניטא ניט קיין פאבריקען, ניט קיין גישעפטען, דאך פון דעסט וועגען האט מען זיך ווי עס איז דורכגעשלאגען, ווארום מעשטיינס געזאגט, וואס דארף א יוד?.. נור די לעטצטע הונגער-יאהרען האבען אזוי אללעמען אראבגעזעטצט, אז די לאגע פון די איינוואהנער איז ממש שרעקליך. — מאהליב אויף'ן דניעפּר האט אטליכע אונ פערציג טויזענד איינוואהנער, פון וועלכע דער גרעסטע טהייל איז יודען. קיין געשעפטען זענען דארטען ניטא, נור א סך גרויסע גבירים. וועלכע געבען אויף פּראצענט זייער געלד. כל זמן מאסקווע איז געווען אפען פאר יודען, פלעגט מאהליב צושטעלען אהינצו בני אברהם יצחק ויעקב, וועלכע פלעגען אפיהער נעהמען עטוואס געלד אויף פּראצענט אונ מיט דעם געלד דרעהען זייער וועלטיל אין דער גרויסער פרנסה-שטאדט, נור יעטצט איז שרעקליך! טוידטע מענשען געהען אום איבער די גאססען!.. פון מאסקווע זענען כמעט אללע מאהליווער געקומען מיט לעדיגע הענד אויף א סימן פון זייער שטארקער

קספּלאָטאַציע... דער צו האָט נאָך די שטאָדט געליטען פון פייער און וואסער; איין זייט שטאָדט האָט אָבגעברענט, די אַנדערע איז פערטרונקען געוואָרען... אין ב ר ע ס ט־ל י ט א ו ו ס ק... נור איהר ווילט שוין מעהר ניט הערען, ר' קרוב! אייך איז שוין גענוג!.. הא?... אומעדום איז שלעכט, אַללעמען איז ביטטער!

און יודישע צדקה? יודישע רחמנות!.. געוויס טהוען עפּעס די רחמנים בני רחמנים מען שלאָפט ניט דערין, מען לאָזט מסתמא ניט פאַללען אין די גאַסען!.. אַוודאי, בלי ספק!.. העלפען דעם אָרומאַן זענען אונזערע טהייערע, כשרע יודעלעך שטאַנדיג גרייט! אָט זעהט, לייענט..

אין מ א ה ל י ב־פּ א ד א ל ס ק האָט דער דלות אָנגעהויבען פּייפען אין אַללע ווינקעלאך. סוחרים זיטצען טאָג טעגליך מיט די הענד אין די פּוסטע קעשענעס און קוקען אויס אויף אַקונה די אויגען, אין וועלכע עס שטעלען זיך אָן טרעהרען פון האַרץ ווייטאָג; אַז די קראָממער לייזען ניט, זיטצען שוין די בעלי־מלאכות אויך מיט צונויפגעלייגטע הענד — און עס איז צרות!.. „אין אונזער גרויסער שטאָדט, שרייבט אונז פון דאָרטען אונזער קאָררעספּאָנדענט בן־אַברהם, שלעפּען זיך אַרום מאַססען אָרומע לייט, וועלכע שטאַרבען פּשוט פון הונגער, צייט די רבנישע שטאָדט פער־זאָרגער (?) האָבען זיך אָנגעהויבען מישען אין שטאָדט זאַכען... אין שטאָדט האָט מען געעפענט אַ ביללינע קיך — אויך אַ דאַנק נור דער חלי־רע, נור אין גיכען האָט מען איהר איין „אל מלא רחמים" געמאַכט: אין קאַססע איז פּלוצלונג געוואָרען אַ לאָך...

אין ט י ר א ס פּ א ל, חערסאָנער גוב., טהוען די קריסטען זעהר אַסך אויף פערהעלפען די נאָהטבעדערפטיגע, און אונזערע יודעלאך שטעהען פון ווייטען און טהוען ניט אַקלאַפּ אַ פינגער אָן אַפינגער. די אינטעלליגענטען האָבען אָבער ניט גע־קאָנט צו זעהן די שרעקליכע לאַגע פון די אָרומע לייט און האָבען זיך געוואָלט דורכ־טאַנצען און דורכזינגען לשם מצוה... נור די אַלטע גבירים האָבען געהאַלטען, אַז טאַנצען און זינגען טאָר מען ניט, זינד עס איז חרוב געוואָרען דער בית המקדש... אַז בחורים מיט מיידלעך טאָרען גאָר ניט טאַנצען, און גלאַט מיידלעך וועלען זינגען.. קול באשה ערוה... מען ווייס דאָך שוין... אַ בפירושע גמרא!.. בקיצור מען האָט ניט געטאַנצט, און די אָרומע לייט זענען געבליעבען ניט געגעסענע!... אין ח מ ע ל נ י ק פּאָדאָל, גוב., האָבען די אָרומע לייט געמאַכט שרעקליכע קולות: ברויט! אויף די קולות האָבען זיך אָבגערופען דר' דאַנסקין מיט זיין פרוי — דווקא קריסטען!.. פיער חדשים האָט דאָס פּאַר־פּאָלק געאַרבייט אין אַ ביללינער קיך, ביז זיי זענען גע־בליעבען אָהן כוחות, און די קיך ווערט איבער דעם פערמאַכט.. מיינט איהר, אַז יודען האָבען זיי ניט געהאָלפען?.. אָ, ניין! גאָר אַ נייס!.. געלד האָט אפילו געגעבען דער נובערנאַטאָר!.. אָבער דאָך זענען יודען צו געשטאַנען צו דער זאַך!.. זיי זענען געשטאַנען און געקוואַלען, קוקענדיג אויף דאָס קריסטליכע פּאַר־פּאָלק און [illegible] געשענעהט: וואָס פאַר אַ טהייערע מענשען! — גאָלדענע מענשען! גאָר אמתע [illegible]



האַרצער!" דער אויבערשטער זאָל זיי מאַריך ימים ושנים זיין!.." הקול קול יעקב — ווי דענקט?... אין ו ו י ט ע ב ס ק זענען די גרויסע לייט שטאַרק פערנומען, טיעף אַריינגעטאָהן אין אַ באַנק — נאַטירליך, פון קאַרטען... אין אַ טאַרטל־מאַרטל, אויף פּראָסט געערדט!... שטאַרק פערשוויצט און פאַרקראָכט זענען זיי געווען אין דעם באַנק, ווען מען האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז איינינע בחורים האָבען געמאַכט אַ ביללינע טשיינע, און איינעם פון די שפּיעלער האָט זיך ערוואַרעמט זיין אמת יודישע האַרץ — לעבען זאָל זי! — און ער האָט געקויפט אַקאָרט פאַר גאַנצע פופציג קאָפּעקעס לשם המשיינע!... ער האָט אָבער פערשפּיעלט — אַך, דער יודישער מזל!... אין ז א מ ו ש ט ץ, לובלינער גוב. האָבען די גבירים אַסך געטהון צוליעב די אָרימע לייט, אָ, זעהר אַסך! ווען די הונגעריגע אביונים האָבען זיך געקייקעלט ביי זיי געבען די פיס, האָבען זיי געהויבען די אויגען צום הימעל, וואו עס רוהט דער מלך עליון, און האָבען זיי געטרייסט מיט זיין ליעבען נאָמען!... „עס זאָרגט ניט, האָבען זיי געדברט, גאָט וועט העלפען! ביי אַללעמען איז היינט שווערע צייטען... וועמען לעבט זיך דאָס גרינג?... אַך־אַך־אַך!... מסתמא איז דאָס אַזאַ גזירה פון זיין ליעבען און טהייערען נאָמען!"... עס איז נאָך אַ סברא, אַז זיי האָבען געהאַט בדעה גוזר תענית זיין! אָ, לעבען זאָללען די זאַמושטצער גבירים!... אין ה י י ס י ן, פּאָדאָל. גוב., זענען די גבירים שטאַרקע בקיאים אין חשבון און האָבען גלייך אויסגערעכענט, אַז אַלאַכעדיגען זאַק קאָנן מען ניט אָנשטאָפּען... נאַטירליך מיט אַזאַ חשבון אין האַנד דאַרף מען שוין מעהר ניט געבען!... די אָרומע לייט האָבען געמוזט זיך ווענדען צו נאַטשאַלסטווע. נאַטשאַלסטווע האַלט נאָך, אַז מען דאַרף שטופּען און מען מוז שטופּען, און דאַהייסינער גבירים האָבען געמוזט אויף עפנען די קעשענעס. — אין באַברויסק... זאָל איך נאָך רעכענען אָדער אויפהערען? אויפהערען?!... און איך האָב נאָך געוואָלט דערצאָהלען אייך, ר' קרוב, ווי יודען זענען שטאַרק בעשעפטיגט מיט צדקה אין אַללע זייערע שטאָדט; איך האָב אייך געוואָלט דערצאָהלען, ווי גיט דער גביר צדקה און פ א ר ו ו א ס גיט ער... איך האָב אייך געוואָלט דערצאָהלען, אַז אין די שטאָדט, וואו מען טהיילט שוין יאָ צדקה, אַרבייט אין דערין נאָר איין מענש, אַסך — אַטליכע, און די איבריגע טענה'ן, „מיין שטיבל איז פון דרויסען, לאָזט מיך אויסען!"... און גיבען ניט אַ קוק אין יענעם זייט אפילו... איך האָב אייך געוואָלט דערצאָהלען, ווי אין פּ ר א ס ק ו ר א ו ו, פּאָדאָל. גוב., האָט זיך נאָר ה' ישראל סאַבאָל אָנגענומען פאַר די געפאַל'ענע בעלי־בתים און האָט געאַרבייט מיט אַלע זיינע כוחות פערגרינגערען זיי זייער לעבען, אויפטוהענ־דיג זיין קהל אַלץ נייע פּלאַנען וועט ער אָבער עפּעס אויספיהרען?... אין מ א ה ל י ב־פּ א ד. האָט נאָר ה' בערוש הורוויץ געאַרבייט אין דער תלמוד תורה און זי האָט געהאַלטען גאַנץ גוט — האָט מען פאַר רוחים אָנגעהויבען שיטטען אויף איהם המן'ס מסירות... ער האָט זיך אָבגעזאָגט — און די ת"ת איז געפאַללען!... איך האָב אייך געוואָלט... נאָר איהר ווילט שוין מעהר ניט הערען!...

אַזוי איז דאָס ר' קרוב, שלעכט, הא?...

נאר ניט אלע שטאדט האבען איין מזל, ווי אויך ניט אלע מענשען. אט אויף סלאנים'ס מזל איז אויסגעפאללען צו שטעלען ספרי תורות אונ מזוזות אין אמעריקא וואו די סחורה, ווי עס ווייזט אויס, האט נאך א שטיקעל גאנג – אונ אלע סלאנימער קבצנים זענען געווארען סופרים, זיי האבען פערמשכנט אלץ, וואס עס איז נאך געווען אין שטוב אונ מען האט געקויפט א פעלעבעל; אויף פעגעם האבען זיי זיך אללע צונויף געלייגט אונ האבען געקויפט א גאנז! – דערוויילע האט מען געמאכט א סעודה איז יעדען אנגעקומען א לאקש גאנז... אונ יעדער האט דאס איינגעשלונגען, פערמאכענדיג די אויגען, אונ האט צו געצמאקעט: „א, א מחיה!"... טינט האט מען אליין געמאכט אונ מען האט פערקאטשעט די ארביל אונ מען שרייבט!... אנשרייבענדיג איין יריעה האט מען זי פערמשכנט אונ געקויפט נאך א פעלכעל אונ אזוי געהט דאס צו ווייטער... „גאנז" עסט מען גאנץ אפט... אונ אזאלכע גוטע טאג האט סלאנים גאר קיין מאהל געהאט! אין אמעריקא זאל נאר שטענדיג געהן די סחורה – נאר גאט ווייס, גאט ווייס!...

אונ אין קאמינקא, טאווריששער גוב., איז א שוסטער געווארען א מלמד! צו אללעם דארף מען האבען מזל!... שוסטעריי איז ניט געגאנגען, האט ער אוועקגעלייגט די נ'אהל מיט דער דראטווע אן א זייט, אונ האט זיך אויסגעוואשען גאנץ ריין אין דער שטאדטלדיגע מקוה, האט פערבארשטען די בארד, ווי א גראבאיזען, אונ האט געמאכט א קנעללונג. דערצו האט ער ארויסגעשטעלט זיין פאספארט אין פענסטער, אז אללע זאללען זעהען, אז ער איז א ליטוואק – אונ עלטערען האבען אנגעהויבען פיהרען זייערע קינדער צום שוסטער אין חדר, ווייל נאך זייער מיינונג דארף א ליטוואק אלץ קאנען. די קינדער וועלען האבען ביי איהם א צווייענדיגע פעולה זיי וועלען זיך אויסלערנען (?) תורה מיט שוסטעריי. „דיין קאפף איז צו קליין, שרייט דער געוועזענער שוסטער זיינעם א תלמיד, וועל איך זי דיר ארויף שלאגען אויף'ן קאפיט (לייסטען)"... „דראטווע אן, שרייט ער איין אנדערען, די פרשה חומש, דו, קאנינע, דו!"...

אונ ווען דער שוסטער, וויללענדיג עסען, האט זיך גענומען צו מלמדות, האט אמ"ץ פון קרעסלאווקע, וויטעב. גוב., געלאזען זיך איבער דער וועלט קלייבען נדבות אויף די נשרפים פון זיין שטאדטעל אונ לייגט דאס געלד אין קעשענע... דערצו פערגלייסט ער די אויגען אונ שיקט א דאנק דעם מלך עליון, וואס ער שיקט אן שרפות אויף זיינע יודעלעך... א'ן אנדער מ"ץ אין וויטעבסק האט פאר א פאר רובעל ארויסגעגעבען שלישית וועקסלען!.. עס האט געקלונגען די שטאדט!... מיינט איהר, אז מען האט איהם אפשר ארבגעווארפען פון זיין שטעל פאר אזא נידערטראכטיגקייט? חס ושלום! ער איז זיך מ"ץ, ווי געוועזן!... ווארום, אז מען זאל אנהויבען קוקען אויף א זאלכע זאכען, וואלט דאך די וועלט קיין וועלט ניט געוועזן... מען וויל ניט פערברענגען אונטער זיך די שיפפען!... טאמער! איך ווייס... מען איז דאך לעבעדיגע מענשען... טאמער... עט... מאכט זיך א מאהל, אז מען דארף ווידער אריינכאפען שלישית וועקסלען!.. אזא מ"ץ דארף מען פשוט האבען!...



ער איז גאר איינפאך א נוטצליכער מענש ביי היינטיגע שווערע עסקים!...

אט זעהט איהר, דער חערסאנער מ"ץ ה' קארקלינסקי האט זיך שוין אין גאנצען אבגעקוילעט, ער איז שוין פערפאלען!... ער האט דערלאזען שפיעלען אויף א'נ'ארגאן אין שוהל!! א, ער איז שוין פערפאלען!... ער וועט שוין צו קיין תקומה ניט קומען!... סטייטש, שפיעלען אויף א'נ'ארגאן אין שוהל, וואס דאס טאר מען בפירוש ניט, זינד עס איז חרוב געווארען דער בית המקדש!... א מעשה, וואס עס פערלויפט זיך ניט!... דער וויטעבסקער מ"ץ, דער קרעסלאווקער מ"ץ עט זענען עפעס אנדערש!... פארט ערליכע „יודען"... זיי וועלען נאך געוועלטיגען אונ געוועלטיגען!...

אין איינעם מיט א זאלכע מורי צדק, ערליכע „יודען" האט זיך אויף דער פראווינץ בעוויזען א נייע כתה חסידים, וועלכע זענען דער עיקר בעשעפטיגט מיט טרינקען בראנפען אונ מסר'ן דעם איבריגען עולם... אין מאהליב פאד. איז די כתה א'נאוניאן, אבונד פון חסידים אונ מתנגדים, אונ דער אוניאט דיעזע חסידות-מתנגדישע חברה, מסר'ט אלע געגנער אונ האט אריינגעכאפט אין איהרע האנד די מקוה, וועלכע האט דערפאר אין חלירע צייט שטארק געהאלפען דער מגפה... אין וואזנעסענסק איז געווארען אזא מין חברה אונטער דער פירמע „ראחמיסטריווקער קלויז", דער גבאי איז א'נאויפגעקומענער גביר, וועלכער איז נתגדל געווארען דערמיט, וואס עס איז איהם געלונגען פאר איין אוצר געלד אבקויפען דעם רבי'ס טלית... „זינד זיי האבען זיך פערפיהרט, שרייבט אונז ה. טעפליצקי, האט אויפגעהערט אין שטאדט דער שלום. אהן מחלוקת קאנען זיי ניט לעבען, די לעצטע צייט פיהרען זיי פשוט מלחמה איבער א שוחט".

דאך ניט דוקא, וואו די נייע חסידים זענען, דארטען קריגט מען זיך! אין מלאווע קריגט מען זיך איבער ארב דער רייבער עולם איז שטארק פערנומען דערמיט אונ גאנצע טאג איז „הוי, הא!" מען זידעלט זיך, מען קריגט זיך, מען שלאגט זיך, איינגע פון די „פני" האבען אראבגעבעטען צו זיך ארב, אונ די אנדערע האבען איהם געשריעבען, ער זאל ניט וואגען קומען, ווארום ער וועט האבען א מיאוסען אבשניט!.. דרוזגעניק איז אויך שטארק פערנומען מיט אזאלכע קריג – דארטען איז שוין דער גאנגען אזוי ווייט, אז עס קריגען זיך עלטער'ן מיט קינדער, מאנגער מיט ווייבער, אפילו קינדער ביי די מאמעס אין די בייכער... איהר לאכט?... הא? אומזיסט! איך זאג אייך! איהר מאגט גלויבען! ביי יודען קאן אלץ זיין... אט איז ביי א לאדזער גביר געשטארבען א טאכטער א כלה מויד, נאר דער פאר וואס אין זיין קלויז האבען געדאוונט ווייבער אין אייגענע האר... אונ אט וועט איהר זעהן, אז מעהר וועט זיא שוין ניט שטארבען, ווייל ער האט ארויס געטריבען די אלע חצופות פון קלויז!... ביי יודען קאן אלץ זיין!... אין שאריגראד, דהיינו, קריעגט מען זיך „גלאט אזוי", דריא רבנים, „ביז הונדערט אונ צוואנציג יאהר" לעבען נאך אונ העלפען קריעגען זיך!... א, פארט הקול קול יעקב!... קאן ער דען שווייגען?... אט, זעהט איהר, הארען האט

ער גיט אזוי ליעב, אויפ'ן אויער איז ער א ביסעל שווער!... אין טיראספאל האבען בעלי חובות אבגעשריעבען א'נארומע אלמנה. אומזיסט האט די אומגליקליכע פרוי געקלאגט פאר'ן קהל, אז מען זאל זי ראטעווען, מען זאל זי ניט לאזען פאללען, ווארום זי איז זעהר עלענד, אומזיסט! טיראספאלער עדה — די אייגענע עדה, וועלכע שטעלט אריין די טומאה אין דער יראה און לאזט ניט טאנצען בחורים מיט מאדלעך איז טויב!... אין דעם טאג פון טארג איז געקומען א וועמסקע טשינאווניק א. מאל-ו און האט אבגעקויפט אלע חפצים און האט זיי אבגעגעבען דער אלמנה!... א'נאייבינער בזיון, א'נאייבינע חרפה אויף אייך, טיראספאלער יודעלעך!... אויף אייך אויך, קאמינקא שירמקער חברא קדישא יודעלעך!... שבת ערב שבועות איז דארטען געשטארבען ביי אמוטטער אפיער יאהריגער יונגעל, און חברא קדישא מיט צ. וו. (ליידער האט דער קארעספאנדענט ניט ארויסגעשטעלט זיין נאמען) בראש האבען איהם ניט מקבר געוועזן ביז דער אנדער נאכט יום טוב, ווייל די מוטטער האט זיי ניט געקאנט געבען קבורה געלד!...

— און יודישע רחמנות? יודישע צדקה? יודישע אחדות?

— חא, חא, חא, חא! תיקו!... בלייבט א קשיה... חא, חא, חא... נאר אסך לאכען טאר איך ניט, איך דארף נאר דערצאהלען, וואס עס טהוט זיך אין אונזערע ד' אמות, פון וואנען מיר זעהען מיט אלע מאגליכקייטען ארויסקריכען און מוזען געבעך וואנדערן, עמיגרירען.

די עמיגראציאן פערגרעסערט זיך מיט יעדעם טאג. אנרופען שטאדט. פון וואנען מען פאהרט, דארף מען גאר ניט, ווארום, אז עס זאל זיין מיט וואס, וואלט איהר דאך, ר' קרוב, אויך אוועק געפאהרען ... דערהויפט פאהרט מען אין די נארד-אמעריקאנישע שטאאטען, וואס דערפאר האט סלאנים אזא מחיה געפונען... די פאלעסטינאפילען זענען נאטירליך ניט צופריעדען — זאלען זיי מאכען בעססער!... דער "המליץ" האט אפילו א'נעצה: "זאלען די רייכע צו פאהרען אין ארץ ישראל, און די ארימע זאלען בלייבען אין רוסלאנד"!... קלוג!... און די קלוגע קאפף טראכטען יעצט זעהר שטארק וועגען אונזער בילדונג. די בילדונג איז דאס איינציגע, וואס טהוט אונז אן א ביסעל נחת, ווען מיר בעטראכטען אונזער פראווינץ. עפעס זעהען מיר אז מען וויל זיך לערנען, אז אלע יודישע שוהלען, שקאלעס, זענען שטאנדיג אנגעפילט — עס פעהלט נאך ארט; אז ווי ווייט מאגליך זעהט מען אנקומען אין א גימנאזיום, אין א רעאלשוהלע און גלאט מען לערנט זיך, אין אלע ביבליאטעקען איז דער גראססטער טהייל לעזער — יודען. נאר אונזערע חובבי ציון האבען די לעצטע צייט אנגעהויבען איינפיהרען זייער פראגראם, אין וועלכער דער עיקר איז העברעאיש און די אלע אנדערע זאכען זענען נאר א טפל, א צוגאב צום העברעאיש, און דערצו נאך א'נאונגנוטצליכער, גאנץ איבריגער צוגאב *)... זיי פערשלאגען די קינדערשע קעפלעך מיט דעם אויס-

*) אויף די עקזאמענס אין דער ווארשעווער חובבי-ציונישער מאדילשער שוהלע



לערנען אויף אויסווענדיג העברעאישע ווערטער — נאר זיי קוועלען, קלויבען נחת... דאך איז ניטא פון וואס!... די חברות "שפה ברורה" זענען אומעדום געפאללען — א סימן, אז אונזער לעבען ברויכט זיי ניט. וואס דאס לעבען פאדערט ניט, מוז פאללען. די אללגעמיינע בילדונג פערקעהרט, זעהען מיר, שטייגט, זי האט אפילו אריינגעשיינט אין ראחמיסטריווקע צום רבין אין הויז, און דער ראחמיסטריווקער רבי'ס זוהן איז אנטלאפען אין לאנדאן שטודירען, דער רבי — נאך מעהר-וואונדער! — האט איהם ניט פערשאלטען, ער שיקט איהם אפילו אויף דער הוצאה, נאר ער בעט זיך ביי איהם, אז ער זאל חאטש ניט גאלען די בארד, ניט אנווערען דעם צלם אלהים... וואס בילדונג איז ווערטה ווייסען אפילו די וויטעבסקער גבירים, וועלכע זענען ערצויגען געווארען על ברכי התורה, ביי דער תורה אין שוים, די וויטעבסקער גבירים'ס טאטעס זענען א מאהל איידער מען האט געוואוסט פון קארטען — געזעסען איבער דער תורה און האבען געלאזען אין ירושה זייערע קינדער אלטע ספרים, די קינדער, די יעטצטיגע שטאדט-גבירים, האבען פערלייגט די ספרים ערגיטץ ווייט אויפ'ן בוידעם און אליין זיך גענומען פאר עפעס אנדערס — קארטען האט מען שוין אויסגעטראכט... פראפעססאר חוואלסאהן, זייענדיג אין וויטעבסק, האט געוואלט אבקויפען ביי זיי די אלטע ספרים, די גבירים זענען ארויף געקראכען אויף די בוידעם'ס, האבען אראבגעשלעפט די ביכער, האבען זיי גוט אויסגערייניגט און אוועק געשטעלט אויבען אן. אז פראפעססאר חוואלסאהן איז געקוממען זעהן די ספרים, האבען די גבירים געמאכט מינעס, אז עס איז זיי מכלומר'שט שווער צושיידען זיך מיט די "טהייערע" ספרים, וועלכע זענען ביי זיי דאס גאנצע לעבען, דער גאנצער טראסט ... זם חיות, די נשמה, דער נחת... און גלאט א'נאנדיינקען פון זייערע עלטערן, א ליכטיגען גן עדן זאללען האבען... בקיצור פאר 100, נו פאר 50 רובעל וועלען זיי איהם אבגעבען יעדעם בוך. טאקי איהם נאר א צוליעב... פארט, ווי זאגט מען, א יודישער מליץ יושר.. פראפעססאר חוואלסאהן האט זיך פערוואנדערט געלאכט און האט אנגעהויבען אויסרעכענען, ווי טיעף די קערלען זענען געפאללען, ווען ביי איהם בעטען זיי א זאלכע משונהדיגע פרייזען פאר א בוך, וואס קאסט ביי א'נאנטיקוואר א דרייערל!... דעם חשבון האט ער נאך ניט געמאכט, ער וועט איהם נאך איבערגעבען זיין זוהן, וועלכער

"יהודיה" האט זיך ארויסגעוויזען, אז די קינדער האבען געקאנט נאר עטליכע העברעאישע ליעדער זינגען און איבערזעטצען אייניגע העברעאישע ווערטער — די אנדערע זאכען האבען זיי אדער גאר ניט אדער שלעכט געוואוסט. די לעהרער און עקזאמענטארען האבען דאך געקוואלען און זיך מודה געווען, אז אנדערע שפראכען און אריטמעטיג איז ביי זיי נאר א טפל. זעהר אינטערעסאנט איז צו זעהן, וויפיעל וויססען די לעהרער און די הערען עקזאמענטארען פון די "איבריגע זאכען". אויף די פראגע, וואס'ער חיה איז א שרץ המים, א וואסס'ער חיה, האט א שיללערן געענטפערט "אפראש", און די לעהרער מיט די עקזאמענטארען האבען געקוואלען... מיינע הערען! דער פראש וועט זיך אויף אייך קלאגען פארן בית דין של מעלה, ווייל ער כוח האבען אי יבשה אי וואסער - ער איז א'נאמפהיביע רבותי, א לאנד-וואססער כהיער!!...

אוי א פראצעסאר פון מאטהעמאטיק !... איך וואלט איהם אויך געגעבן נאך א סך משבונות: דהיינו, ווי ווייט איז פון די לעהרער פון דער ווארשעווער חובבי־ציוניסטער מאדילסער שוהלע „יהודיה", וועלכע האבען אויסגעהאנגען אויפ'ן וואנד פון זייער שוהלע גרויסע ווארטער: „כי יעקב בחר לו יה, ישראל לסגלתו", ביז דעם קריסטליכען לעהרער אדאמאוויץ אין פאלאנגאיע, וואלינסקער גוב. וועלכער לערנט זיינע תלמידים, אז אלע מענשען זענען גלייך, אלע גלייכע יחסנים, און א קריסט טאר ניט בעליידיגען א יודען ?!... איך וואלט איהם אויפגעגעבן א חשבון: צו איז פערהאנען עפעס א דערוויטערנים, עפעס א חילוק צווישען דעם פראסטען מושיק פון א דארף נעבען פאלאנגאיע, וועלכער נעהמט אויף אין זיין ארימע שטיבל אלע יודען, וועלכע פערגעהען אויף א ווייל אין דארף, וואו זיי טארען ניט וואהנען, און קארמעט זיי, און זאגט זיי גוטע ווארטער, און לאזט זיי איבערנאכטיגען ביי זיך אהן א קאפיקע געלד, נאר פון בלויזען רחמנות, און צווישען דעם יודישען סלוזשיטעל ביי ה. צ. קורליינדסקי אין ווארשא, מרדכי מוטטערפערעל וועלכער האט אומגעקעהרט צוריק דעם קאססיר פון וואשאווער דיסקאנטא באנק פינף טויזענד רובעל, וועלכער יענער האט איהם על פי טעות איבערגעגעבען ?... איך וואלט איהם אויפגעבען א חשבון נאר איך קאן זיך שוין מעהר ניט איינהאלטען, איך מוז שוין דערצאהלען...!

ר' קרוב! איהר מאגט טאקי זייער שטארק ברוגז זיין אויף מיר – די גאנצע צייט האב איך געוואוסט א בשורה טובה, און האב געשוויגען!... די גאולה איז נאהענט, ר' קרוב!... די גאולה איז נאהענט!...

צום טייוועל אלע אונזערע גבירים, ביי וועלכע מען האט געדארפט מיט צוואנגען רייסען נדבות אויף פאלעסטינא!... צום טייוועל אלע ליידיגע קערות פון ערב יום כפור!... לעבען זאל נאר טעפלע משגעוויצקע מארעססא... הונדערט מאהל לעבען זאל ער!... וויוואט!... ער ברענגט אונז די גאולה!... ער גיט אונז מיט אמאהל זיין הונדערט פינף און זיעבציג טויזענד רובל!!... און אז מיר זאלען פאלגען זיין עצה וועלען מיר קאנגען האבען אין איין יאהר הונדערט מאהל אזוי פיעל און נאך מעהרער... רבותי! אין איין יאהר קאנען מיר האבען איך ווייס וויפיעל הונדערט מיליאנען רובעל!!! לעבען זאל אייביג הערר טעפלע משגעוויצקי!!!... ווי רעבענט איהר, ר' קרוב ביי יודען איז פראן א מיליאן נקבות, וועלכע ווילען חתונה האבען?... איך זאג, איך וועט זיך, אז עס איז פאראנן נאך מעהרער!... הערר טעפלע משגעוויצקי איז א בחור און פלעט זיך!... וועלכע פרוי עס וועט איהם געווינען – זי מאג זיין אלט, בלינד און הינקענדיג – וועט זיין זיין ווייב!... ער לאזט ארויס א מיליאן בילעטן – א רובעל א בילעט. אט האבען מיר א קיימא לן פון א מיליאן רובעל! דערפון וועט ער זיך אראבנעהמען פינף און צוואנציג טויזענד רובעל אין נדן און די איבריגע ניין הונדערט פינף און זיעבעציג טויזענד רובעל אויף פאלעסטינא *) דאס זעלבע קאן מען איבער־

*) דער טעפלע משגעוויצקי איז זעלבסט געקוממען צו אונז אין רעדאקציע מיט א בריעף פון



מאן מיט נאך הונדערט אדער צוויי הונדערט יונגע לייט – און יודען זענען גליקליך!... טאזאל זיין רעיעלער וועט מען פעראנדערשפיעלען דאקטוירים... יעמאלט וועט מען נאך צו חאפען די בילעטען!... יונגע און אלטע מאדליך, יונגע און אלטע אלמנות, יונגע און אלטע גרושות – פאר א רובעל א מאן א דאקטאר!!...

קויפט, קויפט קונים,
אללע קומט אהער!...
נאך אמארק אזוינעם
איז צו קריגען שווער!...

א, לעבען זאלל ער אונזער רעטטער! לעבען זאלל ער! הערר טעפלע משגעוויצקי!.. וויוואט משיח'ס עזעל!... אורא!...................

...............................................

און די לופט איז פולל מיט זיפצען,
פולל מיט ברעננענדיגע טרעהרען!...
עך, ר' קרוב! אך־אך־אך!..

ד. פינסקי

א בעוואוסטען ח"צ ווי ער רעקאמאנדירט איהם פאר א אמת'ן ח"צ. און דער ה' טעפלע משגעוויצקע האט אונז זעלבסט פארגעלעגט זיין פלאן אז ער וויל זיך לאזען פלעטען פאר איין רובל א בילעט נאר מען זאל צוזאממען קלויבען א מיליאן בילעטען וועט ער דעם מיליאן אוועקגעבען אויף צו מאכען נייע קאלאניעס אין פאלעסטינא. ער האט אונז אויך געזאגט אז וועלכע פרוי עס וועט אים פאר איין רובל געווינען, זי מעג זיין אפילו א קייליקע, אדער אצרה א שלאק וועט ער זיין פאר איהר א גוטער, שטילער ארינטליכער מאן און וועט זי ליב האבען.

רעדאקציע „הויז־פריינד"

# עטוואס וועגן זשארגאן *)

## א קורצע סקיצצע פון א. לעווין סאגאן.

---

לשונות האבען דאס רוב דעם מזל פון די פעלקער, וועלכע רעדען אויף זיי: זיי פערגראססערען זיך אונ בליהען, פאללען אראב אונ פערגעהען פון דער וועלט גלייך מיט זיי, מיט די פעלקער. דעם יודיש-דייטשען זשארגאן געהט עס אויך אויף דער וועלט, ווי דעם פאלק, וועלכער האט פון דור דורות געבראכען אויף איהם די צונג. רעכענט מען צונויף פינף מילליאן סלאווען, אנדערטהאלבען מילליאן עסטרייכער אונ דייטשען, אזוי פיעל פראנצויזען, ענגלאנדער, אמעריקאנער א. ז. וו. וועט מען האבען אין סך הכל א ווארט: יודען; רעכענט מען צונויף עטליכע טויזענד דייטשע, אזוי פיעל סלאווישע אונ העבראאישע ווערטער, מיט וועלכע נאר יודען רעדען צווישען זיך, האט מען אין סך הכל א ווארט: יודיש-אלשון אויף וועלכען עס רעדען יודען. אונ ווי אויף דעם פאלק, אזוי אויף זיין לשון קוקט מען פון אללע זייטען כלאחר יד, ווי אויף א'נ אבגעשלאגענע הושענא, דער עיקר ארבייט פון דעם יודענטהום זאגט מען איז געוועזען אין עבר, אין דער פערגאנגענהייט — דעם זשארגאן וויל מען אויך א וועקשיקען אין ארחיוו, אריינווארפען אין דעם טייך לעטו, וואו אללעס ווערט פערגעססען, ווייל מען רעכענט איהם פאר אוננוטצליך אונ אפילו שעדליך פאר יעצטיגער צייט, פאר דער געגענווארט.

נאר דער, וואס ווייסט אונ קענן די יודישע לאגע, וועט געוויס צושטימען, אז

---

*) אין דער לעטצטער צייט איז אין דער יודישער פרעססע אין דייטשלאנד זעהר פיעל גערעדט געווארען וועגען אונזער זשארגאנישער ליטעראטור. מען האט אבער געזעטצט אויף דייטש א סך פון די זשארגאנישע ווערק (שלום עליכם'ס, י. ל. פרץ'ס, מ. ספעקטאר'ס) אונ מען האט געשריעבען א סך ארטיקלען אונ קריטיקען וועגען דער ליטעראטור. די דייטשע פרעססע האט זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט דעם לעבען פון די רוססישע יודען אונ האט זיך נאטירליך, געמוזט אבשטעללען אויף דער זשארגאנישער, אדער ווי זיי רופען, דער יודיש-דייטשער ליטעראטור, וועלכע שטעהט נאהענטער צו דער בידנער יודישער מאססע, ווידער די העבראאישע אונ רוססישע. דער ארטיקעל, וועלכען מיר געבען דא, איז געדרוקט געווארען אין דער בראמבערגער צייטונג (Der Iüdische Kantor) אונ געהערט דער פעדער פון א בע=ריהמטען דייטשען פובליציסטען=קריטיקער. דער געעהרטער קריטיקער האט געקריטיקירט אין דעם ארטיקעל ביידע ערשטע באנדער פון אונזער „הויזפריינד" אונ דען ערשטען באנד פון דער „יודישע פאלקסביבליאטהעק" שלום עליכם'ס, מיר זעטצען נאר איבער דעם אנהויב פון דעם ארטיקעל, וואו עס ווערט גערעדט וועגען זשארגאן בכלל. דא האבען מיר אויך אריבער געלאזען אלץ, וואס פאר אונזערע זשארגאנישע לעזער וואלט איבריג אונ שווערליך געוועזען.

רעדאקציע „הויזפריינד"



דער זשארגאן איז נאך זעהר נאטהיג — מען דארף איהם נאך האבען אלס א מיטטעל צו בילדען זעהר א גרויסען טהייל יודען. „פאר דעם טרומייטערען אונ שאללייז פון שופרות פון דער נייער צייט, וואס לעססינג אונ מענדעלזאהן האבען געלאזט הערען", זענען נאך ניט אומעדום איינגעפאללען די וואנד פון דער געטטא זיי שטעהען נאך אייזען שטארק, אונ קוועטשען צונויף די יודען...

כל זמן דער יוד וועט זיך דרעהען אונ אבלעבען זיין וועלט'ל נאר צווישען יודען, וועט זשארגאן זיין מוטטער שפראכע בלייבען, אונ כל זמן ער איז זיין מוטטער שפראכע, מוז מען אויף איהם קוקען ווי אויף א לעבעדיגען לשון, גלייך מיט אללע אנדערע. די בולגארישע שפראכע האט אויך קיין גראממאטיק, גלייך מיט דעם זשארגאן, דאך איז נאך קיינעם ניט איינגעפאללען פערברענגען זי אין חמץ: אויף איהר רעדען דאך עפעס דריטטהאלבען מילליאן מענשען!.. אונ א לשון, אויף וועלכען עס רעדען צוויי מאהל אזוי פיעל רוססישע, גאליציישע אונ רומאנישע יודען, ער זאל געראד געהן לעזאזל?!..

עס איז געוועזען א צייט — אט דא גאר ניט לאנג — אז צווישען די רוססיש-יודישע אינטעללעגענטען, האט אויך געהערשט די מיינונג, אז דער זשארגאן איז יעטצט שעדליך. ציוויליזירען, לייטישער מאכען דאס פאלק, האבען זיי געזאגט, מוז מען אויף א ציוויליזירטע לייטישע שפראכע. אללע, וועלכע האבען געהאט א פע-דער אין האנד אונ האבען געקאנט פיהרען מיט איהר, האבען זיך גענומען צו דער מלאכה, אונ אין גיכען איז בעשאפפען געווארען אויף רוססיש אקליינע יודישע ליטעראטור פאר דאס פאלק, פאר דעם המון עם, פאר דער גרויסער אונ-וויססענדער אונגעבילדעטער מאססע. אבער ווער האט די ביכלעך געליינט? ווער האט גאר ניט אנגעהויבען צו וויססען, אז עס איז פערהאנען א יודיש-רוססישע ליטעראטור? אלליין טאקי יענע, פאר וועלכע די ליטעראטור איז בעשאפפען געווארען, אלליין טאקי דער המון עם, אלליין טאקי די „ארמע אים גייסט"!.. אום צו שטיללען דעם דורשט, וועלכער האט אין זיי געברענט פון דער צייט אן, ווען זיי האבען דער וואוסט, אז מען דארף עפעס לייענען — אום צו שטעלען דעם דורשט, האבען זיי זיך געמוזט אנזופען ניט מיט ריינעם קוואלוואסער, נאר מיט פוילער, שמעקענדיגער נאסקייט, וועלכע פארסמט דאס הארץ אונ טיידט דעם גייסט. די אינטעלליגענטען, די געבילדעטע, האבען ניט געקוקט אין יענער זייט, האבען ניט אכטונג געגעבען — איז דאס פאר דער משנהדיגער גראבהייט, פאר דער עקעלהאפטער אונוויססענהייט, עם-הארצות, געוועזען א גוטער, פראהליכער יריד'ל, אונ זי האט זיך צו לייגט אונ צו שפרייט מיט „ספורים, מעשות אונ האכסט אינ-טערעסאנטע ראמאנען", פון וועלכע עס עקעלט א ציוויליזירטען מענשען; גוטע ווערק, נוטצליכע פאר דעם גייסט, זענען געוועזען זעהר, זעהר ווייניג — ווי האט דאס געקאנט אנדערש זיין!

נאר די רוססישע־יודישע אינטעלליגענץ האט זיך געכאפט, האט דערזעהן איהר טעות; זי האט פערשטאנען דעם אמת פון דעם פראקטישען געזעץ, אז א שטוב מוז מען אנהייבען בויען פון אונטען, פון פונדאמענט גיט פון אויבען, פון דאך; אז מען מוז זיך אראבלאזען צום פאלק, ווען מען וויל איהם אויפהעבען, און מען מוז צו איהם רעדען אויף זיין לשון, כדי ער זאלל פערשטעהן וואס מען רעדט, וואס מען וויל פון איהם. זי האט זיך געכאפט: איהר טעות און האט אנגעהויבען פער־ריכטען, די פעגעס, וועלכע האבען געשריעבען פון לינקס נאך רעכטס, האבען איבער געקעהרט דעם וועג און האבען אנגעהויבען געהן פון רעכטס נאך לינקס. מען האט גענומען פערריכטען דאס, וואס מען האט קאליע געמאכט, אויסרייבען דעם עפוש פון די „האכסט אינטערעסאנטע ראמאנען". מען האט זיך אפילו גענומען מאכען א שטיקעל ארדענונג, א סדר, אין דעם זשארגאן, אריינשטעללען איהם אין א גראמאטישען ראהם. די נייע יודיש־דייטשע ליטעראטור האט ארויס געשטעללט א זעלכע שרייבער, וועלכע האבען בעקומען זעהר א גרויסען נאמען אין גאנץ רוססלאנד און גאליציא ניט נאר צווישען יודען, נאר אויך צווישען קריסטען. דיעזע ליטעראטור, ווי יונג זי איז נאך, האט זיך אזוי הויך ענטוויקעלט, אז איגנארירען זי, מאכען פון איהר א שוויג, איז אונמעגליך.

און אויך ניטא פאר וואס צו איגנארירען. די ליטעראטור האט אין זיך אלץ, וואס קאן פערעדלען, אויסבעססערן דעם ליטעראַרישען געשמאק פון איהרע לעזער, מאכען „זיי פעהיגער צו „עטוואס העכערעס, צו געוואהנען זיי צו דעם געדאנק וועגען השכלה, כדי אויף אזא אופן ביסלעכווייס, ביסלעכווייס ארויסשלעפען זיי פון דעם גייסטיגען גהעטטא אין דער ליכטיגער וועלט. האבענדיג אזא פונדאמענט, טראגט זי מיט זיך פיעל ברכות. האבענדיג אזא פונדאמענט און ניט אויפהערענ־דיג צו געהן אין דעם וועג, פערדיענט זי, אז אללע זאללען זיך מיט איהר אינ־טערעסירען — אללע, וועלכע זעהען אין דער גייסטיגער ענטוויקעלונג פון דער גרויסער גראבער מאססע פון די רוססישע יודען א ברכה פאר אללע יודען, פאר די גאנצע יודענהייט.

# דער גרויסער מענשענפריינד.

## (אפארטרעט)

אז אללע גבירים וועללען זיך שטעללען צום גרויסען יום הדין, וועט גאט זיי פארשטעללען איהם, דעם גרויסען גביר, און וועט ביי זיי פרעגען, אויב זיי האבען זיך אויפגעפיהרט אזוי, ווי ער, זיין טהייערער זוהן. וואויל איז צו יענע, וועלכע וועלען קאננען ארויפלייגען די האנד אויף'ן הארצען און זאגען: „יא, רבונו של עולם!" אבער וועה צו יענע וועלכע וועלען מוזען אראפלאזען דעם קאפף און שווייגען. א בת קול וועט דאנן ארויס און וועט אויסשרייען: „ער איז מחייב עשירים — ער מאכט שולדיג אללע גבירים!" ...

פון דער קלענסטער ביז דער גרעסטער זאך האט מען געקאנט דערקענען אין איהם דעם גרויסען מענשענפריינד. ער איז, דאכט זיך, פערדרעהט געוועזען אויף צעהן וועלטען מיט הונדערטער געשאפטען און פון דעסטוועגען האט ער זיך אימער געמישט אין אללע זאכען, וואס האבען געהערט, ווי צום כלל, אזוי צו יעדעם איינציגען מענשען — צו יעדען, אפילו צו א סך נידריגערן פון איהם.

ער זיטצט איבער א גרויסען בוכהאלטערישען בוך און איז, דאכט זיך, שטארק פערנומען, טיעף אריינגעטהון, און פון דעסטוועגען גיט ער אבטונג, וואס טהוט דער בוכהאלטער און די משרתים... זיי בעקומען געהאלט, טארען זיי קיין מינוט ניט אומ־געהן לעדיג — אומזיסטע געלד טאר מען ניט נעהמען... אויסרוהען, זעהט איהר, וועלען זיי נים אנווערען, אז מען וועט פערשליעססען די קראם... נאר ער דערזעהט, ווי איינער פון זיי טרינקט קאלטע וואססער און איז פארשוויטצט, רייסט ער איבער זיין רעכנען און מאכט יענעם א בעמערקונג, אז ווייטער זאלל ער דאס ניט טהון, ווייל ער קאן נאך לונגענענטציענדונג בעקומען און אז ער וועט קראנק ווערען, וועט ער נאטירליך אנווערען די שטעללע...

מיט וואס פיר א מענשענפריינדליכען טאן פלעגט ער פארווירפען איינעם, ווענ־ יענער איז משוגענערהייט געלאפען אויף טראפ! ער פלעגט אננעהמען יענעם פאר'ן האנד און פלעגט איהם אבשטעללען. „הע, וואס לויפסט דו, ווי א פערסמטער? פלעגט ער רעדען, עס ברענען ביי דיר דיינע גרויסע געשאפטען, אדער דיך פערדריסט, וואס דו האסט נאך גאנצע שטיפעל?... שוטה"!.. .ודער איינער איז דווקא ביי איהם קיין משרת געוועזען און שטאנדיג גאר א ווילד פרעמדער, וועלכען ער, דער מענשענ־

פֿרַיינְד, הָאט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהְל גֶעזֶעהֶען, אַ מְשָׁרֵת, זֶעהְט אִיהְר, אִיז עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ!... אַ מְשָׁרֵת מוּז לויפֶען, עֶר בֶּעקוּמְט דָאךְ דֶערְפַאר גֶעהַאלְט!...

אִיךְ מֵיין, צוּ עֶס אִיז עֶפֶּעס פֶערְהַאנְן צוּ רֶעדֶען וֶועגֶען זַיין וַוייכְהֶערְצִיגְקֵייט! עֶר פְלֶעגְט קָאנֶגֶען זַיין, וִוי פֶערְנוּמֶען, גֶעהֶענְדִיג אִין גַאס, נָאר אַז עֶר פְלֶעגְט דֶערְזֶעהְן, וִוי אַ קִינְד זִיצְט אויף אַ פֶענְסְטֶער, פְלֶעגְט עֶר אַ פֶערְטְרָאסִילְטֶער וֶוערֶען אוּנ פְלֶעגְט אויסְשְׁרַייֶען: „אויף! דָאס קִינְד וֶועט אַרויספַאלֶען!...” אוּנ פְלֶעגְט בֶּעטֶען, מֶען זָאל אַרָאבְּנֶעהֶמֶען דָאס קִינְד, חָאטְשׁ אִין אַזָאלְכֶע פַאלֶען אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבֶען קִינְד דִי שָׁאנֶע יוּנְגֶע מוּטֶער אָדֶער אַם...

---

אַיין אָרִימַאן הָאט עֶר דָאךְ נִיט גֶעקָאנְט אָנְקוּקֶען!... דִי אָבְּגֶערִיסֶענְקֵייט אוּנ אָבְּגֶעשְׁלִיסֶענְקַייט, דִי בְּרוּדִיגְקֵייט אוּנ שְׁמוּטְצִיגְקֵייט הָאבֶען גֶעשְׁנִיטֶען זַיין מֶענְשֶׁענְפְרַיינְדְלִיכֶעס הַארְץ, וִוי מִיט מֶעסֶערְס — עֶס פְלֶעגְט אִיהְם אַוְשׁ נָאר עֶקְלֶען דֶערְפוּן! — אוּנ עֶר פְלֶעגְט אָבְּקֶעהְרֶען דָאס גֶעזִיכְט... אַ, וָואס עֶר פְלֶעגְט גֶעבֶּאךְ אויסְלַיידֶען אַ רֹאשׁ חֹדֶשׁ, וֶוען דִי אָרִימֶע לַייט פְלֶעגֶען פֶערְדֶעקֶען דִי גַאנְצֶע גַאס, וִוי הֵיישֶׁערֶעקֶען!... (חִי, וְחִי, חִי, !... עֶר פְלֶעגְט טַאקִי זָאגֶען „דִי הֵיישֶׁערֶעקֶען גֶעהֶען שׁוֹין!”)... עֶר פְלֶעגְט זִין שׁוֹין בֶּעסֶער אִין גַאס נִיט בֶּעוַוייזֶען אַ גַאנְצֶען טָאג!... (אִין זַיינֶע קְרָאמֶען פְלֶעגְט מֶען דֶערְוַוייל עֶנְטְפֶערן „נִישְׁטָא דֶער בַּעַל הַבַּיִת”...) בִּיז לְסוֹף הָאט עֶר אויסגֶעפִיהְרְט, דַאסס דִי אָרִימֶע לַייט זָאלֶען נִיט אוּמגֶעהֶען אִיבֶּער דִי הַייזֶער. אויף אַ'נְאַסֵפָה פוּן דִי פְּנֵי הָעִיר הָאט עֶר פָארְגֶעלֵייגְט, אַז מֶען זָאל מַאכֶען אַ קָאמִיטֶעט, אִין וֶועלְכֶען מֶען וֶועט טְהֵיילֶען נְדָבוֹת דִי אָרִימֶע לַייט. „וָואס אִיז בַּיי אַייךְ וֶוערְטְה, אַז אִיהְר וֶועט נִיט דַארְפֶען אָנְקוּקֶען דִי אָבְּגֶערִיסֶענֶע פּוּרְעָנִיּוֹת'ן?” הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דִי פְּנֵי. אַז אַ'נְאָרִימַאן אִיז אַ'ן „אָבְּגֶערִיסֶענֶע פּוּרְעָנִיּוֹת”, וֶועט דָאךְ קֵיינֶער מִסְתָּמָא נִיט לֵייקֶענֶען, אוּנ דִי פְּנֵי הָאבֶען גְלֵייךְ פֶערְשְׁטַאנֶען דֶען וֶוערְטְה אוּנ מֶען הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַ קָאמִיטָאט. עֶר הָאט פַארְלַאנְגְט אַ לַאנְגֶען שְׁטִיק פַּאפִּיר, אויף וֶועלְכֶען עֶר הָאט אויבֶען בַּיים בְּרֶעג אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען מִיט גְרוֹיסֶע אוֹתִיוֹת „חֶשְׁבּוֹן הַאנְדָאווס”, נָאךְ מִיט זִיבֶּען גְרַייזֶען, אוּנ אוּנְטֶער דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר אוּנְטֶער גֶעצוּקְט אויף רוּסִישׁ זַיין מֶענְשֶׁענְפְרַיינְדְלִיכֶען נָאמֶען אוּנ נֶעבֶּען אִיהְם הָאט עֶר רוּהִיג, קְוֶועטְשֶׁענְדִיג דִי פֶּעק, צוּגֶעשְׁטֶעלְט דִי צִיפֶער „100”. עֶר הָאט אַ וָוארְף גֶעטְהוּן זַיין בְּלִיק אויף דָאס, וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, וִוי אַ קִינְסְטְלֶער וַוארְפְט זַיין לֶעטְצְטֶען בְּלִיק אויף זַיין הֶערְלִיכֶעס, שֶׁאנֶעס בִּילְד, אָדֶער עֶר לֵייגְט אַוֶועק דֶעם פֶּענְזֶעל... עֶר הָאט צוּ גֶעצוּקְט דֶעם לֶעצְטֶען נוּל, הָאט פֶערְרִיכְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוֹת פוּן זַיין פַאמִילְיֶע, הָאט נָאךְ אַ מָאהְל אַ וָוארְף גֶעטְהוּן זַיין בְּלִיק אוּנ דַאן הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעלֵייגְט דִי פֶּען אוּנ הָאט אויפְגֶעהוֹיבֶען דֶעם קָאפְּף. עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעשְׁפַּארְט צוּם וֶואנְט'ל פוּן שְׁטוּל אוּנ הָאט אַרוּמְגֶעקוּקְט דִי אַרוּמִיגֶע מִיט עֶרְקֶענוּנְג פוּן זַיין אֵייגֶענֶער מֶענְשֶׁענְפְרַיינְדְלִיכְקֵייט...

עֶ! דָאס אִיז נָאךְ וֶוענִיג!.. עֶר הָאט בַּאלְד פְּרָאיֶעקְטִירְט, אַז מֶען זָאל צוּ שִׁיקֶען



פּוּשְׁקֶעס אִין אַלֶע הַייזֶער, אוּנ יֶעדֶער אִיז מְחוּיָב צוּ וַוארְפֶען אִין זַיי אויף דִי אָרִימֶע לַייט.

פַאר אַ קְלוֹיבֶּער הָאט עֶר גֶעמַאכְט זַיינֶען אַ נָאהֶנְטֶען קָרוֹב, וֶועלְכֶען עֶר הָאט בַּא זִיךְ אִין גֶעשֶׁאפְט נִיט גֶעקָאנְט הַאלְטֶען, וַוייל יֶענֶער הָאט גֶעהַאט צוּ גְרוֹיסֶע הֶאנְד.... „אִי וָואלְק סִיט, אִי קָאזַא צֶעלַא”, הָאט עֶר דֶערְבַּיי גֶעטְרַאכְט, זִיךְ רֶעכֶענְדִיג פַאר דֶער צִיג.... וָואסֶערֶע עֲנָוֹות!...

דֶער מֶענְשֶׁענְפְרַיינְד הָאט זִיךְ אִין דֶעם פֶערְאַנְדֶער גֶעהִיטְצְט, אוּנ עֶר הָאט גֶעשֶׁענְקְט נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ דְרַייסִיג רוּבֶּעל פַאר זַיינֶע הוּנְדֶערְט אוּנ דְרַייסִיג אַרְבַּייטֶער אוּנ מְשָׁרְתִים!.. עֶר הָאט זַיי אֲפִילוּ אָב גֶערֶעכֶענְט פוּנֶם גֶעהַאלְט, נָאר דָאס אִיז דָאךְ קֵיינֶעם נוֹגֵעַ!.. גְלַאט, דֶערפוּן דַארְף קֵיינֶער נִיט ווִיסֶען!... עֶר הָאט דָאס גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען, אוּנ דִי מַעֲשֶׂה הַצְדָקָה דַארְף גֶעהְן אויף זַיין נָאמֶען!...

פוּן דֶענְסְטְמָאהְל אָן הָאט זִיךְ אַ'ן אָרוּמַאנְן נִיט גֶעטָארְט בֶּעוַוייזֶען גֶעבֶּען אַ קְרָאם — עֶר, דֶער מֶענְשֶׁענְפְרַיינְד פְלֶעגְט גְלַייךְ רוּפֶען אַ גָארָאדָאוואֵי אוּנ פְלֶעגְט הֵייסֶען אָבְּפִיהְרֶען דֶען „הֵיישֶׁערֶעק” אִין פָאלִיצֵיי. „קֵיין גֶענוּג אִיז זַייא נִיטָא!..” פְלֶעגְט עֶר שְׁרַייֶען אויף דִי קַבְּצָנִים, וֶועלְכֶע הָאבֶען זִיךְ פוּן זַייעֶר זַייט גֶעקְלָאגְט, אַז זַיי בֶּעקוּמֶען פוּן קָאמִיטֶאט מַכּוֹת אוּנ וואוּנְדֶען... אַלֶע גְבִירִים הָאבֶען אִיהְם גֶעדַאנְקְט אוּנ הָאבֶען אִיהְם גֶעלוֹיבְּט פַאר זַיין מִיה לְטוֹבַת הַכְּלָל.

מֶען הָאט גֶעדַארְפְט צוּ זֶעהֶען מִיט וָואס פַאר אַ שְׁמֵייכֶעל עֶר הָאט אויסְגֶעהֶערְט דִי טַעֲנוֹת פוּן זַיין ווַייבּ דִי מַאדַאם, וֶועלְכֶע הָאט אִיהְם לוּנְג אוּנ לֶעבֶּער אויסגֶעגֶעסֶען פַאר דֶער נְדָבָה: „בַּעַל טוֹבָה מַיינֶער, הָאט זִי גֶעשְׁרִיען גָאר אויף דִי הוֹיכֶע טֶאנֶער אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְקְרִימְט, הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל שֶׁענְקְט עֶר אויף דִי שְׁלֶעפֶּער!... זָאלֶען זַיי זִיךְ אוּמְשְׁלֶעפֶּען אִיבֶּער דִי הַייזֶער, וָואס גֶעהְט עֶס דִיךְ אָן?!.. זַיי וֶועלֶען קוּמֶען צוּ מִיר, וֶועל אִיךְ הֵייסֶען אַרָאבְּוַוארְפֶען זַיי פוּן אַלֶע טְרֶעפּ!...”

— בִּיזְט אַ נַארר! הָאט עֶר אִיהְר מִיט זַיין שְׁמֵייכֶעל שְׁטִיל אוּנ קוּרְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנ זִי אִיז אַנְשְׁווִיגֶען גֶעוָוארֶען....

וִוי אִיהְר זֶעהְט, אִיז עֶר אִימֶער גֶעלֶעגֶען אִין טוֹבַת הַכְּלָל. וֶוען זַיין זוּהְן, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט צְוֵוייטֶע לֶעהָאטֶע, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּם פְּרִיזִיוו אוּנ הָאט אַרוּיסגֶענוּמֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען נוּמֶער, אוּנ דִי נִיטְלֶעהָאטְנִיקֶעס הָאבֶען גֶעפָאדֶערְט פוּן אִיהְם גֶעלְד, אַז נִיט וֶועלֶען זַיי זִיךְ צוּ לוֹיפֶען, הָאט דֶער מֶענְשֶׁענְפְרַיינְד אויס גֶעפִיהְרְט, אַז אַלֶע לֶעהָאטְנִיקֶעס, עֶרשְׁטֶע אוּנ צְוֵוייטֶע זָאלֶען מַאכֶען אַ קַאסֶע פַאר דִי נִיטְלֶעהָאטְנִיקֶעס. אַ, וִוי מֶענְשֶׁענְפְרַיינְדְלִיךְ הָאט עֶר גֶערֶעדְט צוּ דִי טַאטֶעס פוּן דִי לֶעהָאטְנִיקֶעס אוּנ הָאט זַיי אִיבֶּערְצַייגְט, אַז זַיי זֶענֶען מְחוּיָב צוּ גֶעבֶּען! „אִיהְר דַארְפְט ווִיסֶען, הָאט עֶר גֶערֶעדְט, אַז אִיךְ דַארְף גֶעווִיס נִיט גֶעבֶּען, וָוארוּם... (עֶר הָאט בֶּעוִויזֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער זִיךְ אויף'ן הַארְצֶען, וִוי עֶר וָואלְט גֶעזָאגְט „וָוארוּם אִיךְ בִּין אִיךְ!..”) נָאר גְלַאט... אַ רַחֲמָנוֹת... זַיי גֶעהֶען דִיעֶנֶען... אוּנ מִיךְ קָאנְט אִיהְר דָאךְ אַ בִּיסֶעל.... עֶט!.. גִיבּ אִיךְ אויף זַיי פִינְף אוּנ זִיעבְּצִיג רוּבֶּעל, אוּנ

איהר טארט ניט אבשטעהן!" ער האט דער ערשטער אנגעשריעבען אויף א לאנגען שמיק פאפיער זיין כשר'ען נאמען מיט גרויסע ציפער „75" אונ האט דערלאנגט דאס פאפיער די איבעריגע טאטעס, צונויפקלויבענדיג דאס געלד, האט ער עס אליין צוטהיילט צווישען די ניט לעהאטניקעס,* ווי מענשענפריינדלעך האט ער זיי גערעדט בשעת מעשה!.. „ע, רעבּיאטא ניטשעוואָ!.. האט געקלונגען זיין מענשענפריינדליכער קול – זארגט ניט!..." איהר וועט דינגען!.. סמירנא!.. סטראיסיא!.. חע, חע, חע!!.. איהר וועט האבען שצי דא קאשו!.. איהר וועט דאך מסתמא עססען פון קעססעל, שקצים!.. חע, חע, חע!.. ע, ניטשעוואָ!.. פון גוישען עססען ווערט מען געזונד!..." ער האט צו געקלאפּט איינינע איבער די פּלייצעס, אונ די רעקרוטען האבען עפּעס, ווי דורך א כשוף, דערפיהלט, אז עס איז טאקי „ע, ניטשעוואָ!" אוועקגעהען דיענען אויף לאנגע יאהר מיט פיערטהאלבען רובעל אין קעשענע, וועלכע יעדער האט בעקומען פון דעם מענשענפריינד...

בכלל האט ער שטאנדיג ליעב געהאט רעדען נאר פריינדליך מיט מענשען א סך קלענערע פון איהם; מען האט געדארפט צוזעהען, ווי ער פלעגט רעדען מיט זיינע דיענסטמיידעך... נאך קיין דיענסטמיידעל האט זיך געקלאגט, אז דער בעל הבית זאלל וועען עס איז זאגען א קרום ווארט – די בעלת־הבית'טע גראד...

---

וועהר פיעל האט דער מענשענפריינד געארבייט אויף אויסבעססערן די זיטטען. אונ דער, וואס וועט איהן נאך הונדערט אונ צוואנציג יאהר מספיד זיין, וועט זיך מוזען לאנג אבשטעללען אויף דאס. ווער, ווי ער, האט נאך געוואוסט, וואס הייסט שלעכטע זיטטען אונ וואו שטעקען זיי?!.. ווער, ווי ער האט נאך געוואוסט, מיט וואס מוז מען אוים בעססערן שלעכטע זיטטען?!...

א שלעכטען זיטט, א וואלפישען חאראקטער, האט ער, צום ביישפּיעל געזעהן אין דעם ארימען ארבייטער, שניידער אדער שוסטער, סטאליאר אדער פלאטניק, וועלכער פלעגט ניט וועלען ארבייטען אויף זיין מקח. דערפאר פלעגט דער מענשענפריינד רודף'ן עד חרמה – יענעם אין לעבען אריין, „א מענש דארף ניט האבען גרויסע אויגען! פלעגט ער שרייען – אז איינער גאהט אדער בויט זיך עפּעס, וואלטען דיעזע מענשענפרעססער – אזוי האט ער זיי גערופען – וואללען רייך ווערען אונ ארבשינדען פון יענעם די הויט"!... בא איין ארוממאן, א מטפּל מיט קינדערלעך – קליין – קליין – קלייגער. האט זיין סרסור ארוים געפיהרט די בהמה פון שטאל פאר פרא־צענט אונ דען אנדערן האט ער ארוים געווארפען אויף'ן גאס פון זיין קלייגעם חרובן היזעל, וועלכעס איז געבליעבען דעם „אנזעמצער" בירושה פון זיין עלטער־עלטער באבען. „א מענש, ווענן ער לייהט, דארף קאנגען אוועקגעבען, האט ער געענטפערט די זעלבען, ווען זיי זענען געקומען בעטען בא איהם רחמנות – קאנגט



איהר ניט אוועקגעבען, האט איהר ניט געדארפט לייהען!.." ובכן – שלעכטע זיטטען דארפען געשטראפט ווערען...

ער אליין האט שוין צוויי מאהל אנגעזעצט – אבער די בוכהאלטערישע ביכער בעוויזען שווארץ אויף ווייס... אונ קיינער האט ניט וואס צורעדען!...

די משרתים אין זיינע קראמען אונ די ארבייטער אין זיין פאבריק האבען געמוזט ארבייטען פון זיעבען אין דער פריה ביז איינס – צוויי בא דער נאכט אונ געהאלט האבען זיי בעקומען, קוים אויף צו דערהאלטען די נשמה. דער מענשענפריינד האט גוט איבערלייגט, אז די לייטלעך וועלען דאס איבעריגע געלד אונ די איבעריגע צייט פערברענגען אויף שדים ווייסען וואס... ווי גליקליך וואלט ער זיך געשאטצט, ווענן ער וואלט דאס געקאנט אויספיהרען מיט זיינע אייגענע זיהן, וועלכע האבען געלד, געזונד אונ צייט אויסגעבראכט, די גאנצע שטאדט, ניט נאר שדים, ווייסען אויף וואס... אבער וואס קאן מען טהון מיט אייגענע קינדער?:.. קאן מען דען זיך שלאגען מיט זיי?!...

ווען די משרתים אונ די ארבייטער האבען זיך איהם געקלאגט, אז זיי ארבייטע צופיעל, האט ער גאנץ רעזאניש, ווי די מעשה איז, געענטפערט, אז פון ארבייטען ווערט מען ניט קראנק, פערקעהרט מען ווערט נאך געזינדער אזוי וואויל וואלט איהם געוועזען, ווענן ער וואלט קאנגען ארבייטען – ער וואלט דאנן געוועזען אין פינפען געזינדער!.. „נאר אויב איך געפעללט ניט, האט ער זיי גערעדט, טא קאנגט איהר זוכען עפּעס בעססערס – איך האלט איך ניט!.." אונ גלייך האט ער זיי דער־מאהנט, אז, אומגעהענדיג ליידיג, וועלען זיי צושטארבען פון הונגער...

ווענן די אייגענע האבען זיך געקלאגט אויף ווענינ געהאלט, האט ער גלייך געפונען גאר איין איינפאכען תירוץ: „ניטא קיין „וועניג"!.. וואס הייסט „וועניג"?!.. א מענש דארף קאנגען לעבען מיט וויפיל עס איז!.. א מענש מיט פערשטאנד דארף קאנגען איינטהיילען!.. א ביסעל א וואלוועלערע דירה... מען עסט ניט קיין מארצעפאנעס... עס דארף ניט אויסמאכען, ווי מען איז אנגעטאהן.. אזוי וועט אימער זיין גענוג!.. פאר וואס ארט מיך ניט, וואס איך עס אונ אין וואס איך געה?!..." האט ער אוים געשריען, פערמאנדערמאכענדיג די האנד אויף וועלכע עס האבען געפינקעלט ברילליאנטענע רינגען...

גאר איינפאך האט ער געענטפערט איינינען, וועלכע האבען זיך געקלאגט איהם, אז צו זייער קליינעם געהאלט האבען זיי אבער פיעל קינדער. „קינדער?!. האט ער אויסגעשריען שטארק נשתומם – ווער הייסט אייך קינדלען?!.. פאר וואס האב איך ניט קיין סך קינדער?!.. אונ די ארימע האבען נעבאך געמוזט שווייגען, וויל צללע האבען געוואוסט, אז די מאדאם זיים פון עפּעס א סגולה, דאס מען זאלל קיין קינדער ניט האבען... מיילא זיי זענען בא זיך גאטס סטראפּצעס אונ ווילען ניט זייערע נשמות פערקויפען, דאהי ער דער פאר וואס?!... קארמענען זייערע קינדער?!....

נאך א זאלכע רעזאנען, אמת'ע און ערהליבע תשובות, פלעגען די ארבייטער געוועהנליך ניט האבען, וואס צו רעדען, און מיט שווערען געמיטה פלעגען זיי מוזען לית ברירה אומקעהרען זיך צו זייער ארבייט, טראכטענדיג: ווי קאנן מען קלויבען כח פון אכטצעהנשעהדיגער ארבייט? ווי קאנן מען זיך איינטהיילען און ניט עססען קיין מארצעפאנעס, ווען עס האפט קוים אויף ברויט מיט וואססער?... ווי קאנן מען וואהנען אין א וואלוועלערע דירה ווען די איז אויך קאלט און פינסטער, אייננ און נאס און ערשט ניטא מיט וואס צו צאהלען?... ווי קאנן ניט אויסמאכען, ווי מען איז אנגעטהון, אז עס איז ניטא קיין העמד אויף'ן לייב?... און ווי קאנן... נאר דאס האבען זיי ניט פיעל געהאט צו טראכטען. די איינטהיילענס מיט דער דירה האבען אפגעפיהרט איינינע קינדער אויף יענער וועלט און האט פערקלענערט דאס געזינדל, און דער געקליבענער כח האט זיי אלליין פערקירצט די יאהרען... אבער דאס, וועהט איהר, איז שוין ניט שייך צום מענשענפריינד!... דאס איז שוין א גאט־זאך!... אז עס איז בעשארט צו שטארבען, שטארבט מען!..

* * *

דעם בריעף, וועלכען מען האט איהם געטיטעלט „לכבוד הגביר, האדיר, הנדיב המפרסם", האט ער געלייענט מיט א מינע, אין וועלכער מען האט געקאנט לייענען די ערקענטנונג פון זיין אייגענער מענשענפריינדליכקייט. נאר דער בריעף, וועלכער האט זיך אנגעהויבען מיט דעם טיטעל, „לכבוד הגביר המשכיל" האט ער געלייענט מיט א'איראניע שמייכעל. פון דעם האט מען געקאנט פערשטעהן זיין קוק אויף השכלה, אויף בילדונג. אלס מענשענפריינד, האט ער פערשטאנען, אז בילדונג ברענגט קיינעם קיין נוטצען ניט, אז זי ברענגט אפילו א סך שאדען — זי מאכט אן פיעל לעדיגע מיילער וועלכע ווילען עססען נאר פון דעם אנדערענס האנד. מיט א'איראניע שמייכעל פלעגט ער קוקען אויף די גאנצע סטאדע „משכילים", וועלכע האבען זיך ארומגעדרעהט ארום איהם און האבען געשמעקט, אין דרייען איינבייגענדיג זיך פאר איהם... ער האט פערשטאנען דאס שמעקען מיט די איינבייגענים און פלעגט זיי צייטענווייס צווארפען א שטיקעל ברויט... דערפאר זענען אללע צייטונגען פולל געוועזען מיט זיין גרויסער מענשענפריינדליכקייט, און די וועלט האט מיט איהם געקלונגען... דאס איז גאך זיין מיינונג, דער איינציגער נוטצען, וואס מען קאנן האבען פון בילדונג...

דאך ניט פון אללע זיינע מענשענפריינדליכע טהאטען, ניט פון אללע זיינע מעשים טובים, האט מען ביי איהם געוואוסט. קיינער האט, צום ביישפיעל, ניט געהערט איהם בעריהמען זיך דערמיט, וואס ער גיט איינינע דיענסטען אויף ערציהען „זייערע" קינדער...

איך מיין!... אז צו זיינע מעשים טובים איז גאר קיין שיעור ניטא!... טאקי טויזענד איין נאכט צו דערצאהלען!...

האבענדיג הונדערטער געשאפטען, האט ער גענומען אויף זיך פון דעסטוועגען



זיין א שליש — דאס הייסט, ביי איהם זאלל מען איינלייגען געלד. ער האט געצאהלט קליינע פראצענטען, פון דעסטוועגען האט מען צו איהם געטראגען פון דער גאנצער שטאדט און אפילו פון די ארומיגע שטאדטלעך, ער איז געוועזען רעגעל, ווי איין אייזערנע קאסטען; די אללע איבריגע גבירים, ברוך השם, האט מען א קאפיקע ניט געטארט גלויבען... אגב פלעגען זיי ניט זיין ערהליכע שלישים און פלעגען אפט ארויסגעבען די שלישית־געלד איין צד אלליין. ער האט דאס בשום אופן ניט געטהון. „ניין, מיין טהייערינקע, פלעגט ער רעדען דער ארימער כלה, וועלכע איז געקומען בעטען ביי איהם עטוואס געלד אויף חתונה קליידער און אויף חתונה מאכען, אז ניט איז איהר געקומען געהן טרינקען אדער האנגען זיך — ניין, ליבינקע, דאס קאנן איך ניט טהון!... בשום אופן ניט! אהן דעם חתן גיב איך ניט!... זעהסט דו דאס גראד — מיינע קראמען זענען אפפען פאר דיר: קויף זיך, וואס דו ווילסט און וויפיעל דו ווילסט — איך וועל דיר שוין בארגען!... די כלה פלעגט איהם שיער די האנד ניט קושען.. נאטירליך — אזא טובה!... עפעס א קליינינקייט?!... פשוט דאס לעבען געראטעוועט!...

סחורה פלעגט זי שוין בעקומען געוועהנליך, ווי אהן געלד... נאר... ער איז עפעס מחויב איהר צו בארגען?... נאך אויסקלייבען ביי איהם און דרעהען דעם באז?!...

אז דאס יונגע פאר־פאלק פלעגט קומען נאך דאס שלישית־געלד, פלעגט ער אראברעכענען די סומע, וואס עס קומט איהם פון דער כלה מיט די פראצענטען פון דעם טאג, וואס זי האט די סחורה געקויפט, און מיט א לוסטיגען שמייכעל פלעגט ער ווינקען דער יונגע ווייבעל, ווי ער וואלט איהר געזאגט: „א הא, מיר האבען איהם, דאס יונגע באקעלע, גוט אריינגענארט!... יעצט וועט ער שוין נעהמען, וואס מען גיט איהם, ווי א טאטע!..." דאס ווייבעל פלעגט טאקי אויך אונטערשמייכלען. פאר דער חתונה וואלט דער חתן מאכען א קאראאול און וואלט נאך ניט וועללען געהען צו דער חופה: מען נארט איהם אין גדן!...

אבגעבענדיג דאס געלד, פלעגט ער אנוואונשען אללעס גוטס מיט א סך טויזענדער. נאר ביז וואנען וואס, פלעגט ער ענדיגען זיינע ווינשעוואניעס מיט זיין זיססען מענשענפריינדליכען שמייכעלע, ביז וואנען איהר וועט האבען די סך טויזענדער, זעהט שיט ניט מיט קינדער!... א'נארימאנן, וועלכער קינדעלט, איז גלייך צו א הונגריגען וואלף, וועלכער פלאדיעט און נאך הונגריגע וועלפעלעך!... אהן א געלאכטער!"... פלעגט ער שוין ארויס רעדען ערנסט, און דעם יונגען פאר־פאלק פלעגט זיך בייטען די פארב אין געזיכט...

* * *

אים הונגער יאהר, ווען די ארומע לייט האבען געמאכט א שרעקליכע „הכצעקתה", האט דער רב געמאכט איין אספה אללע גבירים; ער, אונזער מענשענפריינד, איז געוועזען דער פרעזידענט, דער יושב ראש. נאטירליך איז זיין נאמען געשטאנען

דער ערשטער אויף דעם לאנגען שטיק פאפיער, וועלכער איז געלעגען נעבען איהם אונ אויף וועלכען די ארומע לייט האבען אויס געקוקט זייערע אויגען. ער האט אוועק געשטעללט נעבען זיין נאמען די ציפער „300" אונ האט גלייך ארויסגענומען פון זיין בוזים קעשענע א פאק מיט געלד. ער האט ארויס געשלעפט דריי הונדערטער אונ קנייטשענדיג יעדע אססיגנאציע — אויב עס איז חו"ש צוויי פאפירליך, אונ דער ווייל זאלל מען זעהען... — האט ער זיי אוועקגעלייגט נעבען דעם רב. דער רב האט געזאגט א ווארעמע רעדע, אונ די גבירים האבען איהם שטארק געדריקט די האנד. ער האט געהאלטען אויף זיינע ליפפען זיין מענשענפריינדליכען שמייכעל, וועלכער האט ארויס געדריקט די ערקענונג פון זיין מענשענפריינדליכקייט.

פאר דאס צונויף געקליבענע געלד איז געבליבען אויף דער אספה מאכען א בילליגע קראם פאר די נאטהבעדארפטיגע אונ די סחורה אויפקויפען בא איהם אין די קראמען. נאר אונזערע יודעלעך, אונ דער הויפט נאך די „אבגעריסענע פורעניות'ן", בא וועלכע ציבעלע אונ קנאבעל איז בעססער אלס מן, זענען דאך שטאנדיג ניט צופרידען. די נאטהבעדארפטיגע האבען זיך געקלאגט אויף די סחורה אונ האבען אויפגעהערט צוקויפען פאר זייער בלוטיגעס געלד אין דער בילליגער „צדקה" קראם, זיין געוויססען האט אבער ניט געקאנט ליידען דער פון — איז ער עפעס שולדיג, ווען די פורעניות'ן ווילען נאך מארצעפאנעס?!...

* *
*

איך האב זיך גאר פערגעססען צו דערצעהלען — ער איז דאך א גרויסער חובב ציון געוועזען אונ א חובב ארגענטינא דערצו!!...

נאר איך וועל שוין דערצעהלען באריכות — ער איז בא מיר ווערטה!..

ווען עס איז געווארען אין זיין שטאדט א חברה חובבי ציון, איז דער מענשענפריינד געשטאנגען פון זוייטען אונ האט קיין איינציגען גראשען געשאנקט אויף דער חברה. א מענש, וועלכער איז דורכגעקניפעלט מיט גאנץ פאליציי, מיט אללע טשינאווניקעס ביז דעם גובערנאטאר אליין, דארף זעהען אין אזעלכע חברות אפפים ניט קיין ריינע זאך. די מיינונג זיינע האט ער אבער ניט ארויס גערעדט הויך. „זאללען זיי זיך צולויפען, די קבצנים, וועט עפעס ווערען א ליכט אין די אויגען!.."

ער האט געהאלטען נייטראליטעט, דען מיטטען, ניט אהין אונ ניט אהער.

נאר פלוצלינג איז ער א חובב ציון געווארען, אבער טאקי גאר פלוצלינג, אז קיינעם האט זיך עפעס ניט געגלויבט.

איינמאהל האט ער ערהאלטען א מליצה־בריף פון א גרויסען חובב ציון, וועלכער האט געוואלט מיט איהם האנדלען אונ בא וועלכען ער, אונזער מענשענפריינד האט געוואלט האבען א גרויסען קרעדיט. „אונזער אלטע מוטטער ציון האט אויס געשטרעקט איהרע אלטע דארע האנד אום ארומארמען איהרע ארומע קינדער, וועלכע זענען פון איהר אבגעריססען געווארען אונ ביינאהע צוויי טויזענד יאהר, אז זיי זענען נע ונד



אונ האבען ניט, ווא־אנצושפארען דען קאפף!.." האט יענער געמליצהט אונ האט איבערצייגט, אז עס איז א חוב, אז ער, דער גרויסער, וועלטבעריהמסטער מענשענפריינד, וואס „דער ריח פון זיין נאמען קלאפט פון איין עק וועלט צום אנדערן, זאלל צושטעהען צו דער חברה אונ זאלל צוברענגען נאך חברים. דער מענשענפריינד איז לכתחילה, ווי ברוגז געוועזען אויף דעם בריף. „יענער האט אפנים ניט וואס צו טהון!" האט ער געמורמעלט, נאר ווי ער האט איבערגעלייגט דעם „פאסט־סקריפטום" איז איהם אבגעגאנגען דער כעס — אונ ער איז געווארען א חובב ציון... אין דעם „פאסט־סקריפטום", זעהט איהר, איז דווקא קיין מליצה געוועזען אונ גאר קיין ווארט וועגען ציון — עס איז דארט געוועזען נאר עטליכע מקחים פון איינגע סארטען סחורה— מקחים נאר איהם א צוליעב; אונ ווייטער איז געשטאנען, דאס ער קאנן מאכען די וועקסלען אויף וועלכע טערמינען ער וויל... אונ ער איז געווארען א חובב ציון!... נאך וואס פאר א חובב ציון — מיט ליכט צו זוכען!.. דער מענשענפריינד איז אין אלעם איין ערשטער!... ער האט זיך אליין פערשריבען אויף א פיינע נדבה אונ האט אנגעהויבען צו ברענגען חברים.

ער האט געמאכט איין עקסטרענע אספה פון די שטאדט גבירים אונ האט זיי פארגעלייגט ווערען מיטגלידער. יענע האבען איהם פערשטוינט אנגעקוקט, ווי זיי וואלטען געזאגט „א נייער חובב ציון!" — זיי האבען פשוט זייערע אויהרען ניט געגלויבט, ער האט זיי פערשטאנגען.

וואס קוקט איהר מיר אזוי אן? האט ער געפרעגט, איך בין פון אייביג אן א חובב ציון געוועזען... איך האב מעהר נישט זעהר פיעל נאכגעדענקט, איבער געטראכט!.. מיר זענען דאך עפעס סוחרים, הא?.. עפעס טהוט זיך עס „ברוך, איך האנדעל!".

וואס?!.. גלאט אזו געחאפט אונ געווארען — מעשה יונגעל, וואס?!...

— האט איהר דערקלעהרט, אז מען דארף זיין חובבי ציון? האט ער געקראגען א נייע קשיה. — אוודאי! ניט נאר מען דארף, זאנדערן מען מוז!.. אונ איך האב זיך פערשריבען אויף... ער האט אויס געשריען די ציפער אונ האט שוין געגלויבט, אז ער האט שוין אללע קשיות פערענטפערט.

ווארום אבער מוז מען? האבען זיך געעקשנט די גבירים.

— ע!.. ע!.. ע!.. האט ער זיך לאנגזאם געקרימט — ווארום?!.. פאר וואס?!.. פאר ווענן?!.. קינדער זייט איהר, וואס?!... איהר שפיעלט דען מיט מיר קא־מעדיע, וואס?!.. וואס בין איך א קליין יונגעל, צו וואס?!.. וואס פרעגט איהר, וואס, פערשטעה איך ניט?!..

ער האט שוין גערעדט מיט הארץ אונ איז רויט געווארען. די גבירים זענען אבער געשטאנען אויף זייער'ס אונ האבען אפילו אונטער געשמייכעלט.

— א! האט ער אויס געשריען, ניט געפינענדיג קיין תירוץ, אונ איז אונטער־געשפרונגען אויף זיין ארט, ער האט זיך אנגעהויבען דער מאהנען, וואס דער חובב ציון האט איהם געשריבען — נאטירליך, ניט די „צוליב" מקחים..., „וואס

פערשטעהט איהר ניט — האט ער אנגעהויבען עפעס דערמאהנענדיג זיך — „שוין מעהר אלס צוויי טויזענד יאהר, אז אונזער אלטע קראנקע מוטטער ציון איז פון אונז אבגעריסען געווארען און איז נע ונד און געפינט ערגיטץ קיין רוהה!..”

ער איז אבגעגאססען געווארען מיט שוויים ארוים שרייענדיג דאס. ער האט זיך גלייך אבער געכאפט, אז עפעס האט ער געזאגט אזוינס, וואס ניט געשטויגען, און האט זיך דערמאהנט, אז ער האט אנגעגרייט פון די גבירים'ס וועגען גאר אנדערע דבורים. „גלאט, האט ער געזאגט, אז איך האב זיה פערשריבען, מאגט איהר זיך אויך פערשרייבען, און איך זאג אייך, אז איהר זאללט זיך פערשרייבען”!.. די לעטצטע ווארטער האט ער צו געקוועטשט, און זיי האבען שטארק געווירקט אויף די גבירים — און יענע זענען געווארען „חובבי” ציון...

זיינע „משכילים” האבען גלייך אוועקגעשיקט קאררעספאנדענציעס אין די צייטונגען, אז אין זייער שטאדט פראגרעססירט, שטייגט, וואקסט, בליהט די פאלאסטינישע אידעע, אללע גבירים זענען צו געשטאנען צו איהר און דאס האט מען צו פערדאנקען דעם גרויסען גביר און מענשענפריינד, וועלכער ווייזט ארוים גרויסע פאהיגקייטען פון איין גרויסען אגיטאטאר, א שרעקליכען טהוער, ברענענדיגען אונטערטרייבער...

די חברה „בני ציון” פון זיין שטאדט האט איהם געשיקט א דעפוטאציאן, וועלכע האט איהם א מליצה בריף דערלאנגט מיט דאנק פאר די אהבת ציון, וועלכע ברענט אין זיין ברוסט... פון דעם בריף האט ער זיך שיער ניט פעראנדער געוויינט — אזוי האבען די דעפוטאטען נאכדעם דערצעהלט — און מיט א ריהרענדען טאן האט ער געבעטטען די דעפוטאציאן זיטצען...

די גאנצע פאלאסטינישע וועלט האט געפייערט, געקוואלען — דאס איז שוין ניט נאר אתחלתא דגאולה — דער אנהויב גאולה — דאס איז שוין די גאולה טאקי אלליין... פון פיעלע שטאדט האבען זיך אנגעהויבען שיטטען צו איהם בריף; זיין נאמען איז געווארען בעוואוסט אין דער מדינה, און... זיין לייזונג און קרעדיט האבען זיך פערגראסערט...

---

טאקי וואונדערבארע א גיטאטארישע, טהוערשע, אונטערטרייבערשע פאהיגקייטען האט ער ארויסגעוויזען און האט שטארק פערברייטעט די אידעע!...

ווען ער האט זיך וואס געקויפט, טאקי גאר פאר א קלייניגקייט, האט ער אראבגענומען ביי דעם פערקויפער א נדבה אויף ציון. דאס געלד האט ער דאך געדארפט צאהלען, האט ער אראבגענומען, וויפיעל ער האט געוואלט. דער פערקויפער פלעגט גלייך מודיע זיין, אז ער איז גאר קיין חובב ציון ניט און ער וויל גאר ניט געבען. „ווי ביזט דו עפעס קיין חובב ציון ניט?!... פלעגט אויסשרייען דער מענשענפריינד — ביזט א גרויסער שייגאץ, ווען דו ביזט קיין חובב ציון ניט!... איך וועל ביי



דיר מעהר נישט קויפען!... פע”!... און פלעגט חאפען זיין פעקעל, און פלעגט אנטלויפען, ווי פון א זאראזע, לאזענדיג דעם מוכר גאנץ נשתומם.

ווען מען האט ביי איהם עטוואס געקויפט, האט ער גענומען פון דעם קויפער א נדבה, דערהויפט נאך, ווען ער האט דעם קונה געדארפט געבען אויסגאב. אז דער פלעגט זיך אויך אבזאגען פון ציון, פלעגט איהם דער מענשענפריינד אנהויבען מוסר'ן מיט זיין ווייבען טאן: „פע, חלעבען!... ווי זאגט דאס א יוד, אז ער איז קיין חובב ציון?!... וואס ביזט דו דאס עפעס?!... — „עט, פלעגט רעדען דער קונה, וועלכען דעם מענשענפריינדס מוסר האט עטוואס געריהרט, איך האב טויזענדער לאבער, וואו איך קאנן געלד פערשטעקען, א חויץ ציון!”...

— דאס איז קיין תירוץ ניט! פלעגט ער ענטפערן, איך האב מילליאנען לאבער, פון דעסטוועגען גיב איך אויף ציון אויך!... א מענש דארף בטראכטען א ביסל וועגען כלל אויך!...

ווען דער קויפער אדער פערקויפער פלעגען איהם זאגען, אז זיי געבען אויף ציון שוין די והותר, איבערגענוג, און ער באדארף ביי זיי ניט נעהמען, האט ער געהאט א תירוץ, אז אויף ארץ ישראל איז ניטא קיין גענוג, „וואס הייסט אויף ציון גענוג?! פלעגט ער רעדען ברוגזליך, פעראנדערמאבענדיג די האנד — פאר וואס איז אייך ניט גענוג צו עססען?!”...

נאטירליך האט ער זיינע משרתים און ארבייטער אויך ניט דורכגעלאזען. „פאר וואס זאללען זיי ניט צו שטעהן צו דער מצוה?”... זיי זענען אפילו ניט געוועזען צופריעדען דערמיט, האבען זיך געקלאגט — נאר ער האט גאר ביי זיי ניט געפראגט!... „שקצים, טראכטען נאר וועגען עולם הזה, נאר וועגען דער אייגענער קישקע!”...

די אללע נדבות זענען געגאנגען אויף זיין נאמען — ווען ער וואלט ניט גענומען, וואלטען דאך יענע ניט געגעבען.. און ביז א קאפיקע — הארטנא'קעהרליכקייט! — פלעגט ער אבשיקען צו דער חברה חובבי ציון, חאטש עס קאנן זיין, אז דער פערקויפער האט ביי איהם גענומען איבריגע, אדער דער קויפער האט ביי איהם צו וואלוויל געקויפט...

און זיין נאמען איז געווארען אומעדום הייליג, און די יונגע בני ציון פלעגען איהם ארויסרעדען בהדרת הכבוד, מיט גרוים דרך ארץ... און די בלאטטער זענען מיט איהם פול געוועזען — און דער קרעדיט האט געשטייגט און געשטייגט..

---

אזוי איז דאס געגאנגען, ביז ארגענטינא איז ארויסגעטרעטען אויף'ן סצענע. דער מענשענפריינד האט דערזעהען פאר זיך א נייעם פעלד, וואו מען קאנן גוטעס טהון, דאס הייסט, א נייעם פעלד, אויף וועלכען מען דארף ארבייטען אין איינעם מיט די גראסטע גבירים פון רוססלאנד און מען האט די מאגליכקייט ווערען אנאהענטער קרוב צום באראן הירש... אין גיכען האט די גאנצע שטאדט געוואוסט, אז ער

וועט זיין דער ראש פון הירש'ס קאמיטעט ביי זיי און אללע האבען אנגעהויבען קריכען פאר איהם אויף אללע פיער, אבי נאר נושא חן זיין פון איהם – ער זאלל אוועק שיקען אין ארגענטינא. אללע בעלי מלאכות: האבען אנגעהויבען ארבייטען אויף איהם כמעט, ווי אומזיסט, „ווילסט אין ארגענטינא? פרעגט ער איינעם, טא זיי א מענש, ווייסט דו זיטצען אין סכה"!... יענער טהוט שוין אללעס, אבי נאר זיין א מענש אין די אויגען פון דעם גרויסען מענשענפריינד.

אבער פריהער פון אללעמען וועט ער ארויסשיקען א פאר אלטע קרובים... זיי טויגען אפילו ניט צו דער ערדארבייט – אבער זיי וועלען שוין טויגען!... אויף וואס דענן דארף ער זיי האבען געבען זיך די טויגעניכטסען?!...

נאר די חברה בני ציון איז איבערראשט געווארען פון זיין ארגענטינאפילסטווא. זי האט צו איהם געשיקט א דעפוטאציאן און טאקי די זעלבע, וועלכע האט איהם בעגריסט מיט פאלעסטינאפילסטווא און וועלכע ער האט געבעטען זיטצען...

– ביי מיר איז אלץ איינס – פאלעסטינא און ארגענטינא!... האט ער געזאגט דער דעפוטאציאן – די ממשלה האט מתיר געמאכט בײדע זאכען, דארף קיין חילוק ניט זיין!...

– אבער פאלאסטינאפילסטווא, אהבת ציון?!... האבען אויסגעשריען די דעפוטאטען – די ביבעלעבונג פון אונזער פאלק אין דעם לאנד פון אונזערע עלטערן?!?!... א חובב ציון דארף מיט אללע מעגליכקייטען שטערען דער ארגענטינער אידעע, וועלכע...

– וואס?!?!... שטערען?!... האט ער אויסגעשריען און האט אויסגעגלאצט די אויגען – די ממשלה האט בעפאהלען, און איהר וועט שטערען?!... וואס זייט איהר?... סאציאליסטען זייט איהר?!?!... און וואו בין איך, וואו?!... איך וועל אייך בעווייזען אזא שטערען!!... מארש, שנעקעס, יונגלעך!!...

ער האט זיי אויפגעפענט די טהיר און האט דעם לעצטען מכבד געוועזען מיט אזא „הינטערפלאטצעל", אז יענער איז קוים איינגעשטאנען אויף די פיס...

– אז איהר וועט אנהויבען מאכען קונצען, האט ער זיי נאך געשריען, זאללט איהר וויסען, אז איך בין איך!!...

דוד פינסקי.

# ניט געלעבט און שאן געשטארבען

## ערצעהלונג

(א פאקט פון לעבען)

I.

זיי זענען אמאהל געוועזען קליינע מענשעלעך און זענען געווארען גרויס. דאס איז אבער ניט געווארען אין איין טאג. זייער פון קליין ביז גרויס ווערען האט זיי געקאסט כמעט א האלב לעבען. זייערע אללע יונגע יאהרען האבען זיי בײדע געדיענט אין א מאנופאקטור געשעפט, געהארעוועט איבערן כח, געפאקט, געגעסען זיך דאס הארץ מיט די קונים, געפאהרען אויף ירידים. מיט איין ווארט זיי זענען שטענדיג אזוי געלעגען אין דער ארבייט, אז צו זעטצען זיך און ווער שמועסט צו לעגען זיך אויסגלייכען אביסעל די ביינער איז ביי זיי געוועזען א יום טוב. מיט זייער גאנצער הארעוואניע האבען זיי נאר רייך געמאכט זייערע בעלי בתים און געהאט אויף צו עסען און קליידען. נאך זעהר שטאנד, מעהר האבען זיי גאר ניט ניט געהאט אויסער א גוטען נאמען אז זיי זענען ארונטליכע פריקאזטשיקעס און מע מעג זיי אללעס געטרויען, אפילו מיט דעם גאנצען געשעפט מעג מען זיך אויף זיי פארלאזען.

פאר זייער גוטען שם פאר ארונטליכע קינדער האט מען זיי אנגעהויבען רעדען פיינע שידוכים נאך זעהר גראד מיט עטליכע הונדערט רובל נדן. נאך זעהר חתונה זענען זיי באלד אליין בעלי בתים געווארען און מיט זייער. צוזאמענגעלעגטען נדן האבען זיי אליין א קליינעם מאנופאקטור געשעפט געעפענט אונטער א וויוועסקע: „אברהם שטיינערמאנן און נחמן זילבערהאלץ".

אזוי האבען זיי טאקי געהייסען אונזערע אמאהליגע צוויי ארונטליכע פריקאזטשיקעס און נאכדעם ארונטליכע סוחרים-בעלי בתים. זיי האבען געוואוסט אז זייער קליינער קאפיטאל איז צו ווינציג אליין צופיהרען אפילו אזא קליין מאנופאקטור געשעפט ווי זיי האבען איצט געמאכט, נאר זיי האבען אויך געוואוסט אז אין מסחור שפיעלט ניט אזא ראללע דאס געלד ווי דער גוטער נאמען – קרעדיט און דאס, האבען זיי געוואוסט וועלען זיי האבען אויף אללע ירידים וואו זיי וועלען נאר קוממען. נאך ווען זיי זענען געפאהרען פון זייערע בעלי בתים קיין חארקאוו אדער קיין מאסקווא קויפען סחורה פלעגען זיי די מאסקווער און חארקאווער סוחרים א קלאפטהון אין די פלייצעס און זאגען: „אבראמקע האב חתונה נעם עטליכע רובל נדן, קום צו אונז,

מיר וועלען דיר געבען קרעדיט און ווער אליין סוחר, ביזט א ארונטליכער ... און א פעהיגער".

דאס זעלבע פלעגט מען אויך זאגען נחמנען און די האבען דאס קיין מ'דאל ניט פארגעסען און שטארק אין זינען געהאט ביז זיי זענען טאקי שוין געפאהרען נא סחורה פאר זיך אליין, און די מאסקווער און חארקאווער סוחרים האבען נאך פרעהליכער און פרעהליכער זייא צוגעקלאפט אין דיא פלייצעס און זיי טאקי נאגעגעבען קרעדיט.

אז מאסקווא און חארקאוו געבען, פארשטעהט זיך שוין אז מע קען גיך אויסוואקסען אין דער ליינג און אין דער ברייט. זייער מאנופאקטור געשעפט האט טאקי אנגעהויבען צו וואקסען אין דער ליינג און אין דער ברייט, זייערע דארע ווייבעליך זענען אויסגעוואקסען ברייטע דאמען, זייערע פריהריגע וואהנונגען וואס איז בעשטאנען פון צוויי איינגע צימערליך זענען אויסגעוואקסען ברייטע און גרויסע פון צו זעקס צימער מיט גרויסע שאפעס, מיט שאן מעבעל און אסך קליידער, זייערע קיין עין הרע א סך קינדער זענען אודאי און אודאי אויסגעוואקסען אין דער ליינג און אין דער ברייט צווישען רייכטום און אללעס גוטס, צווישען לעהרערס מיט גובערנאנטקים, מיט טעאטער און גוטע ביכער. זיי האבען זייער ליעב געהאט זייערע ווייב און קינדער, דאס גאנצע לעבען איז ביי זיי געווען זייערע פאמיליעס, וועלכע האבען ניט קיין האנד אין קאלט וואסער אריין געטאהן און זייערע מאנען האבען זיי אלץ געגעבען גרייטס וואס זיי האבען נאר פערלאנגט, וואס זייער הארץ האט נאר געגלוסט. —

און פאר וואס ניט אז מאסקווא מיט חארקאוו הערען ניט אויף צו געבען צווא וואס זשע זאלען זיי זשאלעווען זייערע טייערע זעלטענע פאמיליעס וועלכע זייא האבען אזוי שטארק ליעב. — ובפרט נאך אזעלכע שאנע קינדער וויא זייא האבען, אזעלכע געראטענע חאטש פארין קייזער זיי צו שטעלען, הייסט ווי האט מען א הארץ זיי צו אבזאגען אין זייערע פערגעניגען, זיי זענען אזוי איידעל ערצויגען, זיי מוזען אללעס האבען. —

---

## II

ביי דער וועלט האבען אברהם מיט נחמן ניט אויפגעהערט צו זיין גרויס. נאר זיי האבען זיך אין דעם לעצטען יאהר דערוואוסט אז זיי זענען קליין, דאס איז געווען פאר נייאהר ווען זיי האבען געמאכט דעם חשבון פון יאהר, האבען זיי זיך דערוואוסט אז ווען זיי זאלען באצאהלען יעדען וואס פון זיי קומט, וואלטען זיי געווען דיא זעלבע קליינע מענשעלעך ווי א מאהל אין דער יוגענד ווען זיי זענען פריקאזטשיקעס געווען. זיי האבען זיך אין אנהויב פון דעם חשבון שטארק דערשראקען און ביידע שותפים האבען זיך מיט בלאסע פנימער און אהן ווארטער איינס דאס אנדערע אנגעקוקט און נאכהער האבען זיי זיך ביידע געפרעגט: „וואס טהוט מען ווייטער? ווי אזוי קומט צו אונז אזא גרויסע לאך?"

די אורזאכע פון דער לאך האבען זיי קיין סך ניט בעדארפט טראכטען צוגעפינען: „אללעס וואס מיר פארדיענען פארלעבען מיר" האבען זיי געזאגט איינס צום אנדערען און עס איז ביי זיי פעסט געבליבען קלענער מאכען די הוצאות, לעבען מיט מעהר רעכנונג, דאס איז אבער נאר גוט צו זאגען אבער שווער אויסצופיהרען. פון קליין צו גרויס קען זיך יעדער געוויינען און פון גרויס צו קליין כמעט אונמעגליך.

חאטש זייא און זייערע ביידע ווייבער האבען זעהר געוואלט פארקלענערען די הוצאה.

— נא מיר וועלען אפשר קענען פארשפארען צו 20 רובל אחודש — האבען די ווייבער געזאגט — נאר דאנן ווען מיר זאלען א שטיקעל פלייש עסען פון איין שבת צום אנדערען און די קינדער זאלען זיך אויפהערען לערנען און געהן מיט די אייגענע קליידער פון פאר א יאהרען, וועלכע קיין לייטישע קינדער טראגען שוין ניט. —

פון דענסטמאהל אן האבען זייערע מאנען מעהר ניט גערעדט מיט זיי דערפון. זיי האבען פארשטאנען אז עס איז א פארפאלענע זאך און מע מוז שוין ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג ווייטער אזוי דרעהען דאס רעדעל. ד. ה. די מאנען האבען זיך ווייטער געדרעהט דעם קאפ און זייערע ווייבער מיט זייערע קינדער האבען זיך ווייטער געלעבט א גוטען טאג. —

*

* *

עס איז אויך א מאהל געקוממען א ניי יאהר ווען אברהם מיט נחמן'ען האבען געמאכט דעם חשבון, דעם יאהר-באלאנס און האבען מיט פרעהליכע הערצער זיך דערוואוסט אז זיי האבען היינטיגס יאהר שאן געלד פארדיענט ד. ה. מע איז שוין ניט דער אונטער, עס איז שוין ב"ה דא מיט וואס צו באצאהלען די חובות.

— געלויבט גאטט, האט נחמן זיך געווענדעט, צו זיין שותף, וואס מיר זענען ב"ה קיינעם ניט שולדיג. —

— אוודאי איז געלויבט גאטט דער פאר אויך, האט איהם אברהם געענטווערט, עס איז געווען ערגערע יאהרען, ווי היינטיגס יאהר, נאר וואס קומט ארויס פון דעם אללעמען אז מיר פארמאגען ניט קיין גרויסען קאפיטאל.

— וואס הייסט מיר פאר מאגען ניט, אונז ב"ה שאצט מען פאר פיינע גבירים.

— טאקי מעהר ניט וואס מע שאצט אונז, נאר נעם זעה פון די ביכער ווען מיר זאלען יעדען באצאהלען וויפיעל עס קומט פון אונז דאנן בלייבט אונז קיין גראשען קאפיטאל.

— אויך מיר א דאגה, האט זיך נחמן ווידער פרעהליך אנגערופען, יעדער פון אונז פארלעבט יעהרליך פינף ביז זעקס טויזענט רובל און מיר פארדיענען עס ב"ה, צו וואס זשע דארפען מיר זיך אזוי זארגען וועגען קאפיטאל אז מיר זענען אליין קאפיטאל. דו ווייסט, אברהם, וויפיעל צעהנער טויזענטער רובל מיר האבען שוין צוזאממען אין אונזער לעבען פארדיענט!

— יא געלויבט גאטט, אבער מיד האבען די אללע טויזענטער ביז דעם לעצטען גראשען פארלעבט.

— וואס זשע איז, אויף דערויף לעבען מיר זיך.—

— יא אלץ איז גוט כל זמן מיר לעבען.

— איך פארשטעה דיך ניט, אברהם, איך האב קיין מאהל פון דיר ניט געהערט אזוינע נארישע געדאנקען.

— דו האסט פון מיר קיין מאהל ניט געהערט, נאר איך מוז דיר זאגען דעם אמת אז טראכטען טראכט איך גאנץ אפט דערפון.

— ביזט דו א נאר ווען דו טראכסט פון אזוינע זאכען, א קלוגער מענש טראכט ניט דערפון, כל זמן מע לעבט לעבט מען און דער נאך? ווילל איך גאר ניט באווארענען, און ווילל גאר ניט וויסען וואס עס קען זיין.

— ווען דו רעדסט אזוי, האט זיך אברהם אנגערופען, איז דער בעסטער בעווייז אז דו האסט ניט באמת ליעב דיין ווייב און קינדער.

— ווער? איך האב ניט ליעב, זאגסט דו? פאר וועמען הארעווע איך אז ניט פאר זיי? וואס פעהלט זיי? איך זשאלעווע זיי קיין שום פערגעניגען!

— דו גיעבסט זיי אללע פערגעניגען פאר וואס זשע ווילסט דוא האטש ניט א טראכט געבען אז אויף דעם הונדערטען פאל זאלען זיי אם ווייניגסטען זיין זיכער מיט ברויט, און חו"ש ניט דארפען אנקוממען צו מענשען.

— נאך מיין טויט ווילל איך ניט וויסען פון קיין שום זאך, מיין טאטע האט מיך עפים א סך באווארענט? און פון דעסט וועגען אז גאטט האט געוואלט, האב איך זיך אליין געשטעלט אויף די פיס ב"ה ניט צו פערזינדיגען אביסעלע שאנער ווי מיין פאטער וואלט מיך געקענט באווארענען, וועלען מיינע קינדער נאר האבען מזל מעג איך זיי איבער הונדערט און צוואנציג יאהר ניט איבערלאזען קיין קאפיטאלען וועט זיי אויך זיין גוט און ווען חו"ש ניט העלפט ניט.

— דאס איז אפשר אויך אמת, נחמן, נאר אויב דו געהסט מיט אזא גאנג צו וואס זשע האסט דו אזוי געוואהנט דיין פרוי און קינדער צו אללעס גוטס, אונזערע עלטערען האבען אונז געמעגט איבערלאזען עלענדע יתומים אהן א קאפיקע, ווייל מיר זענען געוואהנט צו קאשע מיט וואסער האבען מיר ניט געקענט פאר פאלען ווערען, אבער אונזערע קינדער, פרעג איך דיך, מיט אזא איידעל, רייך ערציהונג, וואס קענען זיי נעבעך טהון דעם ערשטען טאג אהן אונז, ווען זיי זענען אללע געוואהנט צו אללעס גרייטען, צו אללעס גוטס. נאך מיין מיינונג, מיט דעם וואס דו בעריהמסט זיך אז פאר דיין פאמיליע זשאלעוועסט דו קיין זאך, טהוסט דו זיי דערמיט די גרעסטע רעה, ווען דו ווילסט ניט טראכטען „אויף דער נאך", וואס שפעטער קען חו"ש פארקוממען.—

— ווייסט דו וואס איך וועל דיר זאגען, אברהם, איז פלוצים נחמן איהם אריין געפאלען אין די רייד, נאך היינטיגען באלאנס וואלטען מיר בעדארפט רעדען פון



פרעהליכערע זאכען ניט פון אזוינע פוסטע נארישקייטען וואס דיר קריכט אין קאפ.

— אוי, נחמן, פון נארישקייטען באשטעהט א מאהל אונזער גליק און אומגליק, נאר פון נארישקייטען, נחמן! האט אברהם געענטווערט און זענען זיך צוגיינגען אהיים.—

III.

אויף דעם וועג געהענדיג צוא זיך אהיים האט נחמן באלד פארגעסען דעם היינטיגען „נארישען" שמועס מיט זיין שותף, עס איז איהם גלייך ארויס פון קאפ און פרעהליכער ווי תמיד איז ער היינט פון דעם אויסגעצייכענטען באלאנס אריין געקוממען צו זיך צו הויז.

אין שטוב איז געווען אומעטום ריין און ליכטיג, זיין פרוי די מאדאם זילבערהאלץ אנגעטהון אין א שאנעם מאדערנעם קאפאט האט איהם ווי שטענדיג זעהר פרעהליך באגעגענט, זיינע קינדער א פריילין פון א יאהר זעכצען, און צוויי יונגלעך האבען מיט ריינע אויסגעהאליעטע הענדטליך ארום גענומען דעם פאפא און געקושט. און א קליין מיידעלע, דיא מוזינקע, זיטצענדיג אויף די האנד פון א שאנער געזונטער אם האט זיך אויך געצויגען מיט די קליינע הענדטעלעך צום פאפאס בארד. נחמן האט זיך געזעצט צום טיש וויא עס איז שוין געשטאנען א ריינער געפונקעלטער סאמאוואר און האט פרעהליך מיט א סאמאוואר-מוזיק געלאזט א דינע פארע גלייך צום העלל ליכטינגקייט פון דעם גרויסען שאנעם היינגלאמפ, וואס האט מיט גדלות ארויף געקוקט אויף דעם טיש און אויף אללע וואס זענען געזעסען ארום טיש און טהעע געטרונקען.

די מאדאם זילבערהאלץ האט מיט ווייסע שאנע אויסגערוהטע הענדטליך דער לאנגט דעם מאנן א גלאז טהעע און מיט די שפיץ פינגער מיט דורכזיכטיגע ראזע און פארפוצטע נעגעל האט זי מיט א בעזאנדערע הענעווידיגע מאניערען גענומען שטיקלעך צוקער פון דער שווערע זילבערנע פושקע און געווארפען אין איהר מאנס גלאז טהעע.—

אויסער די פאמיליע זילבערהאלץ האט זיך ביים טיש אויך געפונען א בעקאנטער שכן ה' וועלטמאן מיט זיין פרוי א פארפאלג אין די עלטערע יאהרען און דער הויזלעהרער ביי זילבערהאלצען, א יונגער מאנן פון א יאהר דרייסיג, ה' פייגענזאהן.

— זיי געפעלט דיר, נחמן, דיא מאדאם שטיינערמאנן, האט זיך פלוצים דיא מאדאם זילבערהאלץ געווענדט צו איהר מאנן מיט א געלעכטער.

— וואס הייסט ווי זי געפעלט מיר, האט זיך נחמן אנגערופען פארוואונדערט ניט וויסענדיג צו וואס זי פרעגט איהם פלוצים אזא אונגערווארטעטע פראגע און נחמן האט זיך נאך מעהר צו לאכט ענטווערענדיג: — אודאי געפעהלסט דו מיר, מיין ווייב, א סך מעהר ווי מיין שותף'ס ווייב, דו ביסט א סך שאנער פון איהר.—

— געה שוין מיט דיינע ווארטעלעך, איך מיין ווי געפעהלט דיר, זי אסעקורירט איהר מאנן, דיין שותף, אויף צוואנציג טויזענט רובל אים פאלל אז ער וועט שטארבען.

— טפו, האט נחמן אויסגעשפיגען דרייא מאהל, איך פארשטעה ניט וואס דו

דערצעהלסט מיר, וואס הייסט עס, ווי איז דאס?

— וואס האסט דו ניט וואס צו פארשטעהן, זאלסט געוועזען קומען פריהר א שעה וואלסט דו שוין געוועזען געהערט, וואלסט שוין פארשטאנען, דא איז ביי מיר געוועזען דער אגענט פון אסעקוראציעס ה' גרינבוים און האט מיר דערצעהלט אז דיין שותף האט זיך שוין אסעקורירט ביי איהם. ער האט מיר אנגעקלאפט, אז דער קאפ איז מיר שוין דול, ער האט געוואלט, דו זאלסט זיך אויך אסעקורירען אויף צוואנציג טויזענט רובל אים פאלל... איך האב אללע בייזע חלומות אויסגעלאזט צו זיין קאפ און צו זיינע האנד און פיס, ווי געפעהלט ער דיר?

— וואס, ער געהט שוין צו דיר אויך, ער איז שוין ביי מיר. נאך פאר א יאהרען עטליכע מאהל געוועזען מיר פארלעגען דאס נאררישקייט און האב איהם געזאגט אז איך וויל ניט הערען און וויסען און איצטער ווייטער. עס וואונדערט מיך אויך ווי אזוי אזא קלוגער מענש ווי גרינבוים מאכט זיך אזוי צום נארר.

— איך ווייס ניט, ה' זילבערהאלץ, פאר וואס הייסט דאס ביי אייך נאררישקייטען? האט זיך אנגערופען דער לעהרער, פארלעגען אז יעדער זאל זיין פאמיליע זיין ווייב און קינדער וואס ער האט ליעב און הארעוועט פאר זיי זיין גאנצע וועלט זאל זיי אויך באווארענען אויף דעם הונדערטען פאלל איבער הונדערט און צוואנציג יאהר, הייסט נאך מיין מיינונג כלל קיין נאררישקייט, פארקערט דאס איז דער גרעסטער שכל אין דעם מענשענס לעבען, קיין מענש ווייסט ניט וועמעס מארגען עס איז, קיינער קען ניט זאגען אז אייביג וועט ער רייך זיין, אלזא איז דאס כלל קיין נאררישקייט און אויב עס איז טאקי אמת ווי איהר, מאדאם דערצעהלט אז שטיינערמאנן וויל זיך אסעקורירען מאכט עס איהם נאר עהרע, דאס ווייזט אז ער האט באמת ליעב זיין ווייב און קינדער און פארשטעהט דאס לעבען ווי א חכם, ער ווייסט גאנץ גוט אז זיין פרוי און קינדער זענען זעהר וואולע שאנע טייערע, געראטענע נאר דאנן, ווען ער פארדיענט און ברענגט זיי דאס גרייטע פארדיענטע רובל, און איך פארשטעה בכלל ניט פאר וואס איז נאך אנגענעמען צו לאכען פון דעם וואס אסעקורירט זיך? פאר וואס לאכען מיר ניט דער פון ווי מיר זעהן אפט אלטע זעכציג יאהריגע פערמעגליכע מענשען מאכען נאך געשעפטען הארעווען איבערען כח אבי צו פארדיענען נאך מעהר געלד, אדער פלוצים זעהען מיר גאר ווי א אלטער מאנן פון פינף און זעכציג יאהר הויבט אן בויען א הויז פון פיער שטאק וואס קען שטעהן הונדערט יאהר. שוין זשע ביי אזא רייכטום דארף ער זיך נאך באווארענען מיט הונדערט יאהריגע הייזער אין דער צייט ווען עס איז איהם געבליבען נאך צו לעבען פינף יאהר אדער אפשר נאך איין יאהר. פאר וואס לאכט מען ניט פון אזוינע?! און מע דארף טאקי ניט לאכען ווארום אין יעדען ארונטליכען מענשען וואס האט באמת ניט עגאיסטעש ליעב זיין פאמיליע וויל ביז אין זיין לעצטער מינוט באווארענען „אויף דער נאך" די, וועלכע זענען איהם ליעב, די, פון וועלכע ער האט זיין גאנץ לעבען אזוי פיעל פערגעניגען געהאט, די מיט וועלכע ער האט זיין גאנץ לעבען צוזאממען גלייך פריידען און ליידען



איבערגעלעבט, היינט וואס האט מען צו לאכען פון שטיינערמאנען וואס איז ניט אי שטאנד זיין פאמיליע צו באווארענען מיט א הויז אויף הונדערט יאהר און וויל זיי באווארענען מיט א געוויסען קאפיטאל?

— איהר האט זיך שוין ווייטער צו פיעל צורעדט, ה' פייגענזאהן! האט זיך זילבער-האלץ אנגערופען — צו פיעל רעדט איהר פון דעם טוידט, לאמיר רעדען בעסער פון פרעהליכערע זאכען.

— איך מיין אז געזונדמעהרהייד ביז הונדערט און צוואנציג יאהר רעדען פון באווארענען פאמיליעס, „אויף דער נאך", „אויף שפעטער" און זיך איבערלאזען א גוטען שם אויך „אויף דער נאך" איז גאר ניט אזוי טרויריג.

— איהר האט זיך שטענדיג קיין מורא ניט פאר קיין זאך אפילו צו געהן אליין ביי נאכט איינס א זייגער, האט זיך אנגערופען די מאדאם זילבערהאלץ, און איך שרעק מיך שטענדיג ווען מע רעדט פון אזוינע זאכען, מילא אויף אייך וואונדער איך זיך ניט, איהר זענט פארט אמאנסביל אבער אויף דער מאדאם שטיינערמאן וואונדער איך זיך זעהר ווי האט זי קיין מורא ניט און לאזט איהר מאן זיך אסעקורירען.

— חא, חא, האט זיך נחמן צו לאכט, וואס האט זי דא מורא צו האבען.

— איך ווייס? האט די מאדאם זילבערהאלץ געזאגט, מע דערצעהלט אז באלד ווי מע אסעקורירט זיך, לעבט מען ניט לאנג.

— נא דו גלויבסט זיך שטענדיג אין אללע באבסקי רפואות, האט זיך איהר מאנן ווייטער געלאכט פון איהר, דו האסט זיך פיינט צו רופען א דאקטאר אז עמעצער איז חו"ש ניט געזונד און האסט בעסער ליעב רופען די אלטע יודענע אויף אבצושפרעכען, דו גלויבסט זיך שטענדיג אין אללע יודישע זאבאבאנעס, און כישוף מאכערענס און אין ציגאנערס.

— איך האב אויך געהערט אזוי זאגען, האט זיך פלוצים אריין געמישט די אלטע מאדאם וועלטמאן, מע האט מיר אפילו דערצעהלט אז עס שטעהט דער פון געשריבען ערגיץ אין אונזערע הייליגע ספרים. —

— א, דו ביזט שוין אויך דא מיט דיינע הייליגע ספרים וואס דו האסט קיין מאהל אין דיינע אויגען ניט געזעהן, האט זיך מיט כעס אנגעצונדען דער אלטער וועלטמאן וועלכער איז שטענדיג אין כעס געווארען ווען זיין פרוי האט פריהר פאר איהם אנגעהויבען צו רעדען, ווייל איהם האט זיך אויסגעוויזען אז זי פאלט איהם שטענדיג אריין אין די רייד, ווער שמועסט נאך אז זי פלעגט אנרופען זיינע הייליגע ספרים: אין וועלכע ער האט גוט געקענט לערנען און זי קוים דאווענען און זיך ליעב געהאט ארויס צושטעלען פאר א גאנצע וואלקענערען, דאן פלעגט ער גאר אין כעס ווערען. ער האט איצטער זיך אויך ניט געקענט איינהאלטען און ניט אב געשוויגען.

— וועלכע הייליגע ספרים? האט ער זיך צו איהר אנגערופען, דענסמאהל ווען מע האט געשריבען די הייליגע ספרים. אין וועלכע דו ווייסט א ווארט ניט, איז נאך

קיין אסעקוראציעס געזעללשאפטען ניט געוועזען אויף דער וועלט, דו האסט עס געוויס געהערט פון אזא נארישע יודענע ווי דו. אין קיין ספרים איז דערפון ניט דער־מאנט, דאס האבען נאר פוסטע נארישע ווייבער אויסגעטראכט, די זעלבע ווייבער וואס האבען אויס געטראכט אז שפרעכען העלפט צו עפיס אז רוחות מיט שדים געהען ארום בנאכט און רעסט גלייבען נאך אזוינע פוסטע בבא מעשות. נארישע ווייבער! ווייסט איהר דען ניט אז שטארבען שטארבט מען נאר דאנן ווען גאטט הייסט, יעדען מענשען נאך פאר־זיין געבוירען ווערט אנגעצייכענט ווי פיעל ער זאל לעבען אט דאס שטייט יא געשריבען אין די ספרים. נישקשה ווען דו זאלסט וויסען אז איך זאל זיך אויך קענען אסעקורירען אז נאך מיין טוידט זאלסטו בעקוממען עטליכע רובל, וואלסט דו גאר קיין מורא ניט געהאט, און איך זאל גאר־זיין אין שטאנד וואלט איך זיך אוודאי אויך אסעקורירט, דו זאלסט מיך פארשפארען צו שעלטען האטש נאך מיין טוידט. —

אללע ביים טיש האבען זעהר געלאכט פון דעם אלטען פארפאלק און נאך לאנג זיך געווארטעלט. באלד נאך דער טהע האבען די עלטערע זיך גענומען שפילען אין זעקס און זעכציג, די יונגערע האבען פון עפיס גערעדט צווישען זיך, די פריילין האט געלייענט עפיס א נייע ביכעל, דער לעהרער איז נאך טהעע אוועק צו זיך אין צימער, ענדיגען די פרישע צייטונגען וועלכע ער האט פאר דער טהע אנגעהויבען לייענען, דאס קליין מיידעלע איז אנטשלאפען געווארען ביי פאפא אויף די האנד מיט א האלב ציגעל ארויס געשטעקט פון מויל און מיט איין האנד אין דעם פאפאס בארד.

**IV.**

דאס לעבען פון אונזערע שותפים איז זיך געגאנגען ווייטער און ווייטער ווי פריהר, קינדער זענען עלטער געווארען די הוצאה איז גרעסער געווארען און שטיינער־מאן מיט זילבערהאלצען האבען מעהר זיך געדארט דעם מוח און געדרעהט די קאפ צופערדיענען אללעס וואס זייערע פאמיליעס דארפען קיין עין הרע האבען, עס איז געוועזען פערשיעדענע יאהרען — יאהרען גוטע, יאהרען שלעכטע און ווייטער גוטע ד. ה. אז מע איז אויסגעקוממען מיט זעהר גרויסער הוצאה האט שוין געהייסען גוטע יאהרען, צו קאפיטאלען איז פאר זיי היינטיגע יאהרען שווער געוועזען צוקוממען און האבען מעהר דערפון ניט געטראכט. —

נאר די שותפים האבען זיך ניט געקלאגט, געוועזען צופריעדען ווער שפעטסט נאך זילבערהאלץ וואס האט געהאט א נאטור ניט צוטראכטען וואס מארגען אדער שפעטער וועט זיין, דער שמועס וועגען אסעקורירען זיך איז צווישען זיי קיין מאהל מעהר ניט פארגיקוממען אויסער איין מאהל אין דריי חדשים ווען שטיינערמאנן פלעגט אן קאנטאר פון דער געזעלשאפט דארפען איינצאהלען די פרעמיע פון עטליכע רובל



זיין אסעקוראציע לויט די ראטען וואס זענען פארשריבען אין פאליעס.

דאנן פלעגט אלע מאהל זילבערהאלץ קוקען מיט א שמייכעל אויף שטיינער־מאנען ווי איינער זאגט:

— אט א נארר א שוטה, ער האט א פנים ניט וואו אוועק צו געבען געלד, ער טראגט און טראגט דער שוטה פינקטליך ווי א שרעטעלע אללע דריי חדשים די פרעמיע, ווי גלייך ער האט פרנסה דערפון און עס געפינען זיך נאך אזוינע נארנים אויף דער וועלט וואס האבען און ווייסען ניט וואו געלד א הין צו טהון!

ווען דער אגענט ה' גרינבוים פלעגט זיך א מאהל אין א יאהר אריין האפען צו זילבערהאלץ און פריוען איהם פארלעגען אסעקורירען זיך אנווייזענדיג ווי יעדער וואס איז נאר אין שטאנד האט זיך אסעקורירט נאך זיין שטאנד גאך, און אויך אנ־געוויזען אויף זיין אייגענעם שותף שטיינערמאנען, דאנן פלעגט איהם זילבערהאלץ ארויף לעגען די האנד אויף די פלייצעס און מיט א געלעכטערעל איהם ענטווערען:

— ה' גרינבוים! אומזיסט אייער מיהע איך בין ניט פון די נארנים, מיך וועט איהר ניט אריין נארען אין זאק, געפינט אייך אנדערע, עס איז דא גענוג שוטים אויף דער וועלט.

ה' גרינבוים פלעגט איהם ענטווערען אז יעדער קלוגער פערשטאנדיגער מענש קען דאס פארשטעהן ווי ניטצליך עס איז און נאך איהם בעווייזען טויזענטער ריכטיגע פאקטען און ביישפילע ווי אין גאנץ אייראפא פון דעם קלענסטען ביז דעם גרעסטען באווארענען אויף דער עלטער זייערע ווייב און קינדער יעדער נאך זיין שטאנד, ווארום דאס איז דער גאנצער צוועק פון דעם מענשענס לעבען א. ז. וו.

נאר זילבערהאלץ פלעגט ניט אויפהערען צו שמייכלען און איהם ענטווערען א ה' גרינבוים קען טאקי שאן רעדען אבער ער וועט איהם ניט אריין נארען ווי זיין שותף.

— וואס הייסט אריין נארען, פלעגט זיך אנרופען גרינבוים, איך נארר ב"ה קיינעם ניט אב, איך לעג פאר א זאך וואס עס איז ב"ה אפען פאר דער גאנצער וועלט און יעדעם קינד קען עס פארשטעהן און עס איז גאר ניט מעגליך מע זאל דא איימעצען אבנארען אפילו מע זאל וועלען.

— אבער זאגט מיר דעם אמת, ה' גרינבוים, האט זיך זילבערהאלץ ליעב געהאט צו רייצען — איהר טהוט עס דען צו ליעב מיין טובה איהר ווילט זיך גא פארדיענען? הא!

— איך לייקען גאר ניט אז איך וויל פארדיענען, וועלכער צדיק טהוט היינטיגע יאהרען א האנד אין קאלט וואסער ער זאל ניט וועלען פארדיענען, נאר דאס שווער איך אייך ביי מיין לעבען אז איך בין שטאלץ אויף מיינע פארדיענסטען — אויף מיין פרנסה, מיר איז שטענדיג מעהר געגענעמען צו פארדיענען ביי אזא געשעפט וואס קומט יענעם ארויס די גרעסטע טובה ווי א רעה. ווען איבער הונדערט און צוואנ־ציג יאהר. נאר איין יתום, נאר איין אומגליקליכע אלמנה, אפילו, וועט מיך דער מאנען

צו גוטען וואס אדאנק מיין איבערעדען קומען זיי ניט אן צו קיין מענשענס טובות און ווייסען ניט פון קיין נויט, דאנן שווער איך אייך וועגען פארזיסט מיינע אללע פערדיענ־סטען האטש זיי וועגען קליין און שווער.

גרינבוים'ס רעדען און ריכטיגע איבערצייגונגען האט פארט ניט געווירקט אויף זילבערהאלצען, ער האט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען ווען גרינבוים האט גערעדט און צו לאכען ווען זיין שותף פלעגט פינקטליך איינצאהלען די פרעמיעס. מאדאם זילבערהאלץ האט אודאי ניט געקענט אריין קריגען אין קאפ גרינבוים'ס איינרעדען מיט איבערצייגונגען.

ווען מענטשען איז גוט פארגעסט מען אין שלעכטע צייטען וואס קען חו"ש שפעטער פארקומען, מען פארגעסט זיך צו באווארענען מען מיינט אז אייביג וועט אזוי זיין.

מאדאם זילבערהאלץ איז מעהר געלעגען דער קאפ אין פערשיעדענע מאדעס, ניט אויספעהלען איין נייע שטיק אין טהעאטער, שטאלצירען און בעריהמען זיך אומעטום מיט איהר טאכטער וויאס איז אזוי שאן און מיט איהרע קינדער וואס זענען אזוי געפעסטעט און איידעל ערצויגען. און אין דעם וויכטיגסטען פון דעם לעבען אז מע דארף אויף דעם הינטערסטען פאלל עפיס אבשפארען, האט זי פאר־געסען.

און די מאדאם זילבערהאלץ האט מען נאך געהאלטען פאר אקלוגע פרוי!.. אומגליקליכער נארעשער מענש!..

## V

די צייט געהט, די צייט לויפט און איידער מע קוקט זיך אום דערזעהט מען פלוצים ווי מע איז שוין גרוי, שוין אלט, מע הוסט אונטער צוביסלעך, פון יעדער ווינטעלע איז גרינג צופארקיהלען און זיך בעקלאגען אז מע פיהלט זיך ניט געזונד. נחמן זילבערהאלץ האט זיך אויך אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען צו קלאגען אז דארט שטעכט איהם, דא טהוט איהם וויי און זיינע פיס זענען שוואך. ער האט זיך אנגעהויבען בעקאנען מעהר מיט די אפטעקארסקי פלאשליך און סלויעקלעך, עס האט זיך איהם אויסגעוויזען אז עס איז פון זיי איהם גרינגער געווארען, ער איז אויפ־געשטאנען פון בעט און עס האט זיך איהם ווידער אויס געוויזען, ווי מיט פרישע נייע קרעפטען, הויבט ער אן ווייטער צו ארבייטען אין זיינע געשעפטען און מע דארף יעצט זעהר נייטיג מעהר ארבייטען, מעהר פארדינען ווי תמיד ווייל מע דארף קיין עין הרע איצט מעהר האבען, פריהער איז די פאמיליע בעשטאנען פון קליינע קינדער־ליך און איצט זענען זיי גרעסערע, מע דארף פאר זיי חיינט גאר אנדערש טראכטען, היינט פאר זיך מיט דער פרוי אויף דער עלטער עפיס אויך אבלעגען. אייביג קען מען ניט הארעווען מע איז שוין אזוי ניט יונגע לייט...



נאר צו שפעט האט נחמן זילבערהאלץ אנגעהויבען טראכטען פון אזוינע זאכען ער פלעגט זאגען: „מע'ז איז שוין ניט קיין יונגע לייט" און ריכטיגער וואלט ער בע־דארפט זאגען „מע איז שוין אלטע לייט אהן די יונגע קרעפטען".

עס האט ניט געדויערט קיין פיער וואכען זינט זילבערהאלץ איז אויפגעשטאנען פון בעט, געשטעלט זיך אויף די פיס אדאנק זיין פרוי מיט זיינע עלטערע קינדער וואס האבען איהם אבגעהיט, נאר עפיס א איבעריגער ביסען האט איהם פערשאדט אדער א נאס ווינדטעל האט איהם פארקיהלט און זילבערהאלץ האט זיך צום צווייטען מאהל געלעגט אין בעט.

זיין פרוי און קינדער האבען געפילדערט מיט דאקטוירים, נאר ער איז פארט געלעגען אין בעט שוואך, די דאקטוירים האבען געזאגט: אז עס איז א שווער קראנקייט; א יונגער מענטש מיט יונגע קרעפטען וואלט דאס שלאפקייט געקענט גרינג איבער־טראגען, נאר אין די יאהרען און ביי אזא שוואכקייט ווי זילבערהאלץ האט זיך געפונען איז זעהר שווערליך, נאר גאטט קען העלפען, די קראנקייט דארף אויסשטעהן „קריזיס" האט מען געזאגט. נאר מעהר פון אללע האט ריכטיג פארשטאנען זיין קראנק דער קראנקער זעלבסט. ער האט געפיהלט מיט זיינע אללע שוואכע אברים אז ער וועט שוין ניט אין שטאנד זיין אויפשטעהן א מאהל פון בעט, ער ווייסט אז ער האט א סך געהארעוועט אין זיין לעבען, פראסט אוים געהארעוועט זיך. א מענטש איז ניט פון אייזען...

אזוי האט דער קראנקער געטראכט און זיינע מחשבות'ן אפילו ניט געוואלט איבערגעבען זיין ווייב און קינדער וועלכע זענען טאג טאגליך ניט אבגעטרעטען פון בעט, זיי קיין יסורים ניט געוואלט אנטוהן, ער האט זיי צו פיעל ליעב געהאט פון תמיד, אן, בפרט נאך איצטער, ווען ער האט געזעהן ווי זיי לעגען זיך אזוי אחעק וועגען איהם, וועגען זיין שווערע קראנק, ווי זיי דערשלאפען ניט, דרעסען ניט, זיי האבען שוין קיין פנים אויף זיך ניט.

פון גרוים דאנקבארקייט צו זיין ווייב און קינדער פלאגט ער זיי נאך טרייסטען מיט זיין שוואך קול.

— גאטט וועט נאך העלפען, איך פיעל זיך אללע מאהל בעסער, ווען איך וועל אי"ה אויפשטעהן פון בעט וועלען מיר היינטיגס יאהר ארויספאהרען אויף א זאממער וואהנונג וואו עס איז דא א סך וועלדער און גוטע וואסער צום באדען, דאס איז זעהר געזונד פאר אונז אללע, איהר זענט שוין אויך האלב קראנק געווארען איבער מיר... און פון נאך פיעל נייע גוטע פלענער האט נחמן זיין פאמיליע דערצעהלט, ווי אזוי ער וועט זיך פיהרען און טהון ווען ער וועט אי"ה אין גיכסטען אויפשטעהן פאלקאממען געזונד פון בעט, און רעדענדיג פלעגט ער זיך סטארען טהון א שמייכעל; עס איז איהם אבער דאס אויך שווער געווען, ער פלעגט שטעהן בלייבען ווי עפיס אין מיטטען שמייכעל, און די וועלכע האבען ארום גערינגעלט זיין בעט, פלעגט זיין בענייטער, ניט געלונגענער, שמייכעל גאר ניט געפעהלען...

רעדען און טרייסטען ד. ה. אבנארען זיין פאמיליע, פון גרויס ליעבע צו זיי, איז איהם געוועזען שווער, נאר נאך שרעקליך שווערער איז איהם געווען צו שווייגען; ווארום אז ער פלעגט שווייגען פלעגט ער טראכטען וועגען זיי, וועגען זיין ווייב און קינדער און דאס דאזיגע טראכטען פלעגט נאך גיכער פאר קירצען זיינע געצעהלטע טאג וואס זענען איהם אזוי אויך זעהר ווייניג געבליבען צו לעבען.

— וואס וועלען זיי געבען? טהון אהן מיר? ווען איך בין דא האבען זיי אללעס מיט מיר, פארמאגען זיי אללעס, אהן מיר — גאר ניט, אויף וועמען לאז איך זיי איבער און וואס לאז איך זיי איבער? גאר ניט! שרעקליך, אבגעלעבט א וועלט, אבגעהארעוועט א וועלט און דער פאמיליע גאר ניט איבערלאזען!... ביי מיין לעבען אזוי פיעל גוטס זיי געגעבען און אויף נאך מיין טויט אפילו אויף קיין שטיקעל ברויט זיי ניט איבערלאזען!... דאס איז שרעקליך!..

ביי דעם לעצטען געדאנק האבען זיך זיינע אויגען אבגעשטעלט אויף זיין ווייב און קינדער, ער האט געצויגען זיינע האנד צו זיי, ארום גענומען זיי, עס האט עפיס אויסגעוויזען ווי ער בעט ביי זיי מחילה, עפיס ווי גלייך ער האט זיך שטארק פארשולדיגט קעגען זיי און בעט, זיי זאלען איהם מוחל זיין...

ער האט זיין ווייב און קינדער א סך געקושט און געקושט און צולעצט ארויס געלאזט א שרעקליך געוויין. זיין פאמיליע האט זיך שטארק דערשראקען, נאר ניט זיך געקענט דערפרעגען וואס בעדייט זיין געוויין, עס איז איהם פיעל דערנאך גרינגער געווען, נחמן האט פון דעסטוועגען ניט אויפגעהערט צו וויינען, זיי צו קושען און האלדזען און עפיס זיך בעטען ביי זיין פאמיליע...

קיינער האט איהם אבער ניט פארשטאנען און רעדען האט ער שוין ניט געקענט...

אללע וואס האבען זיך ביי זיין בעט געפונען האבען געזאגט „ער מוטשעט זיך געבעך זעהר”...

---

## VI.

ביידע פאמיליעס פון אונזערע שותפים ווי די פרויען זא אויך די קינדער האבען שטענדיג צווישען זיך זעהר גוט געלעבט. אללע צוזאממען האבען זיך געלעבט ווי שוועסטער און ברידער, מען האט זיך קליידער גענייט ביי איין מאדיסטקע און גאנץ אפט גלייכע קליידער געטראגען ד. ה. גלייך גענייט און פון איין צייג, אפילו היטעלעך האט מען אויך געטראגען פון איין פאסאן. אז די מאדאם זילבערהאלץ האט געקאכט א נייעם מאדנע בארשט האט די מאדאם שטיינערמאנן געמוזט קומען פארזוכען, ווען די מאדאם שטיינערמאנן האט געבאקען קנישעס, האט די מאדאם זילבערהאלץ געמוזט פריהר זיי פרוביען און זאגען איהר מיינונג.—



אללע אין שטאדט האבען זעהר געלטען געקענט זעהן אין גאס שפאצירען איינער אהן דער אנדערער.

און פאר וואס זאלען זיי צווישען זיך ניט זיין גלייך און זיך ניט לעבען גוט איינס מיט דעם אנדערען, ווען די צייטען געהן ביי ביידע גלייך גוט!..

גוטע צייטען פארגלייכען מענטשען פון גאנץ בעזונדערע קלאססען, שלעכטע צייטען פערגלייכען אויך פערשיעדענע סארטען מענשען, נאר עס איז דא צייטען, (קיין מענטש זאל פון זיי ניט וויסען) וואס דערווייטערען די בעסטע פריינד אפילו אייגענע ברידער און שוועסטער פון אייגענע עלטערען! און דערווייטערען אזוי ווייט אז עס איז א שרעק צו צוזעהן — ווייט ווי פון הימעל ביז צו דער ערד!

און אזא ווייטקייט שטעלט אייך פאר איז אויך מיט דער צייט פארגעקומען צווישען די צוויי זעלטענע גלייכע חברטעס — צווישען מאדאם שטיינערמאנן און זילבער־האלץ. — ווייט, ווייט, זעהר ווייט!

עס איז פראסט ניט צו גלויבען.

נאר גלויבט אז די צייט, דאס לעבען, די לאגע קען איבערמאכען אזוינע זאכען וואס אונז ווייזט זיך אויס עס איז גאר ניט מעגליך. —

און איבער וואס קומט פאר גאנץ אפט אין לעבען אזוינע איבערקערענישען אדער אזוינע ווייטע גאנץ ווייטע דערווייטערונגען צווישען בעסטע פריינד, איבער וואס? — גאנץ אפט טאקי איבער קליינינגקייטען, גאר קליינינגקייטען, כמעט איבער נארישקייטען און דא איז אויך פארגעקוממען איבער א „נארישקייט” ווי זילבער־האלץ פלעגט עס אמאהל אנרופען ד. ה. איבער דעם וויל גראדע איז גרינבוים אנגעקוממען אין אזא שטונדע וואס שטיינערמאנן האט זיך געוואלט אסעקורירען און צו זילבערהאלצען איז גרינבוים שטענדיג אנגעקוממען אין אזוינע שטונדען וואס ער האט ניט געוואלט טהון דאס „נארישקייט”.

---

## VII.

„דאס גאנצע לעבען, גליק און אומגליק באשטעהט א פנים אין דער וועלט נאר פון נארישקייטען און קליינינגקייטען”!

די ווארטער האט מיט אפארביטערט הארץ ניט איין מאהל אויסגעשריגען אונזער בעקאנטער לעהרער ה' פייגענזאהן ווען ער איז שפעטער אין 15 יאהר ארום געקוממען אין דער שטאדט וואו אונזער ערצעהלונג קומט פאר און זיך געוואלט זעהן מיט דעם בעקאנטען הויז זילבערהאלץ וואו ער איז אמאהל צוריק מיט פופצען יאהר הויזלעהרער געוועזען.

ער, פייגענזאהן, איז גלייך געגאנגען אויף דער גאס, אין דעם הויז וואו די פא־מיליע זילבערהאלץ האט אמאהל געוואהנט, און ער האט ניט נאר דארטען קיי־

איינציגען פערזאן פון די זילבערהאלץ ניט געפונען, נאר אפילו דאס הויז זעלבסט האט זיך אין גאנצען איבערגעביטען, עס איז ווי פון דער ערד אויסגעוואקסען א הויז פון פיער עטאזשען מיט בלעך געדעקט, פריהר איז נאר געוועןן צוויי עטאזשען און מיט טשערעפ געדעקט. וויפיעל ער האט געפרעגט „זילבערהאלץ" האט איהם ניט דער בעל בית און ניט דער סטאראזש פון הויז ניט געוואוסט וואס צו ענטווערען. „מיר הערען דאס ערשטע מאהל אזא פאמיליע" האט מען איהם געענטווערט.

פייגענזאהן איז אויך געגאנגען אויף דער גאס ווי עס איז אמאהל געהאנגען פון א מאנופאקטור געשעפט א וויוועסקע: „אברהם שטיינערמאנן און נחמן זילבערהאלץ" נאר אויף דעם זעלבען ארט האט ער גאר איבערגעלייענט: „באקאליינע מאגאזין פויגעלקלאפ".

נאר שפעטער האט זיך דער לעהרער דערוואוסט וואו די פאמיליע שטיינערמאנן וואהנט. ער איז אוועק אהין זיך דערפרעגען די אדרעססע וואס ער האט געזוכט.

דארט האט ער געפונען די מאדאם שטיינערמאנן מיט איהרע קינדער אין א שאן ריין וואהנונג, ניט אזוי גרוים ווי פריהר נאר שאן בעלבתיש ער האט זיך באלד דערוואוסט אז איהר מאנן איז שוין לאנג געשטארבען און ווען ער האט אנגעהויבען ביי די קינדער זיך דערפרעגען וואו די פאמיליע „זילבערהאלץ" וואהנען האבען זיי איהם ניט געוואוסט וואס צו ענטווערען

— וועלכען „זילבערהאלץ"? האבען די קינדער איהם געענטווערט אויך מיט א פראגע.

— דער וואס איז געוועזן אייער פאטערס שותף.

— א שוין זעהר לאנג, מיר געדענקען עס ווי דורך דעם שלאף, פרעגט אונזער מוטטער, האבען די קינדער געענטווערט.

די „מוטטער" — די געוועזענע פריינדין פון מאדאם זילבערהאלץ האט אין אנהויב אויך געקוקט פערוואונדערט אויף איהם, צו וואס פרעגט מען ביי איהר פון אזא אלטע געשיכטע, זי זאל איהם אפילו יא וועלען זאגען ווייסט זי אויך ניט גלייך מיט איהם, שוין אזוי לאנג, ווער קען וויסען וואו זי געפינט זיך ערגיץ, נאר דערנאך אז זי האט געזעהן ווי דער ה' פייגענזאהן ווארט אזוי מיט אינטערעס אויף ענטווער, האט זי זיך אנגעהויבען דערמאנען.

— חלעבען איך ווייס ניט, איך האב זי שוין אפשר אכט יאהר ניט געזעהן אין מיינע אויגען, ווער קען וויסען וואו זי איז,

— נא און ר' נחמן זילבערהאלץ וואו איז? ער לעבט שוין דען ניט וואס איהר רעדט אלץ נאר פון איהר.

— זיך קוים דערמאנט, נאך פריהר פאר מיין מאנן ע"ה.

— נא וואו זשע איז די פאמיליע פארפאלען געווארען? אז איהר ווייסט ניט, ווער דען זאל וויסען?

— גלויבט מיר, ליעבער יוד, אז איך ווייס אויך גלייך מיט אייך, נאר איך זעה אז איהר אינטערעסירט זיך אזוי שטארק אלזא וועל איך אייך דערצעהלען



וואס איך קען נאר געדענקען, איך האב געגוג צרות געהאט אין די לעצטע יאהרען זינט מיין מאנן איז געשטארבען, איך האב פארלוירען דעם זכרון און געדענק גאר ניט. איך געדענק נאר אז כל זמן מיין מאן האט געלעבט האט ער געפיהרט דעם געשעפט און די אלמנה זילבערהאלץ מיט די קינדער האבען בעקומען זעהר חלק גלייך מיט אונז און האבען זיך געלעבט ווי פריהר. נאר אז דער אומגליק האט מיך אויך געטראפען איז מען באלד אנגעלאפען פון דער גאנצער וועלט ווי היישעריקען מיט וועקסלען און מען האט באלד צוגענומען דאס גאנצע געשעפט אז אונז איז א גראשען ניט געבליבען. עפיס א גרוים גליק, א בעזונדער נס פון גאטט אליין, וואס עס איז אמאהל געקוממען צו אונז א אגענט און מיין מאנן ע"ה האט גאטט צו געשיקט א געדאנק ער זאל זיך אסעקורירען, אדאנק דער א סעקוראציע ב"ן איך מיט מיינע קינדער געראטעוועט געווארען פון שאנדע און פון פרעמדע טובות' חו"ש. וואס דען פרעג איך אייך וואלטען מיר געטהון אז פארדיענען האב איך מיט מיינע קינדער קיין מאהל ניט געקענט, מיר האבען נאר געוואוסט דאס גרייטע, געלויבט זיין ליעבער נאמען פאר דער אסעקוראציע, אמת איך לעב ניט אזוי רייך ווי פריהר נאר געלויבט גאט בעל בתיש נישט צו פארזינדיגען, בעסער האט קיין שיער ניט, מיין עלטער קינד האב איך שוין חתונה געמאכט געגעבען א ביסל נדן, בעל בתיש חתונה געמאכט, די איבעריגע קינדער לערנען זיך נאך.

— נא, און פון דער פאמיליע זילבערהאלץ וואס איז געבליבען? האט פייגענזאהן זעהר פאראינטערעסירט געפרעגט, אריינפאלענדיג איהר אין די רעד ווען ער האט געזעהן אז זי האט שוין ווייטער פארגעסען וועגען דעם וואס ער האט געפרעגט און זי וויל אלץ רעדען מעהר פון זיך און פון איהרע קינדער.

— פרעגט גאר ניט, ליעבער הערר פייגענזאהן, זאל גאטט יעדען אבהיטען פון אזא אומגליק, האט זי געענטווערט מיט א זיפץ און טרעהרען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען. —

— באלד ווי מיין מאנן ע"ה איז געשטארבען, האב איך און בעקאנטע איהר געהאלפען וויפיעל מיר זענען נאר אין שטאנד געוועזן. נאר אומשטיינס געזאגט, וויפיעל האב איך איהר געקענט העלפען אז איך בין אליין א ביטטערע אלמנה מיט קינדער, א לעבערען זאק קען מען ניט אנפילען, גוטע פריינד און בעקאנטע, ווי דער שטייגער איז, זענען גאר גיך מיעד געווארען צו געבען, איך אליין האב קיין סך, ווי איהר פארשטעהט אליין, ניט געקענט געבען, אט פלעגט זי נאך מיט איהרע קינדער קוממען אמאהל צו מיר, איך מיט מיינע קינדער צו איהר, אט איז זי גאר ברוגז געווארען און אויפגעהערט צו געהן, חאטש איין גאטט ווייסט דעם אמת אז איך האב זיך קעגען איהר מיט קיין זאך ניט פערשולדיגט, זי האט זיך נאכהער נאך עטליבע מאהל מיט מיר איבערגעבעטען און ברוגז געווארען. נאר איין מאהל האט מען מיר איבערגעגעבען, אז זי האט ווייטער זיך אויפגעהערט נושדאיען האב איך זיך אודאי געפרייעט. אפילו ניט פארשטאנען פון וואנען האט זי אזוינע מיטטעל צום לעבען

בעקומען אז עס האט איהר געטראגען אפילו מיט אללע קינדער אין טעאטער געהן נאר נאכהער האט זיך אללעס ערקלעהרט: איהר טאכטער האט געפיהרט אן אפענטליך בע־קאנטשאפט מיט א געוויסען היגען גביר וועלכער האט אויף אללעס געגעבען... פון דער גרויסער שאנדע האבען זיך אללע דערוואוסט און די שטאדט האט געקלונגען. איך האב גענוג געוויינט אויף דעם אומגליק וואס נויט קען ברענגען פרויען וועלכע אין דער גוטער צייט וואלטען זיי ניט טראכטען וואס שפעטער קען פארקומען חו"ש.

איך מיט מיינע קינדער, ווי איהר פארשטעהט אליין, האב דאנן שוין מעהר ניט געקענט פיהרען בעקאנטשאפט מיט איהר הויז, חאטש דאס הארץ האט מיר גענוג וויי געטהון און האב זיך גענוג אנגעוויינט. פון דער צייט אן, האט די מאדאם שטיינערמאנן ווייטער דערצעהלט פייגענזאהנען, איז שוין אוועק זעקס אדער זיבען יאהר איך געדענק אליין ניט אקוראט.. . און זי האט זיך ווי פון א גרויסע שווערע ארבייט אראב געלאזט אויף א שטול און טרעהרען האבען זיך געקייקעלט אין איהרע אויגען.

פייגענזאהן איז פון איהר דערצעהלען, געבליבען שטעהן ווי פארשטיינערט.

עטליכע מינוט האבען זיי זיך אזוי אהן ווערטער אנגעקוקט, נאכהער האט פייגענזאהן כמעט ווי אויסגעשריגען:

— זאגען זשע זיי מיר, מאדאם, וואס איז דאס פאר א מין לעבען, אז א גאנצע פאמיליע לעבעדיגע מענטשען וואס האט אזוי געבלישטשעט אזוי גוט געלעבט, זאלען פלוצים אזוי לעבעדיגערהייט פערפאלען ווערען פון דער וועלט און אללע האבען אין זיי אזוי פארגעסען ווי גלייך זיי זענען גאר ניט געבוירען אויף דער וועלט, וואס הייסט דאס?

— וואס פרעגט איהר מיך? ליעבער הערר, איהר זענט געבילדעטער פון מיר און אויך שוין ניט קיין יונגערמאנן, שוין אויך אביסעל געלעבט אויף דער וועלט, דארפט איהר דאס לעבען פיעל מעהר קענען ווי איך, אלס שוואכע פרוי, מסתמא פיהרט גאטט אזוי די וועלט, ער הייסט אזוי.

— ניין! גאטט הייסט טאקי, ער פיהרט טאקי די וועלט נאר ער הייסט אויך דער מענטש זאל ניט זיין קיין נארר אין זיין לעבען. יעדער מענטש דארף וויסען ווי אזוי צו באגעהן זיך מיט דעם לעבען וואס גאטט האט געגעבען דעם שוואכען מענטשען אויף אזא קורצע צייט, דאס מעהר מענטשען צום בעדויערען, באגעהען זיך מיט דעם קורצען שטיקעל לעבען ווי קליינע קינדער ווען מען גיט זיי א שפיעלעכען, זיי שפיעלען זיך עטליכע מינוט און קוועלען אן, און באלד צוברעכען זיי עס מיט זייערע אייגענע האנד און מיינען, אז אייביג שענקט מען שפיעלעכליך, און דער פאר טאקי וויינען קינדער אפט....

~ ~~~



דער מיט איז פייגענזאהן אוועק פון דער מאדאם שטיינערמאנן, אין א צייט ארום האט פייגענזאהנען אין גאס אבגעשטעלט א ארימע יודענע איינגעוויקעלט אין אבגע־ריסענע אלטע שמאטעס.

— האט. איז די אומגליקליכע וועלכע דו זוכסט און פרעגסט אזוי לאנג אויף איהר! האט פייגענזאהנען אנגעוויזען זייער א בעקאנטער אויף דער ארימער יודענע.

— ווער? וועמען זוך איך? האט פייגענזאהן געפרעגט דערמאנענדיג זיך אין עפיס.

— די געוועזענע מאדאם זילבערהאלץ.

פייגענזאהן איז ווי דערשראקען צו איהר צוגעלאפען, אנגעהויבען מיט איהר רעדען, נאר ער האט זיך ביי איהר גאר ניט געקענט דער פרעגען, זי דערקענט קיינעם ניט ענטווערט ניט אויף קיין שום פראגען, זי האלט נאר א שמאטע אין איי־ האנד און וויגט עס ווי א קינד און איהר צווייטע האנד איז אויסגעשטרעקט אין דער לופט און בארמאטשעט מיט די ליפען אונטער דער נאז: „א נדבה... ברוידט.. מיינע קינדער".

— וואו זענען א הין געקומען איהרע קינדער, האט זיך פייגענזאהן געווענדעט צו זיין בעקאנטען ווען ער האט געזעהן אז זי ענטווערט איהם גאר ניט — ווי אזוי איז זי נעביך געקומען צו אזא שרעקליכע לאגע?

— וואס פרעגסט דו? ווייסט דו דען ניט אז חו"ש ביי ארימקייט, ווערען קינדער אייגענע ברידער און שוועסטער צווארפען אין פערשיעדענע עקען פון דער וועלט אז איינס פון דעם אנדערען ווייסט ניט. נויט, צרות, און אומגליק ברענגט צו אללעס, וואס מיר מענטשען קענען זיך גאר ניט פארשטעלען. —

* * *

אברהם שטיינערמאנען האט מען נאך אין שטאדט ניט פארגעסען, אללע יודען פון דער שטאדט זאגען אז ר' אברהם האט גוט געלעבט און שאן גע־שטארבען.

אונטער די ווערטער „שאן געשטארבען" מיינט מען צווישען יודען, אזא יודע וואס האט ביי זיין לעבען ניט פארגעסען באווארענען מיט עפיס זיין פאמיליע נאך זיין טויט און אויך קיין ארימע לייט ניט פארגעסען און ווירקליך עד היום לויט ר' אברהם'ס צוואה, צוטהיילט זיין פרוי יעדען יאהר שאנע עטליכע רובל פאר ארימע לייט.

ביי יודען זאגט מען א שפריכווארט:

„לעבען גוט קען יעדער, נאר שטארבען שאן איז ניט יעדער זוכה".

נאר אללעס איז געווענט אין מענטשען זעלבסט...

כ. ספעקטאר.

# דער ליטוועשער חדר.

## (זכרונות)

## I.

### דאס ערשטע מאל.

מיר איז דאמאלס געווען פינף יאהר, אויף דרויסען איז געשטאנען א הייסער זומערדיגער טאג. דער פאטער האט מיך איינגעוויקעלט אין א טלית און געטראגען איבער דער גאס אין חדר. דאס הערציל איז מיר געשפרונגען פאר שמחה: עפעס בין איך איינגעוויקעלט אין א טלית, עפעס טראגט מען מיך אויף די האנד, עפעס וועלל איך אויך זיין גלייך מיט מאטעלען, בערעלען, חאצקעלען, עפעס וועלל איך אויך זיין א חדר יונגעל... און דער חדר האט זיך מיר פארגעשטעלט פאר א גן עדן, פיעל חברים, ס'איז פאראן מיט וועמען זיך צו שפיעלען, צאצקעס א בארג...

ס'האט לאנג ניט געדויערט און איך האב געפיהלט, ווי דער פאטער האט אויפגעעפענט א טהיר; ער האט מיך באלד אוועקגעשטעלט אויף א באנק, און האט מיר פון די אויגען אבגעקאטשעט דעם טלית; אויף דער זעלבער באנק זענען געשטאנען אויך אין טליתים חיים'קע און מאטעלע, און די טאטעס מאמעס, קרובים נעבען אונז.

איך האב ..ק געטהון ארום זיך: ביי דער טהיר איז געשטאנען א גרויסע פאמוניצע, וואו ס'האבען ארום געשוואומען שטיקלאך פאפיר, קויהלען, א. ד. ג. ביי איין וואנד איז געשטאנען אבעט ארומגעהאנגען מיט א לייליך. נעבען בעט א וויגעלע, פון וואנען ס'האט זיך געלאזט הערען א דינן-קוויטשיג קול'ביל. איבער דעם שטיבעל האט זיך ארומגעטראגען א ביטערער געדיכטער רויך פון דעם רבי'נס לולקע. ארום טיש זענען געזעססען א פאר טוץ יונגלעך און אויבען-אן דער רבי אין א יערמאלקע מיט א ציגענע בארדיל.

איך האב זיך פאר איהם כמעט ווי דערשראקען, ער איז מיר אויסגעקוממען ווייער משונה. ער איז געזעסען אהן א קאפאטע, דער טלית קטן און דאס העמד זענען געווען פאנאנדערגעשפיליעט, דאס הארץ בעוואכסען מיט געלבע האאר.

איך האב מיט דעם רעכטען האנטיל שטייף אנגעגרייפט דעם פאטער פאר'ן ארבעל.



באלד האט זיך דער רבי אויפגעהויבען פון זיין ארט, איז צוגעגאנגען צו מיר און האט מיר א גלעט געטהון פאר דער באקיל.

— דו זעהסט אט דעם קאנטשיק? האט ער געזאגט און באוויזען מיט'ן פינגער אויף א קורץ שטעקעלע מיט רימענדלעך וואס איז געלעגען נעבען אלף-בית: מיט איהם שמייסט מען דאס יונגעל וואס וויל ניט לערנען און דעם האניג גיט מען יענעם*) ווער ס'לערנט גוט, — וועסטו וועלען לערנען?

— יא! ענטפער איך און ציטער ווי א פיש אין וואסער.

— „א נא זעץ זיך און קוק, מיין קינד". דער רבי נעמט דעם אלף-בית, רוקט איהם צו צו מיר און ווייזט אויף א נ-אלף: „אט דאס איז א נ-אלף".

— אט דאס איז א נ-אלף, זאג איך איהם נאך און קוק אויף דעם האניג, וואס שטעהט נעבען אלף בית.

— א פיינער יונגעל, א וואהלער יונגעל, נעהם גיב א לעק דערפאר דעם האניג.

איך בייג איין דעם קאפף און טהו א לעק. איך הער, ס'טהוט א קלונג א מטבע אויפ'ן טיש.

— נעם צו, זאגט דער רבי: דאס ווארפט דיר דער מלאך, פארוואס דו לערנסט גוט; קוק זשע ווייטער: אט דאס איז א בית.

— אט דאס איז א בית, זאג איך נאך און קוק אויף די סטעליע און וויל זעהן דעם מלאך, וואס ווארפט דאס געלד.

— פיין און גוט—זאגט דער רבי—גיב ווייטער א לעק.

איך גיב ווייטער א לעק, ס'גיט א קלונג דערווייל נאך א מטבע; איך נעהם איהר צו; אזוי פאסירט ביז תיו. איך האב שוין א גאנצען הויפען געלד און בין זעהר צופריעדען, נאר מיר פארדריסט מעהר ניט, פארוואס ווארפט ניט דער מלאך דאס געלד, ווען איך פעררייס דעם קאפף ארויף.

אין חדר איז „ליהודים", מען טהיילט בראנפען און לעקאך. באלד טראגט מיך דער פאטער צוריק אין שטוב.

## II.

### אויף מארגען.

מיט א האלבען איבערבייסען אין דער האנד לויף איך געשווינד אין חדר. מיר דאכט אז היינט וועט ווייטער זיך ווייזען אזא גוטער מלאך און מען וועט ווייטער אזוי זיין פרעהליך. איך לויף אריין האסטיג, נאר איך בלייב שטעהן ביי דער טהיר;

*) אין די ליטווישע חדרים איז איינגעפיהרט צו געבען האניג די קינדער וואס קוממען דאס ערשטע מאהל אין חדר.

אויפ׳ן און זיצט דער רבּי און קוקט שטרײנג אויפ׳ן יונגעל, וואס זיצט נעבען איהם און חליפּעט. איך בּלײב שטעהן אויף א נ׳ארט, א פּחד פאללט אויף מיר אן און ווײס ניט וואס צו טהון.

— וואס שטעהסט דו? פרעגט מיר דער רבּי מיט א בּנעימות׳דיג קול.

איך קום אביסעל צו זיך און געה אונטער צום טיש.

איך פיהל זיך אָבער ניט ווי אין דער הײם, איך האב מורא געבען זיך אקעהר א ריהר, גאר ס׳דויערט ניט לאנג און דער רבּי רופט מיך צו צו זיך. איך געה און צימער. צום גליק רעדט ער מיט מיר גוט און פרעגט: פיעל געלד האב איך געבּראכט אויפגעקליבען?

— א הויפען — ענטפער איך.

— ווײז; איך וועל איבּער צעהלען.

איך גיב; דער רבּי צעהלט, איך גיב א וואָרף א גאונ׳דיגען בּליק אויף אללע מײנע חברים און בּין בּײ זיך שטאלץ. נאכ׳ן צעהלען גיט מיר דער רבּי אָב דאס געלד צוריק און ווארענט מיך, איך זאלל קײנעם ניט געבען. איך נעהם צו און פיהל, אז דאס געלד איז געוואָרען ווײניגער. דער רבּי נעהמט דעם אלף־בּית און ווײזט מיר כּסדר, איך זאג נאך און הער אלײן ניט וואס איך רעד! מײן קאפּיל איז פארנומען מיט אײן געדאנק: וואו האט זיך הין געטהון דאס געלד? נאר דער רבּי איז גוט, ער טשעפּעט מיך ניט. אזוי פּאסירט עטליכע טאג נאך אײן האנד, ס׳וואלט אלעם געוועזען צו דערלײדען, נאר אײן קלעמעניש האב איך, וואס מײן געלד ווערט וואס א טאג ווײניגער, איבּערהויפּט נאכ׳ן רבּינס צעהלען. דער רבּי ווארענט מיך יעדען טאג, איך זאלל דאס געלד היטען, און ער גיט אלײן אכטונג, דאס די קינדער זאללען בּײ מיר ניט אויסנארען, פון דעסטוועגען פעהלט מיר פּאָרט. מײן קינדישער שכל זאגט מיר אונטער, אז דאס איז דעם... דעם רבּינס ארבּײט, נאר איך אלײן שרעק מיך פאר דעם געדאנק.

דער רבּי באנעהט זיך מיט מיר א סך בּעסער ווי מיט די איבּריגע קינדער און איך פארשטײ, אז דאס איז אלס צוליעב דעם, וואס איך גיעב איהם צעהלען דאס געלד און האטשע איך זשאלעווע דאס געלד דאך טהוט מיר הנאה וואס איך בּין אין חדר א נ׳אויסנאהם, איך בּין דער אײנציגער ניטגעשלאגענער און מײן קינדישער שכל האָרעוועט און זוכט פלאנער ווי געפינט מען נײע מטבּעות אללע טאג כּדי איך זאלל האבען וואס צו געבען דעם רבּין צום צעהלען אן אײן אויפהער, און ס׳בּלײבט מיר אײן עצה אבּײנרוקען מײן האנטיל אפּט צום טאטען אין קעשענע...

III.

# אין עטליכע וואכען ארום.

דער פאטער האט בּײ מיר אמאהל יא געפּרעגט, וואו האב איך הין געטהון דאס געלד, נאר איך האב זיך געמאכט אזוי תּם׳עוואטע, אזוי מאוס נאריש, אז ער האט נאר א שאקעל געטהון מיט דעם קאפּף און אנגעזאגט דאס מען זאלל מיר מעהר קײן גראשען געבען.

און מײנע פלענער, ווי צו שלעפּען געלד פון טאטענס קעשענע, האבען זיך מיר ניט אײנגעגעבען און געבען דעם רבּין צום צעהלען האב איך שוין ניט געהאט וואס.

איך ווײס נאך כּמעט אײן אות ניט פון אלף־בּית און דער רבּי באנעהט זיך שוין מיט מיר שטרײנג.

ער פרעגט בּײ מיר אנ׳אות, איך ווײס ניט.

— זאג, ימח שמוניק, שרײט דער רבּי מיט כּעס: מען גורט און מען גורט מיט דיר אזא צײט און דו זיצט, ווי ניט דיר מײנט מען גאר.

איך ציטער און פלאטער און ווײס ניט וואס צו ענטפערען.

— וואס שווײגסט דו?

איך דערהער פּלוצים א קלאפּ בּײ זיך אין פלײצע, מיט׳ם הארץ זעץ איך זיך אָב אן טיש, און דער קאפּף פארוואַרפט זיך מיר א רונטער. איך שים אוים אין א געוויין, מיט די האנד רײב איך אוים די טרערען, וואס קײקלען זיך איבּער דער צורה ווי באָבּעם.

— זעה וואס פאר א נדלות אין איהם שטעקט, מען טאר איהם גאר א ריהר ניט געבען, מען האט איהם די קרוין געריהרט פון קאפּף! וואס חליפּעסט דו? זאג!

איך קוק, גאר דורך די גרויסע טראפּען טרערען וואס הײנגען מיר זעה איך קײן אות.

— די זאגסט?

און אײדער איך אוספּעיע ארומקוקען זיך, פיהל איך, ווי די באק ווערט מיר הײס פון אשטארקען פּאטש. פון די אויגען פליהען מיר פונקען, איך באגים זיך מיט בּלוט און יאמער אויפען קול.

— זאג — זאגט דער רבּי קאלטבּלוטיג, פונקט ווי צווישען אונז וואלט גאר ניט געוועזען. איך וואלט גערען געזאגט, נאר איך ווײס ניט וואס.

— דו זאגסט ניט?

איך זיץ שוין ניט אויפ׳ן בּײנקעל, איך ליעג שוין בּײם רבּין אויף די קניע און דער קאנטשיק פויקט; איך שרײ מיט די לעצטע כּחות, באלד לאזט מיך דער רבּי

אַראָב פון דִי קְנִיעֶ און אִיךְ קְלָאג ווִי אויף חורְבָּן; אִיךְ שֶׁעם מִיךְ פַאר אַלֶעמֶען און הֵייב נִיט אויף דֶעם קָאפּ. אִיךְ וֵויים, אַז בַּאלְד וֶועלֶען מַיינֶע חֲבֵרִים און פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער מִיר נָאכְלויפֶען און שְׁרַייעֶן: גֶעשְׁמִיסֶענֶע... דְרַיי בְּרָכוֹת א. ז. וו. און דָאס אִיז מִיר אֶרְגֶער פון אַלֶעס. נָאר דֶעם רֶבִּי׳נְס כַּעַס שְׁטִילְט זִיךְ אַלְס נִיט, עֶר הֵייסְט דֶערְלַאנְגֶען אַ מֶעססֶער און פַארְשְׁנִיצְט אַ שְׁפְּרֵייז-הֶעלְצִיל און שְׁטֶעלְט אִיהְם מִיר אַרַיין אִין מויל: אֵיין עֶק הֶעלְצִיל אויף דֶעם אונְטֶערְשְׁטֶען צַייל צֶאהְנֶער און דֶער צְוֵויטֶער אויף דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען צַייל, דִי הֶאנְד פַארְבִּינְט עֶר מִיר אַהִינְטֶער און לָאזְט מִיר אַזוֹי שְׁטֶעהְן אַהִיבְּשֶׁע צַייט.

# IV.

## אִין עֶטְלִיכֶע מָאנַאטֶען אַרוּם.

אִיךְ וֵויים שׁוין דֶעם אַלֶף-בֵּית און דִי נְקוּדוֹת, טַאטֶע-מַאמֶע קְוֶועלֶען נָאר אָן פון מִיר, נָאר דָא אִיז אַנַייעֶ צָרָה מֶען דַארְף קָאנֶען אויסלֶעגֶען דִי וֶוארְטֶער.

— וָואס אִיז דָאס? פְרֶעגְט דֵער רֶבִּי און וַוייזְט אויף אַנְ-אַלֶף

— אַנְ-אַלֶף —

— וָואס אִיז דָאס? דֶער רֶבִּי וַוייזְט אויף אַקָמֶץ.

— אַקָמֶץ —

— נו, ווִי מַאכְט עֶס אִין אֵיינֶעם?

— אַלֶף-קָמֶץ.

— אַ, דו גוֹי, פַארְשְׁטָאפְּטֶער מוֹחַ! ווִי אִיז קָמֶץ-אַלֶף? עֶר גִיט אַשְׁטורְךְ און זָאגְט: „אָ“.

אִיךְ קוּק זִיךְ אַיין און שְׁוַוייג, אִיךְ בִּין מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה דֶעם שְׁטורְךְ, אִיךְ זֶעה טַאקֶע אַז אִיךְ הָאבּ אַגְרָאבּ קָאפִּיל, מַיין שֵׂכֶל בַּאנֶעהְמְט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט ווִי וֶוערְט עֶס פון צְוֵויי וֶוארְטֶער אֵיין קְלַאנְג „אָ“. מֵילָא אִיךְ זֶעה שׁוין אַז אויף מַיין שֵׂכֶל קָאן אִיךְ זִיךְ גָאר נִיט פַארְלָאזֶען און זָאג נָאךְ: „אָ“.

— נו, ווִי אִיז קָמֶץ-בֵּית?

אִיךְ שְׁוַוייג, אִיךְ וֵויים דָאךְ שׁוין, אַז מַיין קָאפּ אִיז צו גְרָאבּ אויף אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, בַּיי מִיר אִיז רֶעכְט צו זָאגֶען, אַז ווִי בַּאלְד קָמֶץ אַלֶף אִיז „אָ“, אִיז פוּס פָאדְקֶעוֶוע „פָּא“, אִיז דָאס אַזוֹי? אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אַז לֶערְנֶען אִיז אַשְׁוֶוערֶע זַאךְ און וַוארְט מִיט אונְגֶעדוּלְד, דֶער רֶבִּי זָאל גֶעבֶּען אַפַּאטְשׁ און זָאל שׁוין זָאגֶען ווִי עֶס מַאכְט, עֶר פַּאטְשְׁט און זָאגְט, אִיךְ זָאג נָאךְ און בִּין אִין כַּעַס אויפ׳ן רֶבִּי׳ן מִיט׳ן פָאטֶער, וָואס זֵיי פַארְלַאנְגֶען פון מִיר אַזֶעלְכֶע שְׁוֶוערֶע זַאכֶען, און מַיין הַאס צוּם חֵדֶר וֶוערְט וָואס אַטָאג גְרֶעסֶער און גְרֶעסֶער אִיךְ פֶערְלַאנְג און בֶּעט פון טִיפֶען הַארְץ, אַז דֶער רֶבִּי



זָאל קְרַאנְק וֶוערֶען, צו גָאר שְׁטַארְבֶּען, אָט דָא טְרַאכְט אִיךְ וֶועט שׁוין זַיין דִי אֱמֶת׳עֶ גְאוּלָה.

# V.

## אִין אַהַאלְבּ יָאהְר אַרוּם.

פְרֶעהלִיךְ און גְלִיקְלִיךְ פִיהְל אִיךְ זִיךְ, וֶוען דֶער זְמַן אִיז אַוֶועק. פָּטוּר גֶעוָוארֶען פון דִי חֹשֶׁךְ׳דִיגֶע שְׁטִיבֶּעל, פון דִי עִפּוּשׁ׳דִיגֶע פָאמוּנִיצֶע, פון בִּיטֶערֶען רויךְ, פון דִי הֶאהֶער מִיט דִי קָאץ, פון רֶבִּיצִינְ׳ס שְׁרַייעֶר, פון דִי בַּייסִיגֶע פְלִיגֶען, פון דֶעם בְּטַעַם׳טֶען אַויר, פון רֶבִּינְ׳ס צוּרָה, פון דֶעם קַאנְטְשִׁיק און אַלֶף-בֵּית. אִיךְ פִיהְל, ווִי אַ שְׁוֶוערֶער בַּארְג אִיז מִיר אַרָאבּ גֶעפַאלֶען פון דִי פְּלֵייצֶעס. עֶפֶּעס הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַרוֹיס-גֶערִיסֶען פון אַ פִינְסְטֶערֶען אַסְטְרָאג און בִּין שׁוין פְרַיי: אִיךְ טַאנְץ און שְׁפְּרִינְג אִיבֶּער דֶער גַאס און הָאבּ פַאר קֵיינֶעם מוֹרָא. אִין דֶעם הַאלְבֶּען יָאהְר הָאבּ אִיךְ זִיךְ אִין גַאנְצֶען אוּמְגֶעבִּיטֶען. וֶוען אִיךְ בִּין אָנְגֶעקוּמֶען אִין חֵדֶר בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אַרוֹיטִינְקֶער מִיט פוּלֶע בַּאקֶען, אַגֶעזוּנְדְט, אַפְרֶעהלִיךְ יוּנְגֶעל, און אִיצְט אִיז מַיין רוֹיטְקֵייט פַאר-שְׁווּנְדֶען גֶעוָוארֶען, דִי פוּלֶע בַּאקֶען אַיינְגֶעפַאלֶען, מַיין גֶעזוּנְד שְׁלַאף, אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען קַאפְּרִיזְנֶע, כַּעַסֶענְדִיג; אִיךְ הָאבּ נָאךְ דַאמָאלְס נִיט גֶעוואוּסְט, אַז תּוֹרָה מַתֶּשֶׁת כֹּחוֹ שֶׁל אָדָם ד. ה. דִי תּוֹרָה מַאכְט שְׁוַואךְ דֶעם מֶענְשֶׁען און בִּין גֶעוֶוען אִין כַּעַס אויף אַלֶעמֶען.

נָאר בֵּין הַזְּמַנִּים הָאבּ אִיךְ הֶעבֶּער אַ חֹדֶשׁ פְרַייעֶ צַייט, אִיךְ קְלויבּ פְרִישֶׁע כֹּחוֹת, [illegible]עֶן חֵדֶר מַאטֶער אִיךְ זִיךְ נִיט צו טְרַאכְטֶען און בִּין גַאנְץ לוּסְטִיג.

# VI.

## אִין אַיָאהְר אַרוּם.

[illegible]ךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען אויף „טְרַאפְ“, דָאס דַאוְונֶען און דִי יוֹם-טוֹב׳דִיגֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה׳ס, אֲפִילוּ בַּמֶּה מַדְלִיקִין זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ כְּשׁוּרָה, נוּר אִין הִלְכוֹת שַׁבָּת הָאבּ אִיךְ שְׁטַארְק גֶעהִינְקְט און דֶער רֶבִּי פְלֶעגְט קִיילֶען און בַּייסֶען פַאר יֶעדֶעס וָוארְט.

נָאר דִי קְלֶאפּ און דִי שְׁלֶאג הָאבּ אִיךְ אָנְגֶענוּמֶען ווִי אַזַאךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ עֶס עֶהְרְלִיךְ פַארְדִיעֶנְט, אִין כַּעַס בִּין אִיךְ נָאר גֶעוֶוען, וָואס מֶען הָאט מִיךְ פַארְשְׁפַּארְט אויף אַגַאנְצֶען טָאג אִין חֵדֶר, אַז סַךְ הַכֹּל לֶערְנֶען אִיךְ נָאר אֵיין הַאלְבֶּע שָׁעָה אִין טָאג.

און אויף דְרויסֶען אִיז וִוי אויף צוּפּוּקֶענִישׁ דֶער זוּמֶער וֶועהְר אַ שֵׁיינֶער, סְ׳צִיהט מִיךְ וִוי מִיט אַ מַאגְנֶעט אַהִין, צוּם דְרויסֶען, אוּנְטֶער׳ן פְרַייֶען הִימֶעל, סְ׳ווִילְט זִיךְ זַיין פְרַיי, אַרוּמְלויפֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, שְׁפִּיעלֶען זִיךְ; אַז אִיךְ זִיץ בַּיים פֶענְסְטֶער אָנְגֶעשְׁפַּארְט מִיט דֶער בֶּאקִיל אויף דִי צוּזַאמֶעמֶענְגֶעלֵייגְטֶע הֶאנְטְלִיךְ און קוּק אויף דְרויסֶען — און וִוי אִיךְ בִּין מְקַנֵא דִי קִינְדֶער וָואס שְׁפִּיעלֶען זִיךְ דָארְט! אִיךְ עֶס זֵיי מַמָשׁ אוֹיף מִיט דִי אויגֶען. מַיין כַּעַס צוּם רֶבִּי׳ן און פָּאטֶער וַואכְסְט פוּן טָאג צוּ טָאג, אִיךְ בִּין זֵיי אַ שׂוֹנֵא אִין לֶעבֶּען, נָאר זֵיי קָאנְן אִיךְ גָאר נִיט טְהוּן און דֶעם כַּעַס לָאז אִיךְ אויס צוּ דֶער מַאמֶען. סְ׳הֵייבֶּען זִיךְ אָן בַּיי אוּנְז הֵיימִישֶׁע סְצֶענֶעס, אִיךְ מַאךְ אִיהְר אָן דִי גְרֶאבְּסְטֶע יִסוּרִים: וָואס זִי גִיט מִיר, וִויל אִיךְ נִיט, און וָואס אִיךְ וִויל הָאט זִי נִיט. נָאר אָפְּט גֶעה אִיךְ אַוֶועק אִין חֵדֶר נִיט גֶעגֶעסֶען. מַיין אֵיינְצִיגֶער מִיטֶעל נְקָמָה גֶעהמֶען פוּן אִיהְר (דֶער פָּאטֶער פְלֶעגְט זִיךְ נִיט קְלֶעמֶען) אִיז גֶעבְּלִיבֶּען תָּמוּת נַפְשִׁי עִם פְּלִשְׁתִּים, זִיךְ אָן טְהוּן יִסוּרִים, אַבִּי דֶער מַאמֶען פַארְשַׁאפֶען קְרֵיינְקֶען, און זִיצֶענְדִיג אִין חֵדֶר אַהוּנְגֶערִיגֶער בַּיי דֶעם פֶענְסְטֶער, פְלֶעג אִיךְ גְרוֹיס הֲנָאָה הָאבֶּען, וַוייל אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט, אַז דִי מוּטֶער קָאנְן עֶס נִיט אויסְהַאלְטֶען.

וִוי אִיךְ הָאבּ פַארְ׳ן רֶבִּי׳ן נִיט מוֹרָא גֶעהַאט, נָאר וַואסְטַאוֶוען עֶסֶען הָאט עֶר אֲפִילוּ מִיר נִיט גֶעקָאנְט. אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהלְט אַז קֵיינֶער הָאט קֵיין רֶעכְט מִיר שְׁטֶערֶען אִין נִיט־עֶססֶען: מִיט זִיךְ מָאג אִיךְ טְהוּן וָואס אִיךְ וִויל. דִי מַאמֶע פְלֶעגְט מִיר אָפְט בְּרֶענְגֶען דָאס עֶססֶען אִין חֵדֶר, נָאר אִיךְ פְלֶעג אֲפִילוּ אויפְ׳ן עֶססֶען נִיט אַ קוּק גֶעבֶּען. דִי מַאמֶע פְלֶעגְט שְׁטֶעהְן אִיבֶּער מִיר און בֶּעטֶען און גְלֶעטֶען: עֶס מַיין קִינְד. עֶס. און אִיךְ פְלֶעג זִיךְ פוּן אִיהְרֶע לַאסְקֶעס נָאר אָבּ דְרֶעהֶען; זִי פְלֶעגְט שְׁטֶעהְן לַאנְג לַאנְג מִיט פַארְלֵייגְטֶע הֶאנְד און קוּקֶען מִיט גְרוֹיס פַארְצְווייפְלוּנְג אויף מִיר. און חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ אויף אִיהְר נִיט גֶעקוּקְט, הָאבּ אִיךְ אויף זִיךְ גֶעפִיהלְט אִיהְרֶע אויגֶען. בִּיסְלֶעכְוַוייז, בִּיסְלֶעכְוַוייז פְלֶעגְט מִיר דֶער כַּעַס שְׁטִילֶען און פְלוּצִים וֶוערְט מִיר עֶנְג אִין הַאלְדְז, הֵייס אִין דִי אויגֶען, אִיךְ גְרַאבּ דֶעם קָאפּ אִין דִי הֶאנְד און בֶּעהַאלְט זִיךְ און וַואשׁ זִיךְ מִיט טְרֶעהְרֶען, זִי גְלֶעט מִיר שְׁטִיל אָהְן וָוארְטֶער דֶעם קָאפּ און וַוארֶעמֶע טְרֶעהְרֶען פַאלֶען מִיר אויף דִי הָאאר. אִיךְ לָאז זִיךְ שׁוין גְלֶעטֶען און אִין מַיינֶע אויגֶען שְׁטַארְקְט זִיךְ דֶער קְוַואל טְרֶעהְרֶען און אַט־אַט־אָט חַלָשׁ׳ע אִיךְ זִיךְ פַאנַאנְדֶער.

און עֶססֶען קָאן אִיךְ פָארְט נִיט.

---

# אִין צְווֵיי יָאהְר אַרוּם.

אִיךְ הָאבּ אִין אַ מַזָלְדִיגֶע שָׁעָה אָנְגֶעהויבֶּען חוּמָשׁ. אִיךְ בִּין פְרֶעהְלִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן דַרְדְקִי מְלַמֵד, בַּיים רֶבִּי׳ן אִין חֵדֶר זֶענֶען דִי גַאנְצֶע פְרִייֶ־



אויסְגֶעוַוייסְט, סְ׳אִיז, וִוי נָאךְ פֶּסַח, אִין אַלֶע וִוינְקֶעלֶעךְ רֵיין, אַלֶע פֶענְסְטֶער זֶענֶען אָפֶען און מִיר, חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ, זִיצֶען אַרוּם טִישׁ, דִי חוּמָשִׁים קֶעגֶען אוּנְז, דֶער רֶבִּי שָׁאקֶעלְט זִיךְ פַאנַאנְדֶער, מִיר שָׁאקְלֶען זִיךְ אויךְ און קוּקֶען אויף אִיהם.

— נוּ זָאגְט: וַיִקְרָא הָאט גֶערוּפֶען.

— וַיִקְרָא הָאט גֶערוּפֶען, עֶנְטְפֶערֶען מִיר אַלֶע מִיט אַ מָאל.

— אִיהר זֶעהט, אַז אִין וַיִקְרָא שְׁטֵייט אַ קְלֵיינִינְקֶער אַלֶף.

— יָא, יָא — שְׁרַייֶען מִיר אויס מִיט שִׂמְחָה.

— וָואס בֶּעדַייט דָאס?

מִיר שְׁוַוייגֶען. וָואס פַאר אַ נַארֶעשֶׁע שְׁאֵלָה, טְרַאכְט אִיךְ, פְרֶעגְט דֶער רֶבִּי: אִין סִדוּר זֶענֶען פַארַאן פִיעל, פִיעל קְלֵיינִינְקֶע אַלֶף׳לַאךְ און יֶענֶער רֶבִּי הָאט גָאר נִיט גֶעפְרֶעגְט דִי בֶּעדַייטוּנְג פוּן זֵיי. נָאר פְלוּצִים וֶוערְט דֶער רֶבִּי בַּיי מִיר זֵייעֶר נִתְגַדֵל. דֶער אִיז טַאקֶע נָאר אַ גְרויסֶער רֶבִּי, עֶר ווַייסְט אַלֶעס. און עֶר גִיט אוּנְז טַאקֶע אַ גְרויסֶען אויסְרֵייד, עֶר הֵייסְט אוּנְז אִיבֶּערְזָאגֶען. מִיר שְׁוַוייגֶען, עֶר זָאגְט אִיבֶּער אַ צְווֵייטֶען מָאל און אַ דְרִיטֶען מָאל — מִיר הֵייבֶּען אָן פַארְשְׁטֶעהְן, חָאטְשֶׁע מִיר ווַייסֶען נִיט דֶעם אוּנְטֶערְשִׁיעד פוּן וַיִקָר און וַיִקְרָא, וֶוער אִיז מֹשֶׁה און וֶוער אִיז בִּלְעָם, נָאר מִיר זֶענֶען צוּפְרִידֶען, און זָאגֶען אִיבֶּער און יֶעדֶער סְטַארֶעט זִיךְ אִיבֶּערְשְׁרַייֶען דֶעם צְווֵייטֶען.

נָאר דִי שִׂמְחָה דויֶערְט נִיט לַאנְג. מִיר הֵייבֶּען אָן אִיבֶּער דִי אויסְרֵיידֶען צוּ גֶע־נִיצֶען און דֶער רֶבִּי וִויל עֶס שְׁרֶעקְלִיךְ נִיט לַיידֶען און שְׁלָאגְט דֶערְפַאר מַכּוֹת רֶצַח.

אָבֶּער אִיךְ בִּין שׁוין נִיט קֵיין קְלֵיין קִינְד און דַאצוּ דֶער בֶּעסְטֶער אִין חֵדֶר. חֲבֵרִים חַנְפֶ׳עֶנֶען מִיר, אִיךְ זָאל מִיט זֵיי חַזֶר׳ן און עֶס שְׁטֵייט מִיר נִיט אָן, וָואס דֶער רֶבִּי שְׁלָאגְט מִיךְ. אִיךְ וָואלְט גֶעוֶוען אַ גְרויסֶער בַּעַלְן שְׁלָאגֶען צוּרִיק, נָאר מִיט דֶעם רֶבִּי׳ן שְׁטֶעלֶען זִיךְ פְלַאיְ׳ן קָאנְן אִיךְ נִיט און דַארִיבֶּער לויף אִיךְ פוּן חֵדֶר. דֶער פָּאטֶער אָבֶּער וִויל פוּן קֵיין זַאךְ וִויסֶען און טְרַייבְּט מִיךְ צוּרִיק אִין חֵדֶר. אִיךְ עַקְשְׁן זִיךְ אַיין: אִיךְ וֶועל נִיט גֶעהְן און גֶעפַּטֶר׳ט, נָאר דֶער פָּאטֶער זָאגְט, אַז מִיט אִיהם פִיהְרְט מֶען קֵיין עַקְשָׁנוּת און בֶּעט פְרִיהֶר מִיט גוּטֶען, דֶערְנָאךְ מִיט בֵּייזֶען, ד. ה. מִיט דֶעם פַּאסִיק (דְזִיַאסְקֶע), נָאר אִיךְ וַוארְט נִיט, גֶעהם דִי פִּיס אִין דִי הֶאנְד און מַאךְ „וַיִבְרַח״. מֶען יָאגְט מִיךְ נָאךְ, אַ מָאהל חַאפְּט מֶען און אִיךְ בַּאקוּם מַיין פְּסַק, מֶען שְׁלֶעפְּט מִיט גְוַואלְד אִין חֵדֶר, נָאר אַ מָאהל דְרֶעה אִיךְ זִיךְ אַרוּם און וֶוער פֶערְפַאלֶען אויף אַ גַאנְצֶען מֵעֵת־לְעֵת. בַּיי טָאג שְׁפַּאצִיר אִיךְ אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט, נִיט וַוייט פוּן מַאגִילְנִיק (צְמֶענְטַאר) און שְׁלָאף זִיךְ אויס אויפְ׳ן גְרִינֶעם גְרָאז, פַארְנַאכְט קוּם אִיךְ צוּרִיק אִין שְׁטָאדְט און זוּךְ אויס אַ חֶבְרָה צוּ שְׁפִּיעלֶען אִין זֶעלְגֶער, אִין „אֵיינֶע זַיינֶע״ א. ד. ג. נָאר דֶער הוּנְגֶער טְרַייבְּט מִיךְ צוּרִיק אִין שְׁטוּבּ. דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ בַּאגֶעגֶען זִיךְ אִין שְׁטוּבּ, אִיז דִי מוּטֶער. זִי גִיט מִיר גְלַייךְ אָבְּצוּעֶססֶען און רֶעדְט קֵיין שְׁלֶעכְט וָוארְט, פּוּנְקְט וִוי סְ׳וָואלְט גָאר נִיט גֶעוֶוען. אִיךְ עֶס מִיט כַּעַס, נָאר אִיךְ ווַייס, אַז נָאכְ׳ן עֶססֶען וֶועט זִי גֶעהמֶען זָאגֶען מוּסָר. און נָאכְ׳ן עֶססֶען

טאָקע הייבט זי אָן ביידען, אָבער זעהר ווייך, דער קול איהרער איז אָנגעזאַפּט מיט טרעהרען און יעדער וואָרט איהרער שטאַכט מיר אַזש אין צעהנטען ריפּ.

— ואָלט זי מיך בעסער שלאָגען —

און אין אַ פּאָר מינוט אַרום ווייגען מיר ביידע.

פאַר וואָס האָט זי געפיהלט מיין הארץ?

~~~~~~~~

IV.

# אין דריי יאָהר אַרום

האָב איך אָנגעהויבען גמרא. איך האָב אין דער גמרא געקוקט טאַקע ווי אַ האָן אין בני אדם. געלערענט האָב איך ביי אברהם ליב רבקה חאַשקעס איידעס.

געלערענט האָבען מיר „בבא קמא", „ארבעה אבות".

געוואוסט האָב איך שוין, אַז גמרא איז אַ שווערע, זייער אַ שווערע זאַך.

און ס'איז מיר אַלם געווען פרעמד, דער חדר, דער רבי, די חברים — אַלם אומבעקאַנט. פון גמרא איז דאָך שוין ניטאָ וואָס צו רעדען.

„ארבעה — פיער, אבות-אבות, נזיקין — נזיקין; ס'איז פאַראַן פיער אבות נזיקין".

„ארבעה — פיער, אבות — אבות, נזיקין — נזיקין; ס'איז פאַראַן פיער אבות נזיקין".

„השור — אַ אָקס, הבור — אַ גרוב, המבעה — וועט די גמרא ווייטער מפרש זיין, וההבער — און אַ פייער".

השור — אַ אָקס, הבור — אַ גרוב, המבעה — וועט די גמרא ווייטער מפרש זיין, וההבער — און אַ פייער.

איך, ווי אַללע קינדער, האָב נאָכגעזאָגט דעם רבי'ן וואָרט פיר וואָרט און האָב געפיהלט ווי עפּעס דאָרט אין דער הויך איז פאַרצווייגען אַדינן שטריקעלע. דער רבי געהט פאַרוועריטם איבער דער דינינקע שטריקעלע, מאַכט דאָרט אַללע קונצען, גלאַט זיך דאָס בערדיל, דרייט זיך די וואָנסען, רייסט זיך דעם צופרין, רייכענט אַ פּאַפּיראָס און פאַרגעסט גאָר וואו ער האַלט אין דער וועלט, ער פיהלט זיך דאָרט, ווי ביי זיך אין דער היים. מיר אָבער דרעהט זיך דער קאָפּף, ס'שווינדעלט אין די אויגען, ס'דרייסט דאָס האַרץ, ס'ביי'גען זיך די פיס. איך זעה — איין פאַלשער טריט און איך פליה צו נ-אַלדע שוואַרץ יאָהר און ברעך האַלז און אַקען. און די שטריקעלע הוידעט זיך, וויגט זיך, טרייסעלט זיך, און ביי יעדען בייג, ביי יעדען וויג און ביי יעדע טרייסעל זעגענט זיך מיר די נשמה מיט'ן גוף.

נאָר מיט דער צייט געוואָהן איך זיך צו צו די אַקראָבאַטישע קונצען, וואָס איך פיהל און וויים שטענדיג. אַז איך געה אויף אַ שטריקעלע.





און איך האָב זיך אויסגעלערענט רעדען אַלעס מיט'ן מויל, ניט פאַרשטייענדיג דעם תוך (אינהאַלט). איך האָב געוואוסט פיעל דינים, פון קרן, פון צרורות, ווי [illegible] דער דין אַז אַ נ-אָכם שטויסט דער קוה און מען געפינט דעם עובר ביי זייט [illegible] ז. וו. איך האָב געוואוסט אויפ'ן נײַנטען יאָהר מיט פיעל וועגען קאָנן מען קויפען [illegible] נ-אשה, איך האָב געוואוסט... נאָר טענה'ן דערפון ביים רב טאָר מען ניט, ער קאָנן פרעגען „אָטו מכרבתי חביתי ליה", וואָס איז „הטיה" וואָס איז „מופת עץ", איך האָב געוואוסט אַז אַ שפחה קאָנן מען אויך קונה זיין מיט'ם „דריטטען וועג" כיון דהגבהה הוא לאדונה און אויף מיין פראַגע: „ווי אַזוי? וואָס פאַר הגבהה איז דאָ? האָב איך געהאַט אַ קלאָרע תשובה: „אַז איך וועל אויסוואַכסען וועל איך וויסען"...

פון דעם אַלעם האָב איך גוט געוואוסט אַז מען דאַרף נאָר ביידען און וואָס ס'געהער צום פאַרשטעהן איז אַ שפּעטיגערע מעשה...

לירא, 1889. י. נוידא.
~~~~~~~~

# די צוויי בהמות *)

## אין שלאכטהויז

(דרייצעהן זילבען)

**א בילד פון יודישען לעבען אין דער שווייץ.**

צוויי בהמות וואס ג'הערין א פרידריך און א יידען
האט מען צופאללינ אין באיינע געבראכט אין איין צייט.
נאר בהמות — ווייסט מען — קענען ניט לעבען צופרידען
איז צווישען זיי אויסגעבראכען א שרעקליכע שטרייט.

„איך — זאגט די יידישע — קען שטאלץ זיין אויף מיין משפחה
„מ'וועט מאכען איבער מיר מיט כוונה א ברכה
„אויף מיין האלדז וועט זיך לייגען א חלף א גלאטער
„וועל שטארבען ווי די ברידער אהן יסורים אהן מאטער...
„אבער דיין בהמת קאפ וועט שפאלטען א דובינע
„ווי א פפערד, ווי א הונד, ווי א פראסטע סקאטינע!..

„— האסט נאך מוטה צו רעדין? ענטפערט דעם פרידריכס בהמה
מיט כעס, מיט רציחה, און בריקעט אזש מיט די פיס...
„אויף דיין טויט א קוק טאן נעמט דאך אן פראסט א אימה
וועהרענד מיין טויט איז נאטירליך, אויך פרידליך און זיס.
איין קלאפ און פערטיג! איך האב קיין צייט צו בעטראכטען
ווי יענער שארפט דאס מעסער מיך לאנגזאם צו שלאכטען...

*) דאס געדיכט וואס האט זוכה געווען איבערזעצט צו ווערין אין 4 לעבעדיגע שפר[illegible]
איז אויך ווארטליך טריי און מייסטערהאפט איבערזעצט געווארין פון מ. מ. דאליצקי [illegible]
וואהנט יעצט אין נוי-יארק (אין אמעריקא) און איז אויך אין נוי-יארק אין „העברי" לויט [illegible]
„איש יהודי" (אוים פעטערבורג) האט אונז איבערגעגעבען, געדרוקט געוועזען מיט [illegible]
דאליצקעס אונטערשריפט אלס וואלט עס געוועזען זיין אייגענטהום, און מיין נאמען [illegible]
דער ביי גאר נישט דער מאנט געווארין; ע"ב בעטין מיר ה' דאליצקי (וואס מיר [illegible]
מיט זיין אדרעססא), ער זאל אזוי גוט זיין און אונז אפפענטליך דאס ערקלערין.



אהן קונצען, ווי איך שטעה, אזוי פאל איך א נידע.
(הלוואי ג'זאגט געווארען אויף אללע מיינע ברידער!)
אבער דוא — מאכסט ניט אהן קונצען, צו דיינע אויגען
אין א יידיש הויז, ווי ס'וויזט אוים, ביזטו ערצויגען!

* * *

ווי די בהמות שטייען קריגען זיך מיט איינאנדער
ווער ס'איז די גליקליכע, דער תקיף פון זיי ביידען
זענין אריין אין באיינע יאנקעל, אלכסנדר,
ביידענס שוחטים, און האבען אנגעהויבען ריידען:
„— איר קריגט זיך אומזיסט איבער כבוד איבער זיטטע
„זייט איר נאר בהמות... מוזט איר זיין גרייט צו דער שחיטה
„די פראגע איז נאר ווי מען קוילעט צו פיין, צו גראב?
„אבער דער צוועק איז דער זעלבער... מ'נעמט אראפ דעם קאפ!"...

* * *

צו די בהמות דארפט איר ניט גלייבען דייטשע יידען
וואס ווערין אויך זייער אפט געקוילעט פערשידען.
דא הרגת זיי יעדער יעזואיט אהן סמיכה איין יעדער
דארט קוילעט מען מיט א חלף לייכט וויא א פעדער
מיט שארפע בראשורען, אנטיסימיטען ליגען
שניידט מען זיי אראפ דעם קאפ, זייא פאלען וויא פליגען
דער צוועק איז דער זעלבער, ס'קומט ניט צו, עס קומט נאר אפ
צו מיט דאס צו מיט יענטץ, אבי מ'האקט אראפ דעם קאפ!...

**חאשקע דיא ווילנערקע**



## דער צווייגעל פון פאלעסטינא (ארץ ישראל)

---

דען צווייגעל האב איך פון פאלאסטינא מיטגעבראכט,
מיט גרויסע צרות עניים אונד ליידען,
האב איהם געהיט בייא טאג און בייא נאכט
איך ערציילע עס איצט אייך אין פריידען.
דער אראמאט פון דעם צווייגעלע האט מיר ערפרישט:
ער האט מיר געטרייסט, דיא טרערען אבגעווישט.

~~~

אויסער דעם צווייגעלע וואס איז אונז געבליעבען!
פון דיא אלטע זאכען געווארען ליידער אהל,
חאטשע עס איז אללעס געווארען געשריעבען,
אבער דער קערן איז צעריבען וויא מעהל.
דעם צווייגעלע מוזען מיר היטען ער זאלל ניט פערדארען.
איהם ניט פערקויפען איהם ניט פערנארען

~~~

ניט אין אללע גארטנער וואקסט זעלבע צווייגען,
זיין ארט איזט נאר דארט אין די היילינגע לאנד,
מען מוז איהם ניט קראצען און ניט בייגען
וועט ער אימער זיין אין בעסטען שטאנד.
פאס איהם אויף! וועט דאס זיין דיא פעולה
ער וועט אימער זיין פיין ניט ווערען מכולה.

~~~

מיינער איין פריינד האט זא אצווייגעלע מיט נעבראכט
פון פאלאסטינא געפירט זעקס מאנאטען,
האט זיך דאמיט געשפילט דאביי געלאכט,
דער צווייגעלע האט זיך אויפען זון געבראטען.

— 151 —

ער האט געוואלט עס פערבעססערען געגעבען אהובעל,
האט ער עס פערדארבען פארקויפט פאר איינינע רובעל.

~~~

אונד איך בין געזונגען אויף איין אנדער אופן
איך וועל איהם תמיד היטען אויפפאסען
און פיר קיינעס געלד איהם פערקויפען
מיינע קינדער ווער איך עס נאך נאכלאססען.
מען מאכט ניט קיין מסחרים מיט זעלכע זאכען
האסט דו עס האלט זיך מאן בעקומט עס ניט סכען

ה' יאנאטהאנזאהן

ווארשא

---

## חבת ציון

---

עס וואכסט א בוים אין מארגענלאנד
פאר טויזענד מיילען ווייט
אצווייטער וואקסט אין צפון זייט
אין שטיללער איינזאמקייט...

---

זיי שטעהען ווייט זיי האבען זיך
נאך קיינמאל ניט בעריהרט,
זיי הערען ניט, זיי ווייסען ניט
וואס איטליכען פאססירט...

---

דאך ווען דער פרילינגס-ווינד קומט אן
מיט שטראהלען און מיט רופט

דאנן טראגען זיך פון בוים צו בוים
גריססען אין דער לופט...

---

דאנן בליהט דער בוים אין מארגענלאנד
און פיהלט דעם שטארקען באנד
וואס בינדעט איהם צו דעם צווייטען בוים
וואס וואקסט אין נארדענלאנד...

- - - - - - - - - - - - -

פון ציון אויך
טראגט זיך אהויך
מע זעהט מע הערט עס קוים
און גריסט און קוסט
אין יעדע ברוסט
אריין אנאלדענעם טרוים...

---

און הערצער פיל
וואס זענען שטילל
געוועזען גאר אצייט.
זייא לעבען אויף
זייא בליהען אויף
עס ציהט זייא דארטען ווייט...

---

ער לעבט און בליהט דער קראנקער יוד
אוואו ער איזט צושפרייט,
עס האלט עס פעסט, צום אלטען נעסט
אנאונזיכטבארע קייט
געפלאכטען פון ערינערונג
געדרייט פון שמערץ און פרייד.

יהואש

---



*
*

פארשפרייט האט דער הימעל זיין
לויטער געצעלט.
דיא פעלדער דעם גרינעם קאוויאר,
פארבינג, קאלירט, זעהר שאהן איז די
וועלט,
דיא פייגעליך זינגען אקאהר.

אללעס איז פריש, מונטער און פרעהליך
צווישען דיא בערגליךביים שליאך,
רוהיג און שטילל פליסט דארט פאמעליך
וויא א זילבערין שנירעל דער טייך

מיט זאפטיגע פרות אנגעזעצט פילל
מיט געלאדענע צווייגען ארום,
הוידען די בוימער לאנגזאם זיך שטילל,
און שפיגלען אין וואססער זיך אפ.
עס שמעקען וויא בשמים גארטנער און
טאהלען,
מיט גרינעם איז אללעס בעצויגען,
אין גאנצען דאס לאנדשאפט געטליך
געמאהלען,
עס מעהעט, עס שיינט אין דיא אויגען!
און עס גלוסט זעך און ציהט מיך אהין
נור ארויף,
אויף דיא פערנאלדעטע בערג זיך צו
הייבען,
צו די טאהלען די ברייטע גאר אהן א סוף,
צו די פעלדער די פרייע נור שוועבען.

און דארטען וויא אללעס שטילל איז און
קלאהר
וויא מ'הערט ניט קיין קרעכין פון קיין
יודען...
איינער אלליין בא דער גרויסער נאטור
נור שלאפען אין שוים זיך צופריעדען.

ווייטער פון מענשען פון שלעכטע אוועק
פון צרות, פון לייד, און פון טרעהרען,
פליהען און פליהען גאר אהן איין עק,
צוריק זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען!

נור וויא קען איך וויא טאר איך לויפען און
פליהען
זיך ראטטען אלליין אין געדרודער,
לאזען אין צרות זיך קוועלען און מיהען
ביים שונא דעם עלענדען ברודער?

עפיס שרייעט מיר א קול אין אויער און
רופט
מיך אהין וואו ס'איז ביטטער, און שלעכט.
אהין וואו דאס בלוט טייכענווייס טריפט.
וואו עס קרעכצט דער איביגער קנעכט!

און איך זעה ווי דער הימעל שרעקליך
איז רויט,
און נאס איז פון טרעהרען דאס פעלד...
גיין! דא מוז איך בלייבען איהם ראטטען
פון טוידט,
אדער שטארבען מיט איהם ווי א העלד!

פלטיאל זאמאשטשין

# היינט וועלטיגע חתן כלה

(ערצעהלונג)

— איך בעט אייך, גיטעל מאכט מיר דאס קלייד ווי בעסער, האט געזאגט, לאבענדיג די יונגע כלה, וואס איז געשטאנען געגען שפּיעגעל און האט גערוישט מיט דעם זיידען קלייד.

— זייט רוהיג, פרייליין נאדיא, איך וועל שוין אללע מיינע כוחות ווענדען, אז אייער חופּה קלייד זאל זיין וואס שענער. זאגט מיר, איך בעט אייך, מאכען דאס יאקעל שמאלער, צו איבער לאזען עס אזוי ווי אצינד?

— ניין, לאז זיין אזוי! אך, ווי שאן שלעפּט זיך דער שלייף האט געזאגט נאדיא, קוקענדיג אין שפּיעגעל אויף איהר שאנע פיגור.

— א, ווי גליקלעך איך בין — האט זי אויסגעשריען א ביסעל שפּעטער און האט זיך אויסגעדרעהט איבער דעם צימער.

— איהר זענט קיינמאהל אזוי ניט גליקליך געווען? האט נאדיא געפרעגט די מאדריסטקע.

די מאדריסטקע איז שטארק רויט געווארען, איהרע אויגען און באקען האבען אנגעהויבען ברענגען, זי האט אראב געלאזט דעם קאפּ, אז נאדיא זאל ניט בעמערקען וואס עס קומט פאר ביי איהר אין הארצען.

— ניין... געווען... האט זי ארויסגערעדט מיט א זיפץ.

— האט איהר געהאט שוין א חתן?... דערצעהלט, ליעבע גיטעל, האט נאדיא בייגיריג געפרעגט.

די מאדריסטקע האט א שטארקען זיפץ געטוהן און האט אנגעהויבען דערצעהלען

— ער, האט זיך מיר אויסגעוויזען, איז געווען א פיינער יונגער מאן און איך האב מיך אין איהם שטארק פארליעבט.

— איך בין געווען א נאריש אונוויסענדע מיידעל, א עלענדע יתומה און ער איז געווען צו מיר אזוי גוט. איך האב איהם געגלויבט, אז ער האט מיך ליעב, אבער אין גיכען האט ער מיך געווארפען... האט זיך אויסגעלאכט פון מיר... די ערשטע צייט בין איך שיער פון זינען אראב, פיעל, פיעל מאהל בין איך געווען גרייט זיך דאס לעבען נעמען, נור דער שכל האט גובר געווען און האט מיך ניט צו געלאזט איך זאל מיר דאס לעבען נעמען, איבער אזא נידעריגען מענשען.

— אך, גיטעל, דאס איז שרעקלעך! נור איהר האט דאך געוואוסט אז ער וועט מיט אייך ניט חתונה האבען?

איבער גיטעלס פּנים איז דורך געלאפען א שווארצע חמארע;

— ניין, האט גיטעל געזאגט, ווען איך וואלט וויסען וואלט איך מיך ניט צונויף קומען מיט אזא מענשען.

די באקען האבען איהר געפלאמט, די ליפּען געציטערט.

— ער האט מיך אוועק געווארפען, ווי שטענדיג טוהן די „היינט וועלטיגע יונגע לייט" מיט אזוינע מאדלעך ווי איך בין.

— ארימע, ארימע גיטעל! נור איהר זענט נאך יונג, איהר קענט נאך זיין גליקליך!

— ניין, האט פארביטערט די מאדריסטקע געענטפערט, איך האב געגעבען א שבועה מעהר קיינעם ניט צו גלויבען, אללע מאננער נארען אב.

— פארט ניט אללע!.. האט נאדיא מיט פערגניגען גערעדט, אט חאטש נעמט מיין חתן, ער וועט מיך אויף געוויס ניט אבנארען, ער איז אזא גוטער, איהר האט איהם געזעהן?

— ניין!

אין דער מינוט האט זיך געעפינט די טהיר און א יונגער מענש איז אריין.

— אט איז ער! האט נאדיא פרייליך ארויסגעשריען.

גיטעל איז שטארק בלאס געווארען און קוים געבליבען שטעהן אויף די פיס „דאס איז ער... מיינער... יעקב!.." האט זי גערעדט.

נאדיא האט ערשראקען געקוקט אויפ'ן חתן און אויף גיטלען, דער יונגער מענש איז מיט א שמייכעל אריין אין צווייטען צימער, נאדיא איז איהם נאך געגאנגען, ער האט זי ארומגענומען און א קוש געגעבען, זי האט איהם אבגעשטופּט.

— הער, האט זי ארויסגערעדט, דו ביזט אמאהל געווען א חתן פון דער מאדריסטקע.

— א חתן?! חא, חא, חא! האט ער זיך צו לאכט, ווי הייסט א חתן!..

— זי האט מיר ערשט דערצעהלט...

— ע, ליאבעניא, ווי קלעהרסט דו?.. איך האב מאקע געוואלט חתונה האבען מיט איהר? און ועמען וואלט אנגעקומען מיין טהייערע נאדינקע?.. ער האט זי ארום גענומען, זי האט איהם שוין ניט אבגעשטופּט.

— מיט דער חברה האט מען ניט חתונה!.. האט ער ווייטער גערעדט און ציניש געלאכט... נאר נישט... שטיפען... נאריש מאכען זיך... אין ליעבעניש שפּיעלען... זאל זי מייגען... צום טייפעל!.. געלד האט זי מיך א סך געקאסט...

---

אין א פּאר בויגן ארום איז געווען ביי נאדיאן די חופּה אין דער גרויסער קאר שוהל מיט גרויס פּאראד, נעבען טהיר האבען זיי זיך בעגעגענט מיט גיטעלס פערוויינטע אויגען, נור זיי זענען אריבער געגאנגען ווי ניט בעמערקט, און דער שמייכעל האט

זיך ניט געביטען. ביי דער כלה איז גראד דורך געפלויגען א געדאנק: „וואס פאר א נארריש מיידיל! האט זי געטראכט, געקומען ווייגען א העער"...

קיינער האט ניט בעמערקט גיטלען מיט איהרע פארוויינטע אויגען, און וועמעס דארף גאר אינטערעסירען א ארום אומגליקליך מיידעל, א גייטארען — א מאדיסטקע?

שׂרה פאמיליאנט.

## די זונן און דער ווינד.

בארימט האט אמאל זיך דער ווינד פאר'ן זונן:
איך מאג קענען דיר זיך גרוים האלטען;
יא אמת דו שיינסט: פון דער יודישער פאלק
האסטו זיך דאך אבער בעהאלטען...
פון מיר אבער זענען זיי אללע צופריעדען,
דען סלעבען פון מיר נאר, דאס גאנצע פאלק יודען...

אברהם רייזען.

* * *

יודען ווילען געבעך עסען
ס'איז פערפינסטערט זייער צורה
און די יודישע משכילים
נאר כבען וועגען „שפת ברורה" —
יודען ווילען נעבעך עסען
זייער פנים איז שווארץ השך,
און עס טראכטען די רבנים
וואס צו אסען אויף פסח...

אברהם רייזען.

---



## ביילאגע צום „הויזפריינד" דריטטעס בוך

# סטאנציע מאזעפעווקא!

(פעליעטאן)

— סטאנציע מאזעפעווקא, 40 מינוט!...

אזוי האט אויסגערופען דער קאנדוקטאר און פונ'ם מאזעפעווקער וואקזאל האבען זיך א שאט געטאן יודליך, ווייבליך און מיידליך — בעקאנטע פארשוינען — מיט אלערליי פנימער: צווישען זיי יודען צעטראגענע, ווייבער מעוברתע, מאמזעלען געבילדעטע, מיט העגטשקעליך, זאנטיקליך, פייערדיגע אייגעליך, און יונגעלייטליך פערשידענע: יונגעלייטליך מיט שטעקעליך, וואס זיצען אויף קעסט, און אזעלכע וואס גישטערן, זוכען געשעפט, און אזעלכע, וואס געבען געלד אויף פראצענט, און אזעלכע וואס נאוער איז זייער געוועהר — יודישע נאוער! — און אזעלכע וואס לייענען ביכליך און צייטונג, מאכען אסיפות, שרייבען אין „מליץ" אריין, פיינע יונגע לייט. אויך שאנע יודען, יודען מיט בארד, בעלי בתים געזעצטע, די פיהרער פון שטאדט, און אויך געפאלענע, שוין לאנג פערגעסענע, הושענא'ס אהן בלעטליך, פאראיאהריגע לוחות, געוועזענע מיוחסים, פארצייטיגע נגידים, איבעריגע נפשות, וואס דרעהען זיך, פלאנטען זיך און טאנצען אין קאהן... איך בין נור ארויס פונ'ם וואגאהן, איז געווארען פרייהליך ארום מיר; חברה האבען מיך בעפאלען, פערווארפען מיט שאלות:

— עליכם שלום, רב שלום עליכם, א גאסט, א גאסט! וואס זשע מאכט איהר? וואס מאכען אייערע ווייב און קינדערליך? וואס הארכט זיך עפיס ניים? פון וואנען פאהרט איהר און ווי קומט איהר אהער? און וואס עפיס מיט'ן „הויזפריינד", מיט ספעקטאר'ן גאר? שוין זיך איבערגעבעטען? און ווער וועמען פריהער: ער אייך צו איהר איהם? און וואס הארכט זיך עפיס מיט דער „ביבליאטעקע"? וואס הערט זיך, ווען וועט זי זיין? צו אפשר איז ביי אייך שותפות? און וויא אזוי וועט זיין היינט? און —

* * *

— ששששא, שאט, רבותים! לאזט זיך דינען איינציגווייז, איך בין דאך נישט אומשטאנד צו ענטפערען איטליכען מיט אמאל. אביסעלע געדולד — וועל איך אייך אלע בעפרידיגען, אי"ה אלעס פערענטווערען ארום און ארום. וואס איך מאך — אויף אלע אייערע שונאים געזאגט געווארען; עס קאן נאך בעסער זיין, ערגער האט קיין

שיעור. פון וואַנען איך פאָהר? — פון חמעלניצק, רבותים, פונ'ם גרויסען יריד, אָך איז מיר... בנגו אַ יריד, קיין רעכטער יוד זאָל איהם ניט קענען! ס'איז אַ טומעל, מע יאָגט, מע לויפט, מע ברעכט זיך רוק און לענד; היינט דער, מאָרגען יענער; דער פאַלט, יענער שטעהט אויף. — יודען פלוטעווען, דרעהען די וועלט! לייט געהען פערביי, שטעלען זיך אַוועק, בעטראַכטען פון דער ווייטען דעם געפילדער, שאָקלען מיט די קאָפּ, ווי איינער רעדט: „אַט וועמען עס לעבט זיך אויף דער וועלט! אַט ווער עס שאַרט געלד! אַט וואוהין אונזער גאַנץ דאַברע מזל קומט אַהין!..." אויך מיר אַ לעבען משטיינסגעזאָגט; ווער ס'איז זייא מקנא, מעג קיין בעסערס נישט האָבען! נאָר ווער איז שולדיג, ווען נישט יודען אַליין? „פולדערט ניט! טראַסקעט ניט אַזוי! — שריי איך, — אין גאָטעס ווילען, לאָז מיט אייך ניט זיין פול די וועלט! האָב אייך אַכציג גוטע יאָהר, איהר רייסט דאָך די אויגען מיט אייער קנאַקען וואָס איהר קנאַקט און מיט אייער אויפפיהרען זיך און מיט אַלע אייערע גאַנג!..." נאָר געה טענה מיט אַ יודען. אַ יוד, אַז ער דערטאַפּט אַ קערבעל, פערלעבט ער צוויי; און אַז ער פערדינט צוויי, ברענגט ער אוים דריי; און אַז ער חאַפּט שוין אַלע דריי, שרייט ער דרייסיג, טהוט אָן דאָס פּיזשמענע טולעפּעל, ציהט אַרויף אויף זיך און אויפ'ן ווייב דעם רוח און בלאָזט פון זיך: תרבית! דרך ארץ! עפּעס אַ ווערטעלע רב-האצעלע?! רב-האצעלע איז היינט אין די פעדערען, גאָר בגילופין; רב האצעלע קנאַקט, רב האצעלע פייפט, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז... ער פייפט אָן, פערקויפט דאָס פּיזשמענע טולעפּעל, נעמט דאָס שטעקעלע אין דער האַנד און געהט אַרום אויפ'ן יריד. און אויפ'ן יריד קנאַקט שוין איין אַנדערער. איין אַנדערער טראָגט שוין רב-האצעלעס פּיזשמענע טולעפּעל און טראַסקעט און פייפט.

„פייף, פייף! — קלעהרט זיך האצעלע — היינט איז דיינע זיבען יאָהר; פייף, פייף, וועסט אויך אָנפייפען אם ירצה השם מיט גאָטעס הילף!..." און אַזוי געהט דאָס ביי אונז פון דור צו דור: יודען טראַסקען, יודען קנאַקען, יודען פייפען... און לייט געהען פערביי, שטעלען זיך אָפּ, בעטראַכטען פון דער ווייטעי דעם געפילדער, שאָקלען מיט די קאָפּ, ווי איינער רעדט: „אַט וועמען עס לעבט זיך אויף דער וועלט! אַט ווער עס שאַרט געלד! אַט וואוהין אונזער גאַנצע דאַברע מזל קומט אַהין!...

* * *

איהר פרעגט דאָך מיך, וויא קום איך אַהער? — מיט'ן אייזענבאַהן, ענטווער איך אייך, מיט'ן אייזענבאַהן. איך האָב דערהערט אַז עס געהט אַהער די אייזענבאַהן, און מאַזעפּעווקא איז צו מזל אַ „סטאַנציע" האָט זיך מיר פערוואָלט אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך דאָ ביי אייך? וואָס מאַכען מיינע ברידער? ווי געהט עס אייך אַצונד, און ווי אַזוי פיהרט איהר זיך אויף בזמן הזה? אַ ווערטעלע אויסצורעדען — אַ שטאָדט מיט איין אייזענבאַהן? פרנסה האָט איהר דאָך מהסתם מיט'ן פולען מויל,



שמועסט מען ניט, און די מנהגים ביי אייך אַצונד, געוועהנטליך, און נישט די וואָס אַמאָל? אוים אינטריגעס, אוים פּעטש אין בית המדרש, אוים נצחון פאַר גבאות, פאַר עליות? אוים קאָנקורענציע, אוים רדיפות און מסירות, דאַנאָסען, פע? און די בעלי טובות, שטאָדטפערזאָרגער, רעדעלפיהרערס, קאָבלעפלען, ליידיגגעהערס, פּוסטעפּאַסניקעס, חאַדאַטאַיעס און כלבוניקעס? נישטאָ זיי שוין די שאָנע לייט?... נאָר עפּעס שווייגט איהר מיר צו, איך האָב מורא, עפּים שמאָרעט איהר מיט די נאָז, הא? איך קען אייך, ברידער, אוי קען איך אייך! איך זעה, עס קוועטשט אייך עפּים אינווייניג, אַ ביין אין האַלז, נישט אַראָפּצושלינגען, נישט אַרויסצושפּייען, ווי זאָגט מען, שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פּנים... נו — נו, איך שווייג, איך שווייג, חאַטאַ פּאַקרישקע, איך שווייג!...

* * *

איהר פרעגט: וואָס עפּים מיט'ן „הויזפריינד" גאָר, מיט ספּעקטאָרען? ענטווער איך אייך: פאַר וואָס רעדען ניט? פאַר וואָס ניט מיט'ן „הויזפריינד"? פאַר וואָס ניט מיט ספּעקטאָרען? איך פערשטעה אייך, ברידער: בראש איז ביי אייך אַלסדינג אַ קאָנקורענציע, אַ לויפעניש איינער איבער'ן אַנדערען, אַ חאַפּעניש פון די האַנט, אַ רייסעניש פונ'ם מויל, — עס חלומט זיך אייך אומעדום קאָנקורענציע! צוויי יודישע רעדאַקטאָרען, אַרויסגעבער, זענען ביי אייך צוויי קרעמער, און צוויי יודישע זשורנאַלען זענען ביי אייך צוויי קלייטליך, שרייבען הייסט ביי אייך אַ געשעפט און דיא ליטעראַטור איז ביי אייך אַ פרנסה. אָך און וועה איז צו דער יודישער ליטעראַטור, דער פרנסה, און וואונד און וועה איז צום יודישען ליטעראַטאָר, וואָס איז זיך מפרנס מיט דער פּען, ציהט פון איהר, ווי דער ליטוואַק דריקט זיך אוים, דאָס שטיקעלע חיונה! ביי לייטען אַ שרייבער לעבט אָפּ זיין וועלט, נוויסט קיין אַנדער מלאָכה, חוץ דאָס שרייבען, האָט כבוד ביי זיין לעבען און נאָך זיין טוידט, און אַז ער איז אַ רעכטער שרייבער, פערדינט ער זיך אי אַ נאָמען, אי געלד, אי אַ מאָנומענט, און אַלע זענען איהם מקנא, יעדער וואָשט זיך זיין אויף זיין אָרט; און ביי אונז, משטיינסגעזאָגט, אַ מחבר איז נישט קליין, נישקשה, צו געהן איבער די הייזער, אַבי ער קאָן, כל זמן די פּים דינען איהם... און אויף דער עלטער, אַז ער בלייבט אָהן כח, זעהען שוין אַנדערע מע זאָל איהם מאַכען אַ נדבה; מע רופט דאַמאָלס אוים אין אַלע שולען, אַז דער און דער שרייבער שטאַרבט פון הונגער!... וואָס זשע איז דאָס חדוש אַז ביי אונז אַ שרייבער שעמט זיך מיט זיין מלאָכה צווישען לייטען? דערפאַר זענען מיינסטענטהייל אונזערע מחברים, אָדער סוחרים, אָדער מלמדים, וואָס געבען זיך אָפּ מיט דער ליטעראַטור נור צווישען טאָג און נאַכט — מיט איינעם וואָרט אַ יודישער שרייבער — דאָס איז:

אַ מנחם מענדיל,
וואָס פערנעמט זיך מיט הענדעל,

אִין וָואס גֶעהט דֶענן דָארְט בַּיי אַייךְ, וָואס אִיהר צִיהְט אוּנְז אַזוֹי לַאנְג (שׁוֹין קְרַיג צוּ דְרַייא יָאהר) בַּיי דֶער נְשָׁמָה? אֶפְשַׁר אִין „יֶענֶער מַעֲשֶׂה"? אֶפְשַׁר פֶעהלְט אַייךְ דִי מַמְתַּקִים? אִי פֶּע, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם לֶעבֶּען, וֶוער שְׁמוּסְט פוּן גֶעלְד? גֶעלְד שְׁפִּילְט דֶען אוֹיךְ עֶפִּים אַ רָאלֶיע בַּיי אוּנְז? הוּנְדֶערְט, צוּ טוֹיזֶנְד, צוּ צְוֵויי טוֹיזֶנְד? וָואס פַאר אַ וֶוערְטְה אַ שְׁטֵייגֶער הָאט בַּיי אוּנְז, אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶא, פְּרֶעגֶען מִיר אַייךְ, טוֹיזֶנְד צוּ צְוֵויי טוֹיזֶנְד? אָט אִיז בַּיי אוּנְז יֶענֶע וָואךְ גֶעוֶוען אַיין אֲסִיפָה מִכֹּחַ צֶעדֶערְבּוֹים'ן עָלָיו הַשָּׁלוֹם, וִוי אַזוֹי מֶ'עֶן זָאל זַיין נָאמֶען בֶּעוָואהרֶענֶען אוֹיף אֵייבִּיג אוּנ אֵייבִּיג, הָאט אֵיינֶער פִירְגֶעלֶעגְט מֶען זָאל בַּאלְד מַאכֶען גַבָּאִים מִיט „טְשְׁלֶענִים", וָואס זָאלֶען צוּנוֹיפְנֶעמֶען לְכָל הַפָּחוֹת דְרַיי טוֹיזֶנְד קֶערְבְּלֶעךְ אוֹיף אַ סְטִיפֶּענְדִיֶע, דֶער אַנְדֶערֶער הָאט פִירְגֶעגֶעבֶּען, מֶען זָאל מַאכֶען גֶעלְד אוּנ קוֹיפֶען אַ נַייֶע קָאלָאנְיֶע אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מִיט דֶעם נָאמֶען א"ר"ז. דֶער דְרִיטֶער אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֶׁאנֶערֶער הַמְצָאָה: מֶען זָאל טַאקִי דָא אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶא אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ יוּדִישֶׁען זְשׁוּרְנַאל מִיט דֶעם נָאמֶען „צֶעדֶערְבּוֹים", דֶעם זְשׁוּרְנַאל זָאל מֶען טְהֵיילֶען אוּמְזִיסְט אוּנ דָאס גֶעלְד זָאל גֶעהן אוֹיף אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל... אוּנ נָאךְ אֵיינֶער הָאט גֶעדְרוּנְגֶען טַאקִי נָאךְ אַמָאל דָאס אֵייגֶענֶע ווִידֶער צוּרִיק, אַז אַ זְשׁוּרְנַאל טוֹיג נִיט, בֶּעסֶער אַ בְּלַאט. אוּנ נָאךְ אֵיינֶער הָאט גֶעזָאגְט, אַז...

* * *

— גֶענוּג, בְּרִידֶערְלִיךְ, גֶענוּג! עֶס אִיז כְּלֶעבֶּען שׁוֹין נִישְׁט אוֹיסְצוּהַאלְטֶען פוּן אַייךְ! דִי צַייט שְׁטֶעהט נִיט, דִי 40 מִינוּט זֶענֶען אַוֶועק מֶען קְלִינְגְט שׁוֹין, מֶען דַארְף פָאהרֶען וַוייטֶער. זַייט גֶעזוּנְד אוּנ גְלִיקְלִיךְ, גֶעבּ גָאט צוּ הָארְכֶען אֵיינְס פוּנ'ם אַנְדֶערֶען בְּשׂוּרוֹת טוֹבוֹת. הָאט קֵיין פַּארְאִיבֶּעל נִישְׁט, וָואס כְּהָאבּ אַייךְ דָא גֶעזָאגְט אַבִּיסֶעל דֶעם אֱמֶת, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אָט בַּאלְד אִין דֶער „פָאלְקְסבִּיבְּלָיאטְהֶעק וֶועלֶען מִיר אִיבֶּערְשְׁמִיסֶען מִכֹּחַ אַלְסְדִינְג בַּאֲרִיכוּת, גֶעבּ גָאט מִיט פְרֵייהְלִיכֶע הֶארְצֶער אִין גִיכֶע צַייטֶען אָמֵן!

קִיעוו, 1 דעצעמבר 1893.

שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם

*P. S.* שַׁאט, רַבּוֹתִים, עִיקָר שָׁכַחְתִּי! אִיהר פְרֶעגְט דָאךְ מִיךְ אוֹיף מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, וָואס זַיי מַאכֶען אוּנ וָואס הָארְכְט זִיךְ מִיט זַיי? — זַיי זֶענֶען אַלֶע בָּרוּךְ הַשֵּׁם אִין בֶּעסְטֶען גֶעזוּנְד, גֶעבּ גָאט דָאס נֶעמְלִיכֶע נִיט עֶרְגֶער פוּן אַייךְ צוּ הֶערֶען, אוּנ וַוייטֶער וָואס זָאל זִיךְ מִיט זַיי הָארְכֶען? מַיין עֶלְטֶערֶע טָאכְטֶער אִיז אַוַודַאי זֶעהר אַ גֶערָאטְהֶען קִינְד, נָאר פוּן אַ שִׁדּוּךְ מִיט אִיהר בִּין אִיךְ נָאךְ גַאנְץ וַוייט, אי"ה אַז עֶס וֶועט קוּמֶען דִי צַייט, וֶועט מֶען אַייךְ גֶעוֶועהנְטְלִיךְ אַ יְדִיעָה גֶעבֶּען... אוּנ מִיט מַיין וַוייבּ זָאל לֶעבֶּען קֶעהרְט אִיהר זִיךְ אַוַודַאי גָאר נִישְׁט אָן, חָאטְשׁ אֲפִילוּ דֶער מִנְהָג פוּן יוּדִישֶׁע מְחַבְּרִים אִיז נִישְׁט אַזוֹי; נָאר גָארְנִישְׁט, אִיךְ פֶערְהָאף, אַז אִיהר וֶועט דָאס מִיר מוֹחֵל זַיין אוּנ וֶועט צוּ מִיר קֵיין טַעֲנוֹת דֶערְפַאר נִיט הָאבֶּען... גְרִיכְט אִיטְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער גָאר פְרַיינְדְלִיךְ!

מִמֶּנִּי שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם.



אוּנ אַז עֶס זֶעהְט נִיט דָאס ווַייבּ,
טְהוּט עֶר אַ שְׁרַייבּ...

(„קול מבשר 1892")

* * *

„שׁוֹין זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען? — פְרֶעגְט אִיהר — אוּנ אִיהר ווִילְט נָאךְ ווִיסֶען דָאס אוֹיךְ: וֶוער וֶועמֶען פְרִיהֶער? צוּ עֶר מִיךְ, צוּ אִיךְ אִיהם?" — יָא, בְּרִידֶער, אִיךְ וֵוייס, אִיהר זֶענְט זֶעהר — זֶעהר נַייגֶעהְרִיג! בַּיי אַייךְ אִיז דָאס דֶער גַאנְצֶער עִיקָר, דָאס אִיז בַּיי אַייךְ טְהֵייעֶרֶער פוּנ'ם גַאנְצֶען פֶעלִיעטָאן אוּנ אֲפִילוּ פוּנ'ם גַאנְצֶען „הוֹיזְפְרַיינְד" מִיט דֶער „בִּיבְּלָיאטִיקֶע" אִין אֵיינֶעם. אִינְטְרִיגֶעס — דָאס אִיז בַּיי אַייךְ דָאס חַיּוּת, פַייגֶען הֵייסְט בַּיי אַייךְ פָּאלֶעמִיקֶע, פֶּעטְשׁ הֵייסְט בַּיי אַייךְ קְרִיטִיקֶע, אוּנ אַז צְוֵויי יוּדִישֶׁע מְחַבְּרִים אַמְפֶּערֶען זִיךְ, קָאנֶען זִיךְ נִיט אוֹיסְגְלַייכֶען, שְׁטֶעהט אִיהר פוּן וַוייטֶענְס אוּנ קְוֶועלְט. אַז דֶער „מֵלִיץ" מִיט'ן „צְפִירָה" וֶוערְטְלֶען זִיךְ, קְלוֹיבְּט אִיהר נַחַת: „אוֹי, זָאגְט אִיהר, הָאט עֶר אִיהם אֵיינְגֶעטְהֵיילְט! אוֹי, זָאגְט אִיהר, הָאט עֶר אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען!". אַז אֵיינֶער טְרִיט אַרוֹיס מִיט אַ גְוַואלְד: פַּאלֶעסְטִינַא! אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער שְׁרַייט: אַרְגֶענְטִינַא! ווִילְט אִיהר דֶען אַרַיינְקְלֶעהרֶען אִין תּוֹךְ אַרַיין, לְמַאי זָאלֶען מִיר זִיךְ נַארֶען? נֵיין! אִיהר שְׁטֶעהט זִיךְ פוּן דֶער וַוייטֶענְס אוּנ זָאגְט: „אָ, גוּט, גוּט, אָט אַזוֹי, אָט דָאס הֵייסְט גֶערִיבֶּען אַ מָארְדֶע! אָט דָאס הֵייסְט פֶּעטְשׁ!". אַ סַךְ הָאט אִיהר אַרוֹיסְבֶּעווִיזֶען, אַז פַּאלֶעסְטִינַא אִיז בַּיי אַייךְ טְהֵייעֶרֶער פוּן אַרְגֶענְטִינַא? אַ סַךְ אִיז בַּיי אַייךְ אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶא הַיינְטִיגְס יָאהר אוֹיף יִשּׁוּב אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל? אִיךְ מֵיין גֶעלְד, נִישְׁט קֵיין וָוארְטֶער, נִישְׁט קֵיין לִידְלִיךְ; דָאס הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט אַ סַךְ; גֶעלְד מֵיין אִיךְ!!! נָאר אִיהר שְׁווַייגְט? שְׁווַייגְט זְשֶׁע טַאקֶע!

* * *

אוּנ „וָואס הָארְכְט זִיךְ עֶפֶּעס מִיט דֶער „בִּיבְּלָיאטֶעקֶע" ווִילְט אִיהר ווִיסֶען? וֶוען וֶועט זִי זַיין? אִיךְ זֶעה, אִיהר עֶקְט זִיךְ, מַמָּשׁ עֶס גֶעהְט אַייךְ אוֹיס דָאס חַיּוּת, אַ בִּיטֶערֶער רַחֲמָנוּת אוֹיף אַייךְ, כְּלֶעבֶּען! אִיךְ בֶּעקוּם דָאךְ פוּן אַייךְ בְּרִיוְולִיךְ אַלֶע טָאג, וואו אִיהר בֶּעט זִיךְ רַחֲמִים, ווִי בַּיי אַ גַזְלָן: „גְוַואלְד, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶמְנִיוּ, הַארְצֶענִיוּ, לִיוּבֶּענִיוּ: הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף אַייֶערֶע מַאזֶעפֶּעווְקֶער יוּדֶעלִיךְ אוּנ בַּאווִילִיגְט זַיי שׁוֹין אִין גִיכֶען מִיט אַייֶער לִיבֶּער טְהֵייעֶרֶער מַתָּנָה דִי „יוּדִישֶׁע פָאלְקְסבִּיבְּלָיאטְהֶעק", אוֹיף וֶועלְכֶע מִיר קוּקֶען שׁוֹין אַרוֹיס, ווִי אוֹיף מָשִׁיחַ'ן, אוּנ אָהן וֶועלְכֶער מִיר קָאנֶען זִיךְ נִיט בֶּעגֶעהן! צוּ וָואס טוֹיג אוּנְז דָאס לֶעבֶּען, אַז מִיר הָאבֶּען נָאךְ נִישְׁט דֶעם דְרִיטֶען טָאם פוּן אַייֶער „בִּיבְּלָיאטִיקֶע"? פַאר וָואס זָאלְט אִיהר זִיךְ נִישְׁט דֶערְבַּארֶעמֶען, עֶס שְׁטֶעהט פַאר אַייךְ קֵיין עַיִן הָרָע אַזַא עֵדָה יוּדֶען, וָואס צַאפְּלֶען, חַלוֹשֶׁען, טַאטֶענִיוּ, הַארְצֶעדִיגֶער, גֶעטְרַייֶער!

**P. S. P. S.** גם הנה זייט וויסען, אז אויסער די „פאלקסביבליאטהעק" האב איך ברעה ארויסצוגעבען פארן פאלק קליינע, גאנץ בילינע, מעשה ביכליך אין אונזער פאלקסשפראך, אויף דעם אופן ווי עס גיבען זיך ארויס די העברעאישע ביכליך אין ווארשא פון בן־אביגדור. „ווי אזוי וועלען זיי הייסען? צו מיינט איהר זיי ארויסגעבען אין איינעם מיט ספעקטארן, צו אליין? און ווען וועלען זיי ארויס? און ווער וועט דארט שרייבען? וויפיל וועט איהר צאהלען? און וואס וועלען זיי קאסטען?"... האט צייט רבותים קוועטשט מיך ניט, ווארט צו א ווייילעטשקע, — איהר וועט אלעס, אלעס וויסען!...

שלום עליכם

* * *

מען פרעגט מיך: ווארום ביזטו בלייך
ס'איז שרעקליך דיין געשטאלט,
דאס פנים אהן א טראפען בלוט
געקנייטשט ווי וואלסט זיין אלט?
דו ביזט פארליבט דען, און דו ווייסט
דיין ליעבע איז אומזיסט?
געפינסט דעריבער זיך קיין טרייסט
פאר וואס זי ליעבט דיר נישט?
א, ליבער פריינד! איך בין פערליעבט
אין... שווארצען פראסטען ברויט...
איך האב עס ליעב, איך זוך עס שטארק
און דאס איז פון מיר וויט...

אברהם רייזען.

# שמואל גרין דער ערשטע און שמואל גרין דער צווייטע.

(איינע אמעריקאנישע געשיכטע)

## ערשטעס קאפיטעל:

די אמעריקאנישע אייזענבאהנען לויפען פיעל שנעללער ווי די אייראפעאישע ודאריבער טרעפען זיך דארטען אויף די אייזענבאהנען מעהר אונגליקקען ווי אין איראפא. אבער שמואל גרין פון גרענד סטריט אין נוי־יארק האט אין א געוויסען פריה־מארגען אויס־געפונען, דאס דער לאקאמאטיוו ארבייט צו לאנגזאם און די רייזע געדויערט צו פיעל.

שוין מעהר ווי אכט מאנאט זענען פערגאנגען זייט ער האט נוי־יארק פערלאזען. עס איז איהם זייער שווער געוועזען פון זיין יונגע ווייב, פון די געליעבטע דזעני און זיינע צוויי קליינע קינדערלעך זיך צו שיידען, אבער אין אמעריקא שטעהט די ביזנעס (געשעפט) העכער פאר אללעס. די גאנצע אכט מאנאטען האט ער דורך־געקרייזט גאנץ אמעריקא אין דער לייננג און דער ברייט ביז דער גליקליכער טאג איז געקומען, אין וועלכען ער האט זיך שוין אויף דער אייזענבאהן גיקענט זעטצען, אום צו זיינע געליעבטע צוריק צו קעהרען.

ער איז געזעסען ביים אפענעם פענסטער פון וואגגאן. אבער זיין אונרוהיגער בליק האט קיין אינטערעס ניט געפונען אין די שאנע און ערהאבענע נאטור־סצענען, וועלכע עס זענען זיינע אויגען ווי די בילדער פון א שיינע פאנאראמא פאר־ביי־געפלויגען. זיינע געדאנקען זענען מיט גאנץ אנדערע בילדער בעשעפטיגט געוועזען. ער האט אין זיין פאנטאזיע געזעהן זיין יונגע און בילדשאנע דזעני אין איהר פראכט־פאלעם מארגענ־קלייד, ווי זי זיצט ביים פריהשטיק מיט זיינע צוויי קליינע קינדערליך, ווי זי שפיעלט זיך מיט זיי און דער־צעהיילט זיי, אז דער „פאפא" וועט באלד קומען און וועט זיי געוויס שאנע פראזענטער מיט בריינגען, ווענן זיי וועלען ארטיג זיין און ניט שטיפען, ווי געוועהנליך.

ענדליך איז דער צוג קיין נוי־יארק אנגעקומען. איינע און בעשרייבליכע פריידע האט זיין ברוסט ערפיללט. האסטיג האט ער זיין רייזע־זאק ערגריפפען, האט זיך אין איין קעב (דראשקע) אריינגעווארפען און דעם קוטשער געהייסען פאהרען נאך גרענד סטריט, ווא ער האט געוואהנט.

זיין הערץ האט איהם געוואלטיג געקלאפט אלס ער האט די גלאקע פון זיין הויז־טהיר געצויגען, אבער קיינער האט איהם ניט גיעפענט. פון אונגעדולד איבער־פילט האט

ער דעם נאכט-שליסעל פון זיין וועסטען-טאש ארויס גענומען, האט די גאסט-טהיר אויפגעעפענט אונ איז שנעלל אין דעם דונקעלען קארידאר פערשוואונדען געווארען.

אבער, וואס איז דאס? ער איז האסטיג אייניגע צימערען דורכגעגאנגען — קיין שפור פון לעבען. „דזעני! מיין ליעבע דזעני!" האט ער מיט ציטטערנדער שטימע איינמאהל אויסגערופען.

„קיינע אנטוואָרט", נאר דער וויעדער-האלל פון זיין אייגענע שטימע האט איהם אונהיימליך אין די לעערע צימערען צוריק געקלונגען.

וואס איז דאס? וואו איז זיין ליעבע דזעני? זיינע טהייערע קינדער?

איינע שרעקליכע אנגסט איז איהם איבער-געפאללען. נאך איינמאהל איז ער אללע צימערען דורכגעלויפען, מיט דער האפפנונג איין איינציגען לעבענס-צייכען פון זיינע געליעבטע צו געפינען, אבער מיט דעם-זעלביגען רעזולטאט. אללעס איז געוועזען אויף דעמזעלבען פלאטץ, ווי ער האט פאר זיין אב-רייזען איבער-געלאזען, די שיינע מאבעל, די טייערע ביכער-אונ קליידער-שראנקען, די גרויסע וועניציאנישע שפיגלען, די קינסטליכע אהלבילדער, די בראנזענע אוהר אונ די מארמארסטאטוען אויף דעם שטיינערנעם קאמין, נאר — זיין דזעני אונ זיינע ליעבע קינדער זענען פערשוואונדען. אויך די דיענערשאפט האט זיין הויז פערלאזען.

„דזעני! מיין ליעבע, זיססע דזעני! וואו ביסט דו? וואו זייט איהר מיינע טהייערע קינדערלעך?" האט ער אין זיין פערצווייפלונג אלע ווייל אויס-גערופען אונ איז ווי וואהנזיננינג פון איין צימער צום צווייטען אום געפלויגען.

פלוטצלונג איז זיין בליק געפאללען אויף איין פאקעט פאפיערען וואס איז אויף אקליינעם טיש געלעגען. הא! וואס איז דאס? אבריעף פון זיין ליעבע דזעני. נו ענדליך וועט ער שוין וויסען וואס מיט איהר איז! האסטיג האט ער דעם בריעף געעפענט, זיינע אויגען זענען אלס גרעסער אונ גרעסער אונ זיין געזיכט אלס בלייכער אונ בלייכער געווארען אלס ער האט דעם אינהאלט פון בריעף דורכגעלעזען. צעהן מאהל האט ער דעם בריעף דורכגעלעזען אונ עס האט געשיינט אז ער קען זיין אינהאלט ניט פערשטעהן.

דאס איז דער קורצער אינהאלט פון דזעניס בריעף;

„שעם! [שמואל] זעקס יאהר האסט דו מיך גענארט. איך האב געגלויבט אז דו ביסט מיר אטרייער מאנן אונ דו ליעבסט מיך נאר אליין. איין צופאלל האט מיר בעוויזען, אז דו ביסט איין פאלשער ניעדערטרעכטיגער מענש. דו ליעבסט איינע אנדערע אונ דו האסט מיט איהר איין שמוטציגעס פערהעלטניסס. איך וויל קיינע געטהיילטע ליעבע אונ וויל דיר אין דיינע געפיהלען ניט שטערען. איך האב מיט מיינע קינדער דיין הויז פערלאזען אונ בין צו מיין מוטער צוריק-געקעהרט, מיט דעם פעסטען ענטשלוס דיך קיינמאהל ניט וויעדער צו זעהן. איך בין גערען בעריט פון דיר זיך שיידען צו לאזען, דער צווייטער בריעף איז פון דיין געליעבטע. לעז איהם אונ דו וועסט זיך איבער-צייגען, דאס אויך איהר בער האנדעלסט דו ווי איין ניעדעריגער מענש. לעבע וואהל אויף אימער אונ עוויג!"

דזעני.





אויף דעם טיש האט ער אויך געפונען א שריפטליכע אנלאדונג פון דער פאליציי אז אויף מארגען האט ער אויך זיך א פראצעס וואס א פריילין לעאנארע וויים האט אויף איהם אנגעקלאגט. באלד האט זיך שמואל גרין אריין געזעצט אין איין קעב אונ ווי א משוגענע געפלויגען צו זיין שוויגער מוטטער וואו עס האט זיך געפונען זיין ליעבע דזעני.

קיין טיר האט זיך געעפינט, קיין מענשליכע טריט האט זיך געלאזט הערין, אום אים אריין צוא לאזין. ענדליך האט זיך איין פענסטער אין צווייטען עטאז אויף געעפינט אונ אונזער שמואל גרין האט געהערט דיא שטימע פון זיין שוויגער מוטטער אלס זיא האט געפרעגט.

„ווער איז דאס? אונ וואס פערלאנגט איהר אזוי שפעט ביי נאכט?"

„איך בין דאס, מוטטער, אייער שוויגערזאהן שעם!" האט איהר שמואל געענטפערט.

„וואו איז מיין דזעני? מיינע קינדער? איך וויל צו איהר! לאזט מיך אריין!"

„געה, ניכטסווירדיגער! דו וועסט איהר שוין מעהר ניט זעהן!" האט די שוויגער-מוטטער אויסגערופען. „דוא ביזט איין אויסוואורף, דער פערדארבענסטער מענש פון דער וועלט! געה צו דיין געליעבטע, דזעני איז שוין ניט מעהר דיינע!"

מיט איין האסטיגע בעוועגונג האט די אלטע דאס פענסטער צוגעמאכט אונ איהר געשטאלט איז פון פענסטער פערשוואונדען געווארען.

„מוטטער! ליעבע מוטטער, האט מיטלייד מיט מיר! איך בין אונשולדיג! הערט מיך נאר אויס!" האט ער געשריען. — אבער אומזיסט! דאס פענסטער האט זיך מעהר ניט אויף געעפענט. אייניגע מינוטען איז ער ווי פערשטיינערט געשטאנען ביי דער הויז, דאנן ווי פון א נייעם געדאנקען בעלעבט, האט ער זיך וויעדער אין וואגאן אריינגעזעצט אונ האט דעם קוטשער געהייסען ער זאלל איהם פיהרען צו דעם אדוואקאט בער, זיינער א יוגענד-פריינד, וואס האט געוואהנט אין בראדוויא, אום מיט איהם זיך איין עצה צוהאלטען וועגען דעם מארגענדיגען פראצעס.

דער אדוואקאט בער האט איהם בעגעגענט מיט דעם אויסרוף:

„גוט, וואס דו ביזט געקומען, שעם! איך ווייס שוין אללעס. מארגען וועט דיין פראצעס פאר דעם דזאדזש (ריכטער) פארקומען. איך וויל די זאך איבערנעהמען, אלזא זאג נאר מיר, שעם, ווילסט דו איין פראצעס, אדער בעססער מיט יענע פערזאן אין פריעדען אבמאכען. איך גלייב אז מיט פיער—פינף הונדערט דאללאר וועט זי צופריעדען זיין!"

„אבער, אום גאטטעס ווילען!" האט זיך שמואל גרין אפגערופען, „איך ווייס גאר-ניט וואס צו זאגען! איך קען יענע פערזאן גאר-ניט!"

„עה!" האט דער אדוואקאט מיט איין אונגלייבליכע גרימאססע אויסגערופען.

„עפעס מוז דאך זיין! אומזיסט פערקלאגט מען ניט א מענשען פאר דאס געריכט. פאלג מיר, שעם, דו ווייסט דאך, איך בין דיר א גוטער פריינד, ווארף איהר צו עטליכע הונדערט דאללאר אונ ווער פטור פון א שלעכטע קרענק. צו וואס דארפסט דו די שאנדע האבען?"

שמואל גרין האט איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע, האט איהם בײ אללע הײליגקײט געשװאָרען אז ער װײס פון קײן מעשה ניט און ער װיל בעססער אײן אָפּענעם פּראָצעס אלס אונשולדיגערװײזע זײן געלד ארױסװארפען. ער איז זיכער געװעזען, אז דא האנדעלט זיך אום אײן טעות, װעלכער עס װעט זיך אין דער פּאָליצײא ארױסװײזען.

## צװײטעס קאפּיטעל.

אין דעם גרױסען זאאל, אים געריכט, איז א גרױסע מאססע מענשען פערזאממעלט געװעזען. נױ־יאָרקער פּובליקום ליעבט סקאנדאל־פּראָצעססען זײער שטארק און דארום איז עס גאר קײן װאונדער ניט, דאס יעדער האט געװאָללט װיססען, װי װעט זיך ענדיגען דער פּראָצעס צװישען שמואל גרין און לעאנאָרע װײס.

גאנץ רוהיג, אזױ װי די גאנצע זאך װאָללט איהם גאר ניט אנגעהן, איז זיך אונזער אנגעקלאגטער שמואל גרין געזעסען אױף דער אנקלאגע באנק. זײן פרײנד דער אדװאקאט בער, איז נעבען איהם געשטאנען.

דער אדװאקאט פון דער קלעגערין לעאָנאָרע װײסס האט זיך צום אנגעקלאגטען געװענדעט מיט דער פראגע:

„קענענט איהר די מיסס לעאָנאָרע װײס?"

„נײן!" האט שמואל גרין קורץ און רוהיג געענטפערט.

„קענענט איהר דיעזעס פרײלין?" האט איהם דער אדװאקאט װײטער געפרעגט און האט איהם דאבײ געװיזען אױף אײן יונגעס מאדכען מיט אײן ברײטעס געזיכט, װעלכע איז ניט װײט אױף א שטוהל געזעססען.

„נײן!" האט דער אנגעקלאגטער װיעדער געענטפערט.

„דאס איז אביסעל א העזה!" האט דער אדװאקאט אױסגערופען און האט עפּעס װאס װײטער געװאָללט זאגען, אבער אין דעם אױגענבליק האט איהם די קלאגערין א צופּ געטאהן פאר זײן ארבעל. ער האט זיך צו איהר געװענדעט און האט צו איהר מיט כעס געזאגט:

„האט נאר געדולד, מיסס! איך װעל איהם שױן בעװײזען אז ער קען אײך!"

די קלאגערין האט איהם װיעדער האסטיג א צופּ געטאהן פאר זײן ארבעל, אבער ער האט זיך שױן צום אנגעקלאגטען װיעדער צוגעװענדעט מיט דער פראגע:

„װײסט איהר, מײן העהר, װי גרױס די שטראפע איז פאר א פאלשע שבועה? איהר האט דאך פאר דעם ריכטער געשװאָרען דעם רײנעם אמת צו זאגען!"

„איך װײס װי גרױס די שטראפע איז פאר א פאלשע שבועה!" האט איהם אונזער שמואל גרין רוהיג און קאלט געענטפערט" און דארום זאג איך אײך נאך אמאהל. אז איך זעה דיעזעס פרײלין צום ערסטען מאל אין מײן לעבען!





דאס געזיכט פון דעם אדװאקאט איז פון כעס רױט געװאָרען. ער האט זיך האסטיג פון זײן זיטץ אױפגעהאפּט און האט זיך צו דער פרײלין מיט דער פראגע געװענדעט:

„קענענט איהר דיעזען העררן, פרײלין לעאָנאָרע װײסס?"

„נײן!" האט דאס פרײלין מיט אײנע זיכערע און פעסטע שטימע געענטפערט און דיעזער אײנפאכער „נײן" האט דעם אדװאקאט װי א דונערשלאג אין די אױערן ארײנגעקלונגען. אונזער שמואל גרין האט געפיהלט װי א גרױסער בארג קײקעלט זיך פון זײן הערצען ארונטער און דאס גאנצע פּובליקום אין זאאל האט אױס געשאסען מיט א גרױסען געלעכטער.

דעם ריכטער איז נאר איבעריג געבליבען שמואל גרין פאר אונשולדיג צו ערקלארען און דער אונשולדיג־אנגעקלאגטער איז צו זײן געליעבטע דזשענני אױף די פליגלען ליעבע געפלױגען, אום איהר פון זײן אונשולד צו איבערצײגען.

## דריטעס קאפּיטעל.

אם אנדערען טאג געפינען מיר אונזער שמואל גרין אין עסען־צימער בײ אײן רײך געדעקטען טיש זיטצענדיג. זײן יונגע און שאנע־פרױ דזשענני איז בעשעפטיגט דעם בעסטען שטיקעל בראטען אױס צו קלײבען פאר איהר געליעבטען און טרײען מאנן. בילד־שײנע קינדער מיט עכטע ענגעלגעזיכטער זיטצען בײ איהם אױף זײן שױס און װערין גאר ניט מיד איהם צו האלזען און צו קוססען. זײן געזיכט שטראהלט פון פרײדען און מיט אײן בליק, אין װעלכען עס שפּיגעלט זיך אפּ א גאנצע װעלט פון גליק און ליעבע בעטראכטעט ער אללע װײלע זײן קלײנע פאמיליע, װעלכע ער האט שױן אזא לאנגע צײט ניט געזעהן.

„אבער דו עסט גאר ניכשט, מײן ליעבער שעם!" האט זיך דזשענני צו איהם געװענדעט און איהר שטימע האט געקלונגען פול צארטליכקײט און ליעבע.

„איך בין יעטצט דער גליקליכסטער מענש אױף דער װעלט, טהײערע דזשענני!" האט ער איהר געענטפערט „נאר דער געדאנקען, אז דו האסט אין מיר אײן אײנציגע מינוט געקענט צװײפלען, פערביטטערט מיר מײן פרײד!"

„איך בעט דיך נאך אמאהל, גוטער שעם, פערצײהע מיר!" האט זיך דזשענני אפּגערופען „אבער איך װײס ניט, װעלכע פרױ אױף מײן פּלאטץ, װאָלט אנדערש האנדלען. װי איך האב געהאנדעלט, בעדענקען זיך נאר: דער בריעף איז געװעזען אױף דײן אדרעס. הײנט די שריפטליכע אײנלאדונג פון דער פּאָליצײ. איך בין דאך ניט קײן מלאך, איך בין דאך מעהר ניט װי אמענש. פון װאנען האב איך געקענט װיסען אז דער בריעף און די אײנלאדונג פון דער פּאָליצײ זענען דורך אטעות אױף דײן נאמען געשריבען געװאָרען?"

אין דעם אױגענבליק האט מען אין קארידאר דער הערט דעם פײף פון דעם פּאסט־טרעגער און צװײ מינוטען שפּעטער האט די דינסט־מײדעל אריינגעטראגען אבריעף און האט עס דער לאנגט אונזער שמואל גרין.

"חא! חא! חא!" האט שמואל גרין אויס געשאסען מיט א געלעכטער אלס ער האט דעם בריעף איבערגעלעזען „דאס איז פראכטפאלל! נא, מיין ליעבע דזעני! נעהם און לעז דאס הויך דו וועסט פערגעניגען האבען!"

דזעני האט גענומען דעם בריעף און האט געלעזען:

מיסטער שמואל גרין דער ערסטע!

עס טהוט מיר ווירקליך זייער לייד, דאס איהר האט דורך מיר אזוי פיעל צרות ערליטטען, אבער וואס קען איך העלפען, ווען איהר טראגט צום שלימזל דעם זעלבינען נאמען וויא איך? נאר אום אייך, מיין העהר, אויף דער צוקינפטיגע צייט פון אזעלכע סקאנדאלען צו פערהיטען, וויל איך אייך איין פארשלאג מאכען און נעמליך: פאר פינף הונדערט דאללאר, וועלכע איהר וועט מיר געבין, בין איך בערייט מיין נאמען און מיין פאמיליע נאמען אומצוענדערן. און איך זאג אייך אלס עהרענמאן, אז דאס איז פאר אייך א כשרה מציאה, ווארום אזעלכע סקאנדאלען ווי דער, פון וועלכען איהר האט געסטערן אין דער פאליציי געהערט און אין וועלכען איהר האט די הויפטראללע געשפיעלט, קען איך מאכען פון צעהן ביז צוועלף שטיק א יאהר און ווער ווייס וויעפיעל שטיק פון זיי קענען אויף אייער חלק אנקומען? איך ערווארטע אייער אנטווארט און צייכנע מיך אכטונגספאלל:

שמואל גרין דער צווייטע.

„חא! חא! חא!" האט זיך אויך דזעני צולאכט „נאר ביי אונז אין נוי־יארק קען זיך דאס טרעפען. אבער וואס קלערסט דו צו טאהן, מיין ליעבער שעם? וועסט דו איהם, דעם צווייטען שמואל גרין געבען די פינף הונדערט דאללאר, דאמיט ער זאל זיין נאמען אומבייטען?"

„ניין!" האט איהר שמואל גרין געענטפערט" איך האב אבעסערען מיטעל און עס וועט מיר גאר גישט קאסטען. איך וועל מיין נאמען אומבייטען!"



# דאס פידעלע.

(א בילד פון איין אדעססער הויף.)

עס איז תמוז צייט, עס פלאצען שיער ניט פאר היטץ די גרויסע פיער־עקיגע שטיינערנע, מיט וועלכע עס איז אויסגעפלאסטערט דאס גרויסע פינף שטאקיגע הויז; אויף די אייזערנע באלקאנען וואס געהען ארום אין הויף אריין כמעט פון יעדער וואהנונג, זיטצען באנעס און גוווערנאנטקעס מיט זייערע קינדערליך, וועלכע שפילען, לעהרנען, קאפריזען זיך אין שאטען הונטער דיא פארוסינע פאלאטקעס, נאר די היטץ איז דארט אויך אונערטרעגליך; פון אלע אפענע פענסטער הערט זיך פערשידענע קולות, מען רעדט, מען לאכט, מען שרייט, מען וויינט, מען קריגט זיך, מען שפיעלט, מען זינגט. דארט, עט אויבען, לעהרענט זיך א קינד שפילען, הערט מען צעהלען איינס, צוויי, דריי, פים, פים, פים, און ווידער צוריק, נאר עפעס ניט ווילענדיג, שלאפריג, און אלץ איבער דער היטץ. די קעכנים, פאווערס, וועשנים, לאקייעס, גארניטשנים און דינסטען — זיי הערט מען געשמאק ארבייטען, אבוואהל זיי פיהלען אויך דיא היטץ, נאר זיי זענען שוין געוואהנט, אוויש דעם שווייס און ווידער געארבייט פרעהליך, לעבעדיג. דער הויף רעשט, קאכט וויא אין א קעסעל, יעדער טהוט זיין ארבייט, עס רעשט, זשימעט פון אלע זייטען פערשידענע קולות און פערשידענע שפראך.

אין הויף קומען אלע מאל אריין נייע פערזאנען, אנגעלאדענע מיט שווערע קארזינעס, פאק אויף די פלייצעס און מיט קויטיגען, הייסען שווייס אויף די פנים׳ער. צווישען זיי געפינען זיך אלערליי: יונגע. אלטע, ווייבער און קינדער, יעדער שרייט אויס אויף א הויך קול זיין סחורה, דרעהט זיך אויס איבער׳ן הויף און געהט ווידער אין איין אנדער הויף שרייען, טאמער וועט ער פארט עפעס אויסשרייען און לייזען פאר זיין סחורה. יעדער פון דעם הויף איז יעצט אזוי פערטיעפט, ווער אין זיין פויליקייט, ווער אין זיין ארבייט, אז מען בעמערקט גאר ניט דאס קליינע יונגעלע, וועלכעס קומט אפט אהער אריין.

עס איז שוין נאך פינף דער זייגער, נאר די היטץ איז נאך גענוג גרויס, די שטיינערנע מאסטאוואיעס זענען נאך הייס, דאס קליינע יונגעלע וועלכעס איז מעהר ניט

אלט ווי א יאהר אבט, טראגט אפאר קויטיגע פערעכינגע צעריסענע הויזליך, די קניהעליך אין דרויסען, די פיסליך בארוויס, א מווינדעל פון א גרויסען, דאס האלדזיל, דאס הארציל נאקעט, צעבראסטעט, אויפ'ן קאפיל א גרויסען צעריסענעם קאשקעט מיט א צעבראכענעם דאשעק. ער געהט צו צו דער קרענעצע וואס שטעהט אין מיטען הויף און נעהמט ארויס פון אונטער זיין צעריסענע פאלע א קליין פידעלע, קוקט זיך פריהער ארום איידער ער טהוט א פיהר מיט דעם סמיטשיק איבער דעם פידעלע, גלייך ווי מיט דעם פיהר איבער די סטרונעס האט ער געוואלט געבען א צייכען אז ער, ער מיט זיין פידעלע איז שוין דא. דער פיהר איבער די סטרונעס האט געווירקט גלייך ווי א צויבער שטעקעלע. ווי דאס פידעלע האט נור דעם ערשטען קרעכץ געגעבען, איז באלד געווארען א רעש מיט א ליארעם, יעדער האט אוועק געווארפען זיין ארבייט, פון אלע פענסטער האבען זיך ארויסגעשטעלט פערשידענע פיגורען: פאווערס מיט ווייסע קאלפעקעס, וועשנים, גארנישקעס, לאקייעס, ניאנעס, באנעס, קינדער, גרויס און קליין, דאמען און הערען, אלע זענען ארויס, אסך אויף דיא באלקאנעס, פיעל זענען געשטאנען אין די פענסטער.

אונ ער, דאס קינד, ווייסט אונ פיהלט אז איצט איז ער א גרויסער מאנן, אונ זיין קליין כשופ'דיג פידעלע איז זיין קראפט, אונ מיט דער קראפט בענוצט ער זיך ווי ער וויל אונ טהוט מיט דעם עולם וואס ער וויל. ער בעצויבערט זיי אזוי מיט זיין שפילען אונ זינגען, אז ער האלט זיי אלע אין די פאזעס, ווי זיי שטעהען, זיטצען אדער ליגען, וויפיעל ער וויל. ער געהט לאנגזאם ביי די וואנד, גלייך ווי גאר ניט ער, אונ אלע מאל טהוט ער אוועק מיט זיינע צוויא חיטרע אויגעליך. בעטראכט זיי טהעאטער מיט דיא לאזשען אונ פארטערס, אונ אויף זיין קינדערש פארברענט אונ קויטיג פניכ'ל קאנן מען איבערלעזען דיא פראגען: „וואס ווילט איהר? וואס שרייט איהר? אונ וואס ליארמט איהר אזוי?" אונ דער הויף שרייט, ליארמט, געוואלדעוועט: „שפיעל!" שרייען דיא קינדער, „טאנץ!" שרייען די דינסטען. אונ ער געהט ארום גאר שטיל גלייך וויא ניט איהם מיינט מען, קומט ווידער אין דער מיט הויף, לאזט זיך אראב אויף די הייסע שטיינער, מאסטעט זיך אויס אונ נעהמט ווידער דאס פידעלע גאר לאנגזאם אונ קוקט זיך ארום מיט א שמייכעל אויף זיין קינדערש מיילעכיל, פרעגט שאקלענדיג מיט דעם קאפיל אונ אנווייזענדיג מיט דעם סמיטשיק אויף דעם פידעלע, אבער אליץ מיט מימיק, מיט גרימאסען: „א-הא! אט דאס, דאס ווילט איהר!" אונ עס ווערט ווידער א ליארם: „שפיעל!" „זינג!". פלוצים קומט ארויס א גראבע קעכינע אונ טראגט איהם צו א גרויס שטיק ברויט מיט פאווידלע אנגעשמירט. ער לעגט אוועק דאס פידעלע, חאפט אויס דאס ברויט אונ עסט גאנץ געשמאק, נור גאר קאלטבלוטיג, גלייך ווי ביי זיך אין דער היים. ער מאכט זיך ניט וואס אלע ווארטען אויף זיין שפילען. ארום איהם שטעהען שוין א גאנצע טשאטע קינדער, יעדער פון זיי פערגנב'ט זיך א גלעט צוטהון דאס פידעלע, וועלכעס ליגט איצט געבען איהם אויף דער ערד, בשעת ער עסט. ער מאכט זיך ניט זעהענדיג, ער איז פערטיעפט אין



מיט טאגען. נאר ווען איינער פון דער חברה שטעקט נאר אויס דאס האנדטיל צוגעבען א גלעט זיין פידעלע, גיט ער איהם פליצלינג א קלאפ מיט דעם סמיטשיק אונ עסט ווייטער, גלייך ווי ניט ער. באלד קומט דער צווייטער פון דער אנדערער זייט, בייגט זיך אן, ער וויל נאר זעהען דאס פידעלע נאר נאהנט אקוק טהון אויף דעם, נאר ער חאפט אויך א קלאפ. די קינדער פון די באלקאנען קוועלען און לאבען, די ניאנעס אונ באנעס מיט אלע, אלע צוקוקער פון די פענסטער אפילו די פערזאנען וועלכע קומען אריין אין הויף אויסשרייען זייערע סחורות, קוקען אונ ווארטען ביז ער וועט אבעסען. אונ ער האט צייט, ער עסט גאר לאנגזאם, ער קוקט זיך אלע מאל ארום, גיט אכטונג צו זענען שוין אלע פלעטץ פערנומען פון זיין טהעאטער. ער זיצט, דאס ברויט אין איין האנדטיל אונ אין צווייטען דעם סמיטשיק, מיט וועלכען ער פאכט אלע מאל אראב, ווי פליעגען, איין אנדער האנדטיל פון זיין פידעלע. נאר אט קריכט ווידער איינער אויף אלע פיער, פערגנב'ט זיך אונטער איהם אונ שטרעקט נור אויס דאס האנדטיל-א-א! עס פליהט ווידער א קלאפ, אבער אזוי בריה'ש, אז ער קוקט זיך אפילו ניט אום, נאר ער טרעפט מיט דעם סמיטשיק וועמען ער דארף. עס ווערד ווידער א גרויס געלעכטער, אונ ער, דער קאנצערטיסט זיצט אונ קייט ווי א קאץ אין דער זייט דאס קאפיל, גלייך ווי ער האט גאר ניט אין זינען צו שפילען.

מיט אמאל גיט ער זיך אחאפ אויף מיט דעם פידעלע אין די האנד אונ הויבט אן צו מאכען מיט דעם קונצען. דאס פידעלע קרעכצט, סקריפעט, ריפיט. ער קוקט זיך ארום. נא, זענט איהר צופרידען? — פרעגט זיין חנ'יודיג פנימ'ל, פרעגט זיין קארפעריל מיט א גרימאסע. ניין? ענטווערט ער ווידער אליין מיט א גרימאסע. ער הוסט זיך אויס אונ הייבט אן מיט א דין ווייך סאפראנע שטימעכיל, צו אקאמפאנירען דאס פידעלע, אונ דאס פידעלע שפילט א געוויסען ראמאנס, וועלכען מען קאנן הערען אין אלע טראקטירען. ער לעגט אבער אריין אין דעם זיין גאנץ הארציל, זיינע גאנצע געפיהלען. מען האט געקענט מיינען, אז זיין אייגען הארציל איז שוין צובראכען פון דער אונגליקליכער ליעבע. די ניאנעס, נבאנעס אונ גוווערנאנטקעס, אלע דינסטעס פון דעם זים שפיעלען, דערמאנען זיך אין זייערע ליעבעס אונ זיפצען קוועלען אונ לאבען. עס הויבט זיך אן צו שיטען אויף איהם אלערלייא מטבעות. ער בעווייזט בריה'שאפטען, בייגט זיך איין, הייבט אויף, ניט אויפגעהערט צו זינגען אונ צו שפילען. אויף דער לעצטער מטבע טרעט ער אן מיט דעם בארוויסען פיסיל אונ שטעהט אזוי ביז ער שפילט אב, דערנאך הויבט ער אויף דיא קאפיקעס, דאנקט דעם עולם, שאקלענדיג מיט דעם קאפיל, מאכט א גרימאסע גלייך ווי ער וויל שוין אוועקגעהן. אט דא ווערד ווידער א רעש, א געשריי: „שפיעל! זינג!" ער נעהמט ווידער דאס פידעלע אונ מאכט מיט דעם אלערלייא קונצען. ער שפיעלט אויפ'ן קאפ, שפיעלט אויף דער קניע, שפילט אויף די פלייצעס ארונטער דיא האנדטליך, דערנאך הויבט ער אן שפילען א ערנסט ניגונדיל, ער שטעהט שוין פערטראכט אין שפילען, אין דער זייט דאס קאפיל אונ טיפעט צו מיט דעם בארוויסען פיסל אויף דיא הייסע שטיינער.

אלע צוקוקער זענען אויך ערנסט געווארען, יעדער הערט זיך ערנסט צו ווי דאס פידעלע וויינט, קרעכצט, חליפעט, בעט. פלוצים הייבט ער אן צושפילען א קאזאטשקע, גיך גיך, געשווינד פליהט דער סמיטשיק איבער דעם פידעלע און ער מיט דיא קליינע פיסליך מאכען געשווינד פערשיעדענע „פא".

זיין גאנץ טהעאטער לאכט און קוועלט, קוועלין. די קינדער פאטשען מיט די האנדטליך און אויף איהם שיטען זיך ווידער די קאפיקעס ווי א רעגען. ער הערט אויף, לעגט ארונטער אונטער דער פאלע דאס פידעלע און הייבט אן אוועק צו געהן. פלוצים— א געשריא מיט א רעווע פון א קינד, וויינען, רייסען זיך, ווארפען מיט האנד און פיס. עס וויל דאס פידעלע זאל נאך שפילען, דיא מוטער ווארפט אראב דעם פידעלע א ווייס שטיקעל, דאס קינד מיט די גילדענע לאקען וועלכעס איז אין איין עלטער מיט דעם פידעלע, בלייבט שטיל און ווארט, ווייל מען האט דעם צוגעזאגט, אז דאס פידעלע וועט באלד ווייטער שפילען. .

דאס פידעלע נעהמט צו דיא זילבערנע מטבע און לאזט זיך טאקי אוועקגעהן. די גאלדענע לאקען וויינען, שרייען, דאס פידעלע בלייבט שטעהן, הייבט אויף דאס קאפיל צום באלקאן און מיט א געוויין פון א קליין קינד פעסטעט ער זיך נעבעך אויף זיין פידעלע און בעט ערנסט דיא גאלדענע לאקען. „עס טהוט מיר וועה דיא פיס"— „עס טהוט מיר וועה די האנד"— „איך האב שוין קיין כח ניט, איך קען ניט" און דאס פידעלע הערט אויף און געהט טאקי אוועק....

די זון איז שוין לאנג פערגאנגען. א פריש גרינג ווינדטילע בלאזט מחיה'דיג אויף די קינדערשע מידע פנים'ליך, וועלכע קומען שוין יעצט מיט די באנים פון זייער שפאציר, נאך אביסעל— און דער גאנצער הויף ליגט שוין אין א שטילען דרימעל, עס ווערד אלע מאל טינקעלער אין דיא פענסטער, דער גאנצער הויף איז שטיל גלייך ווי אלע זענען אויסגעשטארבען, נאר פון ווייטען הערט מען דעם רעש פון דער שטאדט... די לבנה שווימט אויף דעם בלויען ריינעם הימעל אין דער שטילער נאכט און איהרע פאנטאסטעשע זילבערנע שטראהלען שפיגלען זיך אב דארט אויף די ראזע זיידענע פארהאנגען פון דעם פענסטער וואו די גילדענע לאקען שלאפען. צווישען דיא פארהאנגען זעהט מען א צימער, וועלכעס איז אין גאנצען בעלייכטעט מיט א בלאס, בלויען לאמטער'ן, פון וועלכען די שיין איז גלייך ווי פון דער לבנה און ביי דער בלאסער פאנטאסטעשער שיין ליגען דיא גילדענע לאקען אין א ווייס בעטעלע מיט גילדענע מלאכים'ליך. וועלכע האלטען צו דעם ראזע זיידענעם פארהאנג, וועלכער איז אויף דעם ארויפגעווארפען.

דאס קאפיל מיט די גאלדענע לאקען ליגט אויף א ראזע-זיידען ציכעלע און שלאפט ניט, עס קאפריזיט זיך.... נאך אביסעל, און די לאקען זענען איינגעשלאפען מיט דעם האנדטיל אונטער דעם ראזע-פרישען באקיל, בעלייכטעט מיט די שטראהלען פון דער אמת'ר לבנה



וואו שלאפט ערגעץ איצט ביינאכט דאס פידעלע פון וועלכען איהר מיט אייערע קינדערליך האבען ביי טאג אזוי אנגעקוואלען?...

בת מלכה.

# דיא מאדנע צדקה.

פון פערשיעדענע קלאססען מענשען אלערליי,
איז אנגעשטיפט אנגעטילעט דיא זאלל.
ס'איז א לארם א געפילדער, א רעש א געשריי,
ס'איז פריילעך לעבעדיג, ס'קאכט איצט דער באלל;

דא טאנצען שפרינגען מאמזעלען, קאוואלערען,
פערפאליעט פערפלאמט אין רייכע טאאלעטען,
דארט שטעהען אויך פארלעך, דאמען און הערען,
געניסען מיט אפעטיט פון אללע בופעטען;

עס קנאקען דיא פראבקעס פון דיא פלעשער ארויס,
עס קלינגען דיא גלאזער פון ווין, פון ביער,
מ'עסט מעטרינקט, דיא שמחה איז גרויס,
דער עולם איז פריילעך גאר אהן א שיעור;

וואס הוליעט דער עולם לוסטיג צופריעדען?
ווער זענען דיא געסט, דיא מחותנים?
אחינו בני ישראל זענען זיי יודען
וואס טראגען דעם טיטול אללע: רחמנים!

אויף וואהלטעטע געגרינדעט דיא דאזיגע נאכט,
פאר אביונים קבצנים וואס האבען קיין ברויט,
האבען דיא רחמנים מיט פיעל חשק געמאכט,
זיי העלפען שטיצען אין דער ביטטערער נויט;

פאלל פראכט, פאלל גלאנץ איז דער אבענד געוועהן,
ער קלינגט ער שם'ט, אויף דיא גאזעטען געשטעלט.
נור די אונטערשטע שורה לאמיר נור זעהן,
לאמיר בעטראכטען דעם חשבון פון געלט;

דיא הכנסה ווייזט אן זעקס הונדערט רייך;
עס פרעהט אונז, עס טהוט אונז ממש הנאה,
איצט ווערען דיא קבצנים, טראכטען מיר רך,
נור וואס טייט מיט דעם פינגער דארט דיא הוצאה;

פיער הונדערט רך דיא זאאל וואס איז געמאהלט,
פערציג פריקאט פאר בענקליך און טישען,
דער פאלקאווע מוזיק איז הונדערט בעצאהלט;
און זעכציג הוצאות בילעטין, אפישען;

יא, זעקס הונדערט רך דאס האט שוין א פנים,
היבש איז דיא סוממע, שאהן איז דיא צאהל,
נור ניט פרעהט זיך אביונים, ניט הוליעט קבצנים,
איך איז געבליבען בסך־הכל— א נאהל!...

פ. זאמאשטשין.

אדעססא.

## א יודישע מעלאדיע. (נאך באירא̇ן)

אט איז זי, די הארפע. גיבער, משורר, גיבער.
ביטער אויף דעם הארצן, ניט ריין אויף דער נשמה—
לויפזשע אויף די סטרונעס איבער ווי א וויבער,
און נעם דארט ארויס טענער פון טרייסט. פון נחמה!—
און אויב די האפענונג איז נאך ניט פערפלויגען,
וועט זי זיך ערוואכען פון איהר שלאף דעם זיססען
און אויב עס איז דא א טהרער אין מיינע אויגען,
וועט זי איטצטער צוגעהן און וועט זיך צוגיססען.

ניין ליעד איז ווילד— ניט קשה— איך וועל זי הערין!
פרעהליכע ליעדער זענען איצט כלל ניט פאר מיר—
איך זאג דאך דיר, משורר, טהרערין וויל איך טהרערין
פון צרות ווערט ביי מיר דס הארץ צושפאלטען שיער:
צרות האט זי געליטען איהן אללע צייטען,
געליטען שטענדיג, נור געשוויגען גאנץ שטילל—
איצט אבער איז זי שוין פולל אויף אללע זייטען,
ווי א טאדעס-בעכער, וועלכער איז מיט גיפט פולל.—

ש. דאבין.

[נאך דעם זעלבען]

אויפ'ם הערץ איז מיר פינסטער—קום גיבער, דו זינגער
נעם נאר דיין קונסטליכען פיעדעל;
צולאז נאר אויף איהם דיינע קונסטליכע פינגער
און שפילל מיר אוויינענדיג ליעדעל!
אויב דם שיקזאל הט מיין האפנונג נאך ניט פערטראגען
וועט זי יעטצט אין מיין ברוסט זיך ערוואכען,
אויב אין די אויגען געפינט זיך נאך טהרערען צו קלאגען
וועלען זיי פליעסען אזוי ווי די טייכען...

שפיעל ווילדער! לאז דיין ליעדעל טרויעריג טאנען:
פאר מיר זענען שרעקליך די קולות פון פריידען.
א, זינגער, איך וויל נור מיט טהרערען יעצט וויינען!
אדער מיין ברוסט וועט צושפרינגען פון ליידען.
געפלאגט פון אונענדליכע ביטערע שמערצען,
לייד איך שוין אזוי לאנג רוהיג, שטילל.
יעטצט זענען די צרות שוין איבער די קרעפטען.
די מאס איז שוין איבעריג פולל!...

א. פיכמאנן.



## אונטער'ן ים.

(נאך זשול· ווערן)

אסטאראזשנע! גיבט אכטונג וואו איהר געהט — האט מיר מיין פיהרער געזאגט: — נאך איין טרעפעל...

מיר זענען גליקליך אראב געגאנגען אויף דעם לעצטען טרעפעל און מיר זענען אריין געקומען אין א גרויסען א ברייטען זאאל, וועהר העלל מיט עלעקטרישע לאמפען בעלייכטעט.

ארום און ארום שטיל ווי אין א קבר, נור אונזערע טריט האבען א ביססעל געשטערט די שטילהייט.

— וואו בין איך? וואס טהו איך דא? ווער איז דאס מיין געהיימער אונבעקאנטער פיהרער?

פראגען אהנע אנטוואורט...

א לאנגער שפאציר ביי נאכט. אייזערנע טהירען וואס האבען זיך הינטער אונז מיט א לארם פארמאכט, טרעפ וואס פיהרען, לויט ווי מיר דאכט זיך, גאנץ טיף אין די ערד — אט דאס איז אין גאנצען וואס איך האב געקענט געדענקען. איבריגענס איך האב קיין צייט גיהאט לאנג צו קלערען וועגען דעם.

— איהר זענט א ודאי טשעקאוו צו וויסען, ווער איך בין? — האט מיין פיהרער אנגעהויבען צו מיר רעדען: — איך הייס פולקאווניק פיערס. איהר ווילט וויסען, וואו איהר זענט? — אין אמעריקא, אין דער שטאדט באסטאן אויפ'ן באהן-הויף.

— אויפ'ן באהן-הויף?

— יא, מיין הער, אויפ'ן באהן-הויף, אינ'ם וואגזאל פון דעם „באסטאן-ליווערפאל פנעאומאטישע אייזענבאהן".

מיין פיהרער האט זיך גענומען מיך ערקלערען און האט מיר מיט דעם פינגער געוויזען אויף צוויי דיקע אייזערנע צילינדערס, די דיק פון יעדען בעזונדער איז אנ'ערך פון אנדערט-האלבען מעטר אין דורכשניט, ביידע ליגען איינער נעבען אנדערן אויף דעם פוסבאדען פונ'ם זאאל. —

איך האב אנגעהויבען בעטראכטען די צילינדערס, וועלכע איך האב נור געקענט זעהן פונ'ם עק, ווייל נור די עקען פון זיי זענען געלעגען אינ'ם זאאל און די רעשט, די גאנצע לאנג פון זיי האב איך ניט געקענט זעהן; די דיקע מויער פונ'ם זאאל האט דאס פארדעקט פאר מיינע אויגען. די עקען פון די צילינדערס זענען געווען פארמאכט מיט טהירלעך מיט מעשענע שטארקע ריגלען; פון אויבען ציהען זיך פון די צילינדערס א גרויסע מענגע רעהרען, און די רעהרען געהען אינ'ם באלקען פונ'ם זאאל און ווערען דארט פערלארען. —

איך האב באלד אנגעהויבען פערשטעהן וואס דאס איז אזוינס. —

ערשט ניט לאנג האב איך געלייענט אין אמעריקאנישע ציימונג וועגען א וואונדערליכען פראיעקט: צו ציהען פון איראפא ביז אמעריקא אייזענבאהן אין אייזערנע רעהרען אונטער'ן ים. דעם פראיעקט אויסצופיהרען האט זיך אונטערגענומען א געוויסער פולקאוניק פיערס, וועלכען איך האב יעצט גיהאט די עהרע צו זעהן. —

איך האב מיך אנגעהויבען ערמאנען וואס איז דארט געשטאנען אין יענע ציימונג. דער גוטער רעפארטער האט זיך בעמיהט צו בעשרייבען פיל קלייניגקייטען פונ'ם בעריהמטען פראיעקט. ער האט גענוי בערעכענט וויפיל אייזען מען בעדארף צו די גרויסע רעהרען; לויט דעם רעכנונג איז אויסגעקומען אז מען בעדארף 1,600,000 קוביק מעטער אייזען, אונ אויף די וואג וועט דאס האבען דרייצען מיליאן טאן; צו פיהרען דאס אייזען וועט מען בעדארפען צוויי הונדערט דאמפשיפען, וואס יעדע זאל קענען טראגען משא פון צוויי הונדערט טאן, אונ יעדע שיף וועט מוזען מאכען דריי אונ דרייסיג רייזעקורסען אהין אונ צוריק. די אללע שיפען וועלען צופיהרען שטאל צו צוויי גאנץ גרויסע הויפט שיפען וואס אויף זיי וועלען הענגען ביידע עקען פון די רעהרען וואס מען וועט ציהען פון ביידע ברעגען פונ'ם ים. די רעהרען וועלען ווערען געמאכט פון צוזאמענגעשרויפטע קורצע ציליגדערס, יעדעס שטיקעל פון דריי מעטער די לענג. די גאנצע רעהרען וועלען זיין איינגעהילט מיט א דיקע גוטאפערקענע הויט, כדי דאס וואסער זאל ניט אנריהרען דאס אייזען. —

אינווייניג אין די רעהרען וועט מען לייגען אייזערנע שינעם וואס אויף זיי וועט געהן א באהן. די וואגאנס וועלען זיך זעהר שנעל בעוועגען ניט דורך א לאקאמאטיוו פון פארע נור דורך געפרעסטע לופט וואס מען וועט אריין לאזען אין די רעהרען, דאס הייסט דורך פנעאומאטישע מאשינען אקוראט אזוי ווי עס געפינט זיך אין פאריז אונ אין אנדערע גרויסע שטאדט פנעאומאטישע פאסט, דאס הייסט א זאלכע לאנגע אייזערנע רעהרען וואס פון איין עק ווערען אריין געלייגט בריף אדער אנדערע זאכען פון דער פאסט אונ דורך א לופט פאמפע לאזט מען אריין געפרעסטע לופט; די לופט פערשפרייט זיך מיט שטארקע קראפט אונ שטופט די זאכען וואס ליגען אין דער רעהר אונ בעוועגט זיי זעהר שנעלל ביז זיי קומען צום אנדערן עק אונ דארט נעמט מען זיי ארויס. —

דער רעפארטער פון די אמעריקאנישע ציימונג וואס איך האב געלייענט, האט פערגלייכט די נייע אייזענבאהן מיט אלע אנדערע באהנען אונ האט אויפגעוויזען אז די לעצטע האט זעהר פיל מעלות מעהר פון אנדערע באהנען, ווייל דא וועט זיך דער צוג ניט שאקלען, דער רייזענדער וועט זיך אימער געפינען אין איין טעמפעראטור, עס וועט ניט זיין א מאהל קאלט אונ א מאל ווארם, די רייזע וועט זיין בילליג, אונ נאך פיל מעלות טובות.

דאס אללעס האב איך מיך ערמאנט.

דער פראיעקט איז אלזא אויסגעפיהרט געווארען אונ די צוויי צילינדערס וואס איך זעה דא אינ'ם זאאל ציהען זיך פון דאגען אונטער'ן ים ביז ליווערפאל אין ענגלאנד דורך



דעם גרויסען ים אוקינוס? חאטש איך האב דאס מיט מיינע אויגען געזעהן האב איך ניט געגלויבט מיינע אייגענע אויגען. אז די רעהרען זענען געלעגט איז אמת, אבער אז מענשען זאלען קענען פאהרען אין זיי, דאס גלויב איך ניט.

איז דען מעגליך צו בעקומען אזוי פיל געפרעסטע לופט וויפיעל מען בעדארף צו שטופען די וואגאנס אויף אזא ווייטען מהלך? האב איך הויך מיין מיינונג אויסגעשפראכען.

— פאר וואס ניט, זעהר לייכט — האט זיך אבגערופען דער פאלקאווניק פיערס — דעם איז גענוג די מענגע דאמפ מאשינען וואס דורך די דינע רעהרען וועלכע איהר זעהט דא אויף די צילינדערס שטעלען זיי צו געפרעסטע לופט. דיא מאשינען ארבייטען מיט דאמפקראפט אונ זיי בעוועגען זעהר גרויסע מיעכעס וואס שטיפען די לופט אין די רעהרען אריין. די לופט ווערט געשטופט מיט א שרעקליכע קראפט אונ אונזערע וואגאנס לויפען אזוי ווי א שטורם ווינד טויזענד מיט אכט הונדערט קילאמעטער יעדע שעה. — אזוי געשווינד כמעט ווי א קויל פון א הארמאט — אונ אונזערע רייזענדער פאהרען אב אין צוויי שעה מיט פערציג מינוט א מהלך פון פיער הונדערט קילאמעטער פון באסטאן ביז ליווערפאל. —

— טויזענד אכט הונדערט קילאמעטער אין א שעה! — האב איך פארוואונדערט אויסגעשריגען

— קיין איינעם ווייניגער — האט זיך אבגערופען דער פולקאווניק פיערס, — אונ וואס פאר א גוטע רעזולטאטען מיר האבען פון אזא שנעללער רייזע! די זייגערס אין ליווערפאל ציינען שטענדיג מיט פיר שעה מיט פערציג מינוט שפעטער ווי ביי אונז אין באסטאן; אלזא דער רייזענדער פאהרט ארויס פון באסטאן ניין א זייגער אין דער פריה אונ קומט נאך ליווערפאל א זייגער דריי מיט פיר אונ פופציג מינוט נאכמיטאג. דאס הייסט געשווינד איבערגעלעבט א טאג. אונ ווידער פארקעהרט דיא רייזענדער וואס פאהרען פון ליווערפאל א הער נאך באסטאן מיידען אוים די זון מיט ניין הונדערט קילאמעטער יעדע שעה אונ ווען למשל זיי פאהרען ארויס פון ליווערפאל אקוראט צוועלף מיטטאג, קוממען זיי נאך באסטאן א זייגער ניין מיט פיר אונ דרייסיג מינוט אין דער פריה, דאס הייסט פריהער נאך מיט עטליכע שעה איידער זיי זענען ארויס געפאהרען פון ליווערפאל! א יא שאן! שיינט מיר אז שנעללער קען שוין גאר ניט מעגליך זיין!

איך האב ניט געוואוסט וואס צו קלערען. איך האב אנגעהויבען מסופק צו ווערען אויב איך האב ניט צו טהוען מיט א משוגענעם. ווארום אין אמת אריין האב איך דען געקענט גלויבען אז דאס אללעס איז אין דער ווירקליכקייט מעגליך דעמאלס ווען מיר איז געקוממען אויף די געדאנקען פיל קשיות. —

— נוא גוט — האב איך געזאגט, — איך וועל שוין נאכגעבען אז די שנעללקייט איז מעגליך צו בעקוממען אונ די רייזענדער וועלען שוין פאהרען מיט די פנעאומאטישע טייוועלס-באהנען; אבער איז דאך א גרויסע קשיא: ווי אזוי וועט איהר אזא שנעלצוג קענען איינהאלטען צום סוף? עס וועט דאך אללעס צוברעכען אונ צוהאקט ווערען אויף פיצלעך בשעת מען וועט דעם צוג איינהאלטען!

— אך, וואו! — האט זיך אנגערופען דער פולקאווניק און האט געהויבען די ארעמס. — צווישען די ביידע צילינדערס וואס אין איינעם געהט א באהן פון באסטאן נאך ליווערפאל און אין דעם אנדערן צוריק פון דארט אהער, צווישען די ביידע צילינדערס פון ביידע עקען איז דא א קאמוניקאציע. ווען דער צוג קומט שוין נאהענט צום עק בעוויזט זיך אונז א עלעקטרישער פונק און דער זעלבע סיגנאל לויפט אין דער רגע נאך ליווערפאל, דארט האלט מען איין די מאשינען זיי זאללען שוין מער ניט שטופען די לופט אין די רעהר אריין, און דער צוג בעוועגט זיך שוין נור מיט דעם בלויזען אימפעט און דא אין באסטאן לאזט מען אריין אין דער זעלבע רעהר געפרעסטע לופט א קעגען דעם צוג, דאס הייסט קאנטרא־לופט אזוי ווי ביי די געוועהנליכע אייזענבאהנען „קאנטרא־פארע", און די קאנטרא־לופט האלט ביסליכווייס איין דעם אימפעט פונ'ם צוג ביז ער שטעלט זיך רוהיג ביי דעם עק פונ'ם צילינדער. איבריגענס וואס טויג אונז אזוי פיל צו רעדען וועגען דעם, עס איז דאך בעססער איהר זאלט פרובירען אליין פאהרען אויף דער נייער באהן!

דער פולקאווניק האט ניט געווארט אויף קיין אנטווארט נור האט גלייך א שטארקען שלעפ געטהון ביי א מעשענעם האנדטעל פונ'ם טהירעל, עס האט זיך געעפענט א קיילינגע טהיר איבער דער גאנצער דיק פונ'ם צילינדער, און איך האב דערזעהן א רייהע מיט באנק, יעדע באנק האט א געזעס פאר צוויי פערזאן.

— אט איז א וואגאן! — האט דער פולקאווניק צו מיר געזאגט. — ביטע אין דער מיט אריין!

איך בין אריין געגאנגען; דאס וועגטעל פון הונטער מיר האט זיך באלד פארמאכט. —

ביי די לעכט פון עלעקטרישע לאמפע וואס האט געהאנגען אין דער הויך אין דער מיט וואגאן האב איך מיך געקוקט גוט ארומזעהן. דער וואגאן איז גאנץ איינפאך געבויעט, א לאנגער קיילינגע צילינדער וואגאן אויסגעטאפעטירט מיט גיוואנט; פופציג פאטעלען זענען אויסגעשטעלט צו צוויי אין א רייהע פאר צוויי פערזאן צו זיצען; ביי ביידע עקען פונ'ם וואגאן זענען דא קלאפעקעס צו רעגולירען די לופט, פון פארנע ארויס צו לאזען די געדיכטע לופט און פון הינטען — אריין צו לאזען פרישע לופט. —

עס איז פארביי געגאנגען איינינע מינוט נאכדעם ווי איך האב שוין אללעס ארום און ארום גוט בעקוקט האב איך אנגעהויבען צו ווערען אונגעדולט פאר וואס מען פאהרט נאך ניט.

— פאר וואס פאהרט מען ניט? — האב איך געפרעגט דעם פולקאווניק, וואס איז געבען מיר געזעסען.

— ווי הייסט? מען פאהרט דאך שוין! — האט דער פולקאווניק געענטווערט.

— מען פאהרט? און מען שפירט ניט די בעוועגונג? איז דאס מעגליך?

און איך האב אנגעשטעלט די אויערן זיך גוט איינצוהערן אפשר וועל אין קענען שפירען די בעוועגונג פונ'ם וואגאן. אויב דער פולקאווניק האט אמת געזאגט אז דער



צוג געהט טויזענד אכט הונדערט קילאמעטער אין א שעה בעדארפען מיר שוין יעצט זיך געפינען ווייט, ווייט פון דער יבשה. איבער אונז ווארפען זיך יעצט אוודאי די גרויסע וואללען פונ'ם ים און שאקלען די שיפען. און עס קען זיין אז אין דער זעלבע רגע קוממען צו וואלפישע צו אונזער רעהר און מיינען אז דאס איז א גרויסער שלאנג און קלאפען איהם מיט זייערע גרויסע שוואנץ!

איך האב זיך גוט איינגעהערט און האב ניט מעהר געשפירט ווי א זעהר שטילליין שארך פונ'ם וואגאן וואס בעוועגט זיך אויף גראדע שינעס. איך בין געווארען זעהר ענטציקט פון דער בעוואונדערונג און האט ניט געגלויבט אין דער ווירקליכקייט. איך בין געזעסען שטיל און די צייט איז געשווימען.

עס איז אזוי פאראיבער געגאנגען א שעה צייט. פלוצים האב איך געשפירט עפיס א קעלט אויף דעם שטערן און דאס האט מיך עטוואס ווי ערמונטערט. איך האב אויף געהויבען די האנד צום שטערן און האב איהם אנגעטאפט, ער איז נאס...

נאס! וואס איז? צו איז די רעהר געפלאצט פון דער שטארקער דריקונג וואס דאס גרויסע ים דריקט אויף איהר, און וואס ביי יעדער טיפעניש פון צעהן מעטער ווערט די דריקונג שטארקער מיט א גאנצע אטמאספערע *)? צו האט אונז דאס ים פערשלונגען? א שרעק האט מיך אנגענומען. איך בין שטארק צערמישט געווארען, איך האב געוואלט אנהויבען שרייען, און........

און איך האב מיך געפונען אין מיין איינענעם גארטען אנגעלעהנט אויף א פאטעל, און א פרישער רעגען האט ארויף געטריפט אויף מיין שטערען און האט מיך איבערגעוועקט פונ'ם זיסען שלאף, וואס איך האב איינגעשלאפען נאך דעם ווי איך האב איבערגעלייענט די אמעריקאנישע צייטונג, אין וועלכע דער רעפארטער האט זיך בעמיהט צו בעשרייבען דעם פראיעקט פונ'ם פולקאווניק פיערס, וואס לויט ווי מיר דאכט זיך איז עס אין גאנצען ניט מעהר ווי א חלום. —

יודיש דורך מ. וועבער.



*) דאס הייסט מיט אזא משא וואס די לופט דריקט אויף יעדע זאך וואס געפינט זיך אויף דער יבשה.

# א שליסצעטיל

## אונ צוגלייך טאקי א מודעה

### פון מענדעלי מוכר ספרים.

---

שוין טאקי א היבשע צייט, יודישע קינדער, אז איך האב אייך נישט געשריבען און ווייס מסתמא פאר וואס.— אי טאמיר וועלען אנדערע אריינלייגען דריגען טעמים מיט זייערע אויבער הסברות, אז דעריבער איז עס, ווייל שרייבען דעם יודישען עולם איז גאר איין עבירה דיא הוצאות; אדער ווייל דער יודישער עולם לייענט א מאל דאס בריוועל פארקעהרט און דורכדעם קומט ארויס פון ביידע זייטען א בלאזעניש; אדער ווייל אין דער לעצטער צייט האבען עפים מיני גוטע פריינד גאנצע מחנות קראנק געמאכט דעם עולם א קאפ מיט זייערע שרייבעניש'ין, זייערע עצות, אזוי אז ער איז אראפ פונם זינען און נישט געוועהן מישטעהנם-געזאגט מיט וועמען צוהיידען—וועט עס מיך נישט אנהויבען כלל צוזארען. עס וועט מיך אפילו נישט ארען אויב מען וועט מיינען, אז מיר איז שוין נמאס געווארען, האבען צוטאן מיט אונזערע שיינע נפשות. אקעגען וועלכע סאיז נישטא קיין מיטעל. לאז מען זיך דיינקען וואס מען וויל, איך ווייס מיר מיינם און גענוג...

אצינד אבער האט מיר זיך גראד פארגלוסט שרייבען. איך האב מיך שוין טאקי נאך אייך, יודישע קינדער, שטארק פארבייינקט. וואס צווישען אונז איז געוועהן מילא איז געוועהן, עט, נישקשה! פארט לייבליבע קרובים, זאלט איהר מיר געזונט זיין:

הנה זייט וויסען, יודישע קינדער, אז געלויבט השם-יתברך איך בין געזונט, דיא זאניטעצע אויפן פינגער האט מיר זיך פארהיילט און קען שוין האלטען ווידער א פען אין דער האנד. דיא צינג לייגט זיך מיר שוין ווידער זעהר גוט וויא פריהער, מבינים האבען זיא ערשט גוט בעטראכט און געזאגט: נישקשה! דיא צינג בעדארף מען מיר נישט פיקען; איך ווייס, ביא אייך וועט שטארק אנגעלייגט זיין אזא בשורה און איהר וועט דערפון גרוים נחת האבען... וואס-זשע מאכט איהר, מיינע ליבע יודען? הערט איהר שוין הייגט בעסער? איהר זענט דאך א לאנגע צייט געביך טויבליך געוועהן אויף איין אויער, השם-יתברך זאל אייך אין גיבען שיקען א רפואה שלמה, אמן! ביא מיר איז דא דערצו א שפרוך, אויך אזעלכע ב ל ע ט ל י ך. איך וועל עס אייך בלי-נדר צושיקען....

והשנית בין איך אייך מודיע, אז איך בין אויסען מאכען מיט אייך א שטיקעל געשעפטיל. און אויב איהר וועט גאר נישט זיין קיין עקשנים איז דא א האפנונג, אז מיר וועלען אלע אם-ירצה-השם צופרידען זיין, איך רעכען נישט אזוי אויף גרויסע פארדינסטען וויא דארויף, וואס הערוייל וועלען מיר דאך האנדלען. דאס האנדלען גלאט אזוי פאר זיך אליין האט דאך שוין פאר א יודען עפים אויך א שטיקעל ווערטה.





בקיצור, דיא מעשה דערפון איז אזוי: שמאטעס, ווייסט איהר דאך, איז א געשעפט פון שמאטעס מאכט מען פאפיר, פון פאפיר-ספרים, „א-הא! טהוען זיך יודען א חאפ מיט א קנייטשעל, מיר שטויסען זיך שוין אן: ש מ א ט ע ס זענין דאך ביא אונז דא אהך עין-הרע זעהר פיל פון אלע מינים, וויל דאס הייגט, א-פנים, ר' מענדעלי פון א ו נ ז ע ר ע ש מ א ט ע ס מאכען שפאגעל נייע ספרים".— יא, רבותי, האלב געטראפען! נישט נאר קיין שפאגעל נייע מיין איך, איך וויל נאך איבערניטצעווען און איבערדרוקען אלע מיינע אלטע ספרים. הייגט פארשטעהט איהר וויפיל ש מ א ט ע ס א י ע ר ע מען וועט בעדארפען דערצו פארברויכען? .... איהר ווייסט דאך וואהין דאס דערלאנגט, מיר פארשטעהען זיך דאך תמיד אויפן ווינק .... נאר לאמיר אנגעהמען, אז איהר וועט גערען זיין צופטערען אייערע ש מ א ט ע ס דערוויל חאטש אייף בארג, זייא נעהמען אין דער ארבייט קען מען אויך דערוויל אויף בארג, נאר אין דער דרוק, דארט וועט מען אבער זאגען: ר' כ ענדעלי, ארוים מיט מזומן! וואס-זשע טהוט מען? — דעריבער בין איך געפאלען אויף אזא עצהלע: איך וועל ביא אייך הייבען חוץ דיא שמאטעס אייערע אין קאמיסיע, אויך עפים געלד נאך פאראוים און צאהלען וועל איך אייך דערנאך מיט ספרים. איהר פארשטעהט דאס דרעהעלע, דעם שכל, וואס דרינען ליגט? און ווייל איך האף, אז איהר וועט דארויף מרוצה זיין חאפ איך מיך און מאך דאס דאזיגע שליסצעטיל:

אני איך החתום מטה מענדעלי מוכר ספרים פון איין זייט און דיא יודישע קינדער רב...רב...און רב... וועלכע שטעהען געחתמעט אונטען, פון דער אנדערער זייט מאכען מיר צווישען אונז אפ א געשעפטיל אויף אזעלכע אופנים:

א) איך מענדעלי הנ"ל בין זיך מתחייב געהמען ביים יודישען עולם אלע מיני שמאטעס און לאזען זייא אין דער ארבייט אריין מיט אלע קרעפטען וויא ווייט איך קען, אויך דרוקען אלע מיינע ספרים, הן אלטע שוין לאנג געדרוקטע, וואס זענין אצינד מעהר נישטא, הן נייע, וואס געפינען זיך ביא מיר אצינד און וואס איך וועל מאכען שפעטער איה"ש, (מען מעג צוזעטצען אויך דעם פונקט אזוי: שפילקעס, וועלכע דער מנהג איז אין דעם שמאטע-האנדעל ווייסע חברה צוגעבען, בעדארפען פון מיר מענדעלי הנ"ל דיא ווייסע חברה בעקומען בשלמות, אין גאנצען אויף מיין חשבון, שארפע, שפיצעבדיגע גוטע שפילקעס וויא עס געהער צוזיין).

ב) דיא ספרים מיינע וועלען זיך דרוקען כסדר, איין ספר נאך דעם אנדערען, וויא מעגליך אין א קורצער צייט, עס זאל נישט געדויערען פון איין ספר ביז צום אנדערען.

ג) מיינע אלע ספרים וועלען זיך דרוקען אויף שיין פאפיר, מיט שיינע אותיות און מיט נקודות, עס זאל אפנים האבען.

ד) דיא יודישע קינדער פון זייער זייט זענין זיך מתחייב צוגעבען פאראוים אויף רעכנונג ר' מענדעלי'ן מ"ס הנ"ל מזומן געלד, איטליכער יא רובל, דאס הייסט קדימה-געלד, בכדי ר' מענדעלי הנ"ל זאל אין שטאנד זיין צודרוקען זיינע אלע ספרים, והשנית, בכדי דורכדעם זאל ער טאקי אויך קענען וויסען אין אנהויב וויפיל עקזעמפלארען צודרוקען

ה) באלד וויא א ספר געהט ארוים פארטיג פון דער דרוק מוז ר׳ מענדעלי הנ״י איהם צושיקען צו איטליכען וואס האט זיך אויף איהם פארשריבען און יענער בעדארף פון זיין זייט באלד אפשיקען געלד, לויט דעם מקח. וואס וועט פאר דעם ספר קומען. אויפן לעצט וועט מען שוין בעקומען ספרים אזוי, אויף דעם חשבון פונם רובל קדימה־געלד.

ו) צובעוואהרענען דאס, וואס פאסט נישט ארוים צוזאגען בכדי אנדערע נישט מבייש צוזיין.... ווערד דאס קדימה־געלד און בכלל געלד פאר די ספרים נישט צוגעשיקט ר׳ מענדלין הנ״ל נאר צו א שליש אין די הענד אריין אויף דעם דאזיגען אדרעס:

Соломону Моисеевичу. Абрамовичу Одесса, Базарная. д. Черепенникова.

אט האט איהר אייך דאס שליסעצעטיל. חתמעט זיך יודישע קינדער און שיקט אריין באלד געלד, איהר וועט חלעבין קיין חרטה נישט האבען, ווייזט זיך היינטיגס מאל, אז איהר זענט מענשען, מיט וועלכע עס לוינט זיך מאכען א געשעפט. א חוץ דעם וועט איהר מיך פשוט מחיה זיין דערמיט, וואס איך וועל ווייסען. אז מען רעדט צו אייך רופט איהר זיך אפ און זענט שוין מעהר נישט טויב. גאט ווייסט דעם אמת, וואס פאר א גרוים עגמת־נפש איך האב פון אייער טויבקייט געהאט. עפים בין איך דאך פארט אייערער איין אייגענער, פון אייער פלייש און בלוט!...



# דער מסחר פון פאמיליעס:

## (ערצאהלונג)

דאס איז געוועזען אשרעקליכער, אטרויעריגער טאג פאר די יודען פון גאליציען אטאג פון טומיל און גערודער, ווען עס איז אראב געקומען דער באפעהל פון קייזער, אז אלע יודען זאלין זיך אויס קלייבען פאמיליעס*), מיט וועלכע זיי זאלין זיך אנרופין פון דאן אן. אזוי וויא עס וואלט זיך טרעפין עפעס א אונגליק, אשריפה למשל, אזוי האבען זיך דאן אויפגעחאפט די איינוואהנער פון דער „יודינגאסע״ אין קרייזשטאדט, וואו זיי זיינען געוועזען איינגעשפארט ווי די בהמות אין אשטאל און האבין געוואהנט אפט צו צוויי אדער דריי פאמיליען אין איין הויז איבער געצאמט מיט אדינגעקע ווענטעלע פון ברעטער. אלע האבין געשריען, געטאלקעוועט, גימאכט מיט די הענד, גישאקעלט מיט די קעפ, וויא עס טרעפט, ווען א פאר יודישע לומדים קריגין זיך ביי אשטיקיל גמרא, נאר נאך אלע אבעקאוועקען און זיפצען, ספארען און מאלקען האט מען דאך געמוזט ערפילען דעם קייזערס באפעהל, נור דאן האט זיך איינגעווארצילט ביי אלעמען צו ביי ארימע, צו ביי רייכע, ביי אלעמען גלייך, דער געדאנקען אויס צו קלייבין זיך לכל הפחות פיינע, הערליכע פאמיליען נעמען, עס זאל טאקע פשוט זיין א מחיה צו הערין.

די טשינאוניקעס, וועלכע מען האט נאזנאטשעט צו פארשרייבין די פאמיליען, האבין אויס געוויזין וויא אזוידיגער שטיין וואלט אראפ פאלין פון הימעל גלייך צווישין דעם הויפען יודעלאך, וואס האבין זיך געפונען אין שטאדט. מיט א טאג פריהער איידער זיי האבין זיך גענומען צו זייער ארבעט, איז אריין אין קאנצעלאריע דעם נייעם נאטשאלניקס פרוי און האט געשיינט פאר פרייד קוקענדיג אויף די אלע טשינאווניקעס, וואס זיינען געוועזען אין איהר מאנ׳ס רשות. ביי איהר האט זיך אויך געיאוועט א אידעע (געדאנק). — „איך האב באקלערט אזעלטענעם געדאנק״! — האט זיא אנגעהויבין, בעטראכטענדיג אלע טשינאווניקעס און ווענדענדיג זיך צו איהר מאן. — „דעם קייזערס ווילען, וועגין דיא פאמיליעס מוז ערפילט ווערין, דאס איז קיין רייד ניט. נוא, מזאל זיין וויא ער וויל! אונזער גוטהערציגער קייזער פערלאנגט, אז די יודען זאלין זיך אויך אנרופין מיט פאמיליעס, אזוי וויא דיא קריסטען, אבער אונז האט מען דאך ניט אויס געטייטשט מפורש וועמען וואס פאר א פאמיליע צו געבין, אין אוקאז שטייט גאר ניט וועגין דעריין״. — זיא האט אשטאלצין בליק

*) פריהער פלעגט מען זיך נאר רופין מיטין אייגענעם כשרה׳ן נאמען, און מיטין נאמען פון שטאדט, פון וואנען מען איז געבארין.

געוואָרפן אויף אַלע אַרומיגע טשינאָווניקעס, ווי נאַפּאָלעאָן דער ערשטער אויף זיינע גענעראַלין. — „ביזט גערעכט, אמת"! — האָט געענטפערט דער הערר גראַבאַכער, דער נאַטשאַלניק פון קאַנצעלאַריע איהר מאַן, אַשמעקטאַנדיג טאַבאַק פון ווילבערגער טאַבאַקערקע. — „נאָר איך זעה נאָך ניט אַרויס דיין זעלטענעם גידאַנק פון דעריין! טוא וואָס-זשע איז, אַז מען האָט אונז ניט נאַזנאַטשעט וועמען וואָס פאַר אַ פאַמיליע צו געבין"?

„איך ווייס ניט! מיר דוכט אַז איך קען נאָך אַזוי פיל די יודעלאַך", האָט ווייטער געזאָגט די נאַטשאַלניצע — „און איך וועל קיין טעות ניט האָבין זאָגענדיג, אַז זיי וועלין אַלע וועלין אויס קלייבין זיך וואָס שענערע פאַמיליען"?

„אָ! גאַנץ געוויס"! האָט מסכים געווען דער מאַנן, „אָבער וואָס איז דער פועל יוצא דערפון! מיר מוזען זיי געבין אַזעלכע נעמען, וועלכע זיי וועלין אַליין פאַרלאַנגען".

„יע, מיר וועלין זיי געבין אַלערליי נעמען, וועלכע זיי וועלין פערלאַנגען", האָט ערקלערט איהר אידעע די דאַמע, „אָבער די שיינע, די קלינגענדע פאַמיליעס מוזין זיי קויפין ביי אונז פאַר געלט"!

„אָט דאָס איז אַ אידעע"! האָט אויס געשריען איינער פון די טשינאָווניקעס, רייבענדיג אַהאַנד אָן אַהאַנד פון פערגעניגין. „איך מוז אייך זאָגין גאָר אָן קאָמפּלימענטין, געעהרטע פרוי! אַז דאָס איז אַ גאָונישע ערקלערונג, דאָס קען נור אַ מיניסטערשע קאָפּף"!.

אַלע זיינען געווען זייער צופרידין מיט דער אידעע, אפילו דער בלינדלעכער טשינאָווניק, וואָס איז געזעסין פאַרהאַנגען די אויגען מיט אַבלאָען צוקער פאַפּיר, האָט זיך אויך געסטאַרעט געבין אַקאָמפּלימענט דער יונגער קלוגער דאַמע, וואָס האָט אויף גיגעבין אַזאַ גוטין פּראָיעקט, וואָס וועט אַריין טראָגין אַהיבשע קאָפּיקע אַלעמען, מער ניט גראַבאַכער האָט זיך אַביסיל דערשראָקען. — „פאַרגעס ניט, מיין לעבען", האָט ער געזאָגט אָבווישענדיג זיך די נאָז, „אַז דו רעדסט די ווערטער אין אַקייזערליכע קאַנצעלאַריע צווישין זיינע גרויסע טשינאָווניקעס"!

— „דו רעדסט נאַריש, מיין מאַן", האָט אַשמייכיל געטאָן די מאַדאַם גראַבאַכער. „די טשינאָווניקעס מוזין נאָר זעהען ערפילען דעם קייזערס באַפעהל, און פאַרשרייבין די פאַמיליעס, און וואָס מיין אידעע, קען זיי גאָר ניט שטערין, און זיי וועלין נאָך אַדרבה האָבין זייער וויגאָדע אויך".

— „נו, נו, מיין לעבין, מיר וועלין שוין באַקלערין די זאַך"! האָט געזאָגט דער הערר גראַבאַכער פערהוסטענדיג זיך, ווייל עס איז אים געווען סאָוועסטנאַ פאַר זיך אַליין...

פיל די מאַדאַם גראַבאַכער האָט געשטאָלצירט מיט איהר ערפינדונג, אַזוי פיל האָבין אויך די טשינאָווניקעס געסטאַרעט זיך וואָס מער, וואָס מער נוצין אויס צו קוועטשען פון דעם, און זייער גישעפטיל איז אַוועק גאָר אַ אַנטיק! די



יודעלאַך האָבין גלייך פאַרשטאַנען דעם עסק, אין די קאַנצעלאַריע איז געוואָרען אַ וואָהרער פערד-מאַרק, וואו עס פלעגט זיך צונויף קלייבין די גאַנצע פני פון יודישען קוואַרטעל, אויס קלייבען זיך פאַמיליעס, ווער עס האָט בעצאָלט גוט, האָט באַקומען אַ גוטע פאַמיליע; ווער עס האָט באַצאָלט נישטקאָשע, האָט בעקומען אַנישטקאָשעדיגע! אָבער דער וואָס האָט גאָר ניט באַצאָלט דעם איז אויס געקומען פראָסט באַהאַלטין זיך פון ביוש, פון די אַלע קאַנצעלאַרסקע ווייצלאַך פון די טשינאָווניטשע שטעך-וואָרטלאַך. אָט דאַמאָלסט האָבין דאָס די יודעשע גבירים גיגעבין זייערע קלינגענדיגע שיינע פאַמיליען. דאַן האָבין זיך געיאַוועט צווישין יודען פילע גאָלדרייכען, פיילכענפעלדער, רובינשטיינען, דיאַמאַנטען א. ד. ג. די ווייניגער רייכערע האָבין ערוואָרבין די פאַמיליעס: נוסבוים, צעדערבוים, דוקאַט און נאָך און נאָך. דעם נידריגערין קלאַס האָט מען דאָס רוב אַוועק גיגעבין אַלערליי געאָגראַפישע נעמען און אַנדערע פערשיידענע: למשל, אַז איינער איז געווען אַגעבאָרענער פון וויען, האָט מען איהם אַנאָמען גיגעבין „וויענער", אַז איינעמס פאָטער איז אַרויס געקומען פון וואַרשאַ, האָט ער בעקומען די פאַמיליע „וואַרשאַווסקי"; מען האָט אויך גיחאַפּט נעמען פון עלטערין, פון וואַנען עס קומען אַרויס: דאַווידזאָהן, אַבראַמזאָהן, יאַהאַנזאָהן א. ז. וו. גאָר די אָרימסטע יודעלאַך האָט מען גיגעבין פאַמיליען פון די נאָטהווענדיגסטע זאַכין, וואָס ווערט גענוצט צום לעבענס מיטעל, צום ביי שפּיל: עססיג, האָניג, פּעפּער, אייזען און נאָך אַנדערע, גאָר ניט קיין קלינגענדע נעמען.

דער ערשטער וואָס איז אַריין געקומען אין קאַנצעלאַריע איז געווען אַרייכע יוד, מיט דעם נאָמען מלך (אלימלך).

„וואָס ברויכין זיא"? האָט אים גיפרעגט דער קאָמיסאַר.

„וואָס קען איך דאַרפין, אַז ניט בעקומען עפּעס אַפאַמיליע? נאָר עפּעס אַפיינע, פאַניע קאָמיססאַר"! דער קאָמיסאַר האָט אַוואונק געטאָן צו אַשרייבעריל, און אַליין האָט ער גרויסאַרטיג גענומען פאַר שניצין אַ פעדער.

„דאָס איז ניט אַזאַ גרינגע זאַך, וויא איהר מיינט", האָט אים סטראָגע געזאָגט דער שרייבער, „ביי אונז זיינען פאַראַנען פאַרטיגע צעטלען, וויא די פאַמיליעס צו געבין, און מיר מוזין דאָס אַלעס מאַכין אַקוראַטנאָ, ואבי, אלף-בית נאָך".

— „איהר בעקומט די פאַמיליע „שעפּס", ר' מלך"! האָט ער אַם ענדע אויס גירעט עפּענדיג דאָס בוך. — „שעפּס, שעפּס"! האָט עטליכע מאָל נאָך אַנאַנדער ווידערהאָלט דער יודיל, „וואָס איז דאָס פאַר אַנאָמען שעפּס, וויא קען איך זיך דאָס אָנרופין עפּעס שעפּס? אַלע וועלין דאָך ווייזין מיט די פינגער אויף מיר און מען וועט זאָגין: אָט גייט דער גביר, מלך שעפּס, וועלכער האָט שוין קיין שענערין נאָמען ניט גיקענט באַקומען. אָ שעפּס איז דאָך גאָר עפּעס אַבהמה, טוא ווילט איהר דאָס דעם נאָמען געבין אַמענטשין, איהר פאַר דינט אַגרויסע עבירה".

— „מען קען דאָ יע אפילו מאַכין עפּעס אַקונץ", האָט אים גינומען טרייסטין

דער שרייבער „אבער עס איז אגאנצע מלאכה, זייער פיל ארבעט, מ'ן מוז איבער-מאכען די פאפירען אנדערש, איבערשרייבען, מעקין א. ד. ג.”

— „איך וועל ניט פערלאנגען אייער טרחה, און וועל בעצאהלען מיט'ן גרעסטען כבוד פיל איהר וועט וועלין, נאר מאכט עפעס איבער, געפינט אן עצה”!

— „גוט, ר' מלך”! האט געזאגט דער שרייבער, „פריהער בעצאהלט אקארשט, און נאכהער זאלט איהר אבער שווייגען, ניט דערצעהלען קיינעם קיין מעשה, איהר פערשטעהט, אז ווען ניט, קען איך פערלירען מיין שטעלע, און איהר וועט אריין פאלען פאר-סוד. איך מאך דאס אייך, נור מיט דעם תנאי: האלטען מויל”!

— „איך פערשטעה, איך פערשטעה”! האט גיענטפערט שוין רוהיגער, מלך, אויפלייגענדיג זיינע פולינקע הענטעליך אויפ'ן קיילעכדיגען, גראבינקען בייכעלע „פיל-ושע אבער קענט איהר עס פערלאנגען פון מיר, איך זאל אייך בעצאהלען”?

„ווען איהר גיט צוואנציג דוקאטען, קענט איהר זיך אליין אויסקלייבען א פאמיליע, וועלכע איהר ווילט אליין”.

ר' מלך האט א זיפץ געטאן ארויסגעמענדיג זיין בייטעלע און האט אבגעציילט אויפ'ן טיש צוואנציג דוקאטען. — „אבער איך בעט אייך הערצליך”, האט ער געזאגט גיט מיר חאטש פאר דיזע סומע עפעס א שיינע פאמיליע, וועלכע איהר קענט נור אויסקלערין”.

„ר' מלך”, האט אנגעפאנגען דער שרייבער מיט א זיסען שמייכעלע, בעהאלטענדיג די צוואנציג דוקאטען אין שרייב-טיש, „האט אייך געטראפען א מאל פערקוקען זיך אויפ'ן הימעל אין א העלע, ריינע זומערדיגע נאכט? נו, וואס קען, דוכט זיך, זיין שענער און בעסער, ווי די וועלט פון די שטערין”?

„איהר מיינט געוויס מיט דערינן צו זאגען, איך זאל זיך אנרופען „שטערין”? יא, דאס איז טאקי זעהר א פיינער נאמען, אבער צו געפינט איהר ניט אז דער נאמען איז צו קליין פאר צוואנציג דוקאטען, איהר ווייסט אפשר א בעסערען עפעס”?

„דאס איז אמת! אבער איהר ווייסט דאך, שטערין זענען אויך פאראנען אלערליי, עס איז פאראנען גרויסע און קליינע, פאראנען קוים וואס מען זעהט דורך א טעלעס-קאפ, און עס איז פאראנען זעהר ליכטיגע, גרויסע”?

„טא גיט מיר חאטש אזעלכען וואס זאל זיין אי גרויס, אי ער זאל לייכטען זעהר ליכטיג, עס זאל זיין לייכטער ווי פראסט „שטערין”.

„איהר ווייסט גאר וואס”? האט אויסגעקלערט דער שרייבעריל „קלייבט אייך גאר אויס ליכטען-שטערין, עס איז אפילו עפעס פאחאושע אויף ליכטענשטיין, קניאז ליכטענשטיין”.

— „א, איהר זענט זעהר א קלוגער מענש, הערר קרומהאלץ, טאקי ליכטענ-שטערין, זעהר א גוטע פאמיליע, א פיינע! פערשרייבט טאקי אזוי, ליכטענשטערין”.

דער שרייבער האט גענומען די פעדער און אנגעהויבען אריין שרייבען אין בוך, און מלך האט אנגעבויגען זיין קאפ הינטער איהם און האט אכטונג געגעבען, צו



פערשרייבט ער ריכטיג. אלס ער האט דערזעהן ווי צו זיין פריהערדיגען נאמען איז געווען צוגעשריבען די פראכטיגע פאמיליע, האט ער ארויסגענומען נאך א גולדען און האט געגעבען דעם שרייבער — ער האט גוט פערשטאנען, אז די צוואנציג דוקאטין איז ניט פאר'ן שרייבער — און איז אוועק אהיים מלא שמחה מיט דער פיינער פאמיליע.

די ווייב מיט די קינדער האבען איהם ערווארטעט מיט אונגעדולד און אלס זיי האבען איהם דערזעהן דורכ'ן פענסטער גייענדיג, זענען זיי ארויסגעלאפען איהם אנטקעגען פרעגענדיג: „נו, וואס פאר א פאמיליע האט מען דיר געגעבען, זאג שוין גיכער”!

— „ליכטענשטערין”! האט ער גיענטפערט, שיינענדיג ניט אזוי ווי א שטערין, גאר ניט ווייט פון דער זאנגע.

— „נו, קינדערליך”! האט זיך אבגערופען די מוטער צו די קינדער „געדיינקט-זשע יעצט הייסען מיר שוין ליכטענשטערין”.

מלך האט פון דעסטוועגען א טיפען זיפץ געטאן דערמאנענדיג זיך אן זיינע צוואנציג זינדיגע דוקאטען און ראצו, וואס דער שרייבער האט איהם אנגעמערקט אז ער קען נאך האבען אויף זיך א דיעלא...

אין דער וועלביגער צייט איז דער ארימער, גוטזעליגער אבשלום געזעסען אין זיין קרעמיל וואס האט געהאלטען א שפאן אויף א שפאן. די קרעמיל איז געווען ניט גראדע קליין נור אויך זעהר נידעריג, אז א מאנן פון מיטעלער וואוקס, האט ניט געקענט בלייבען שטיין גלייך ניט איינבייגענדיג דעם קאפ, אויך איז זי געווען אזוי נידעריג איינגעגראבען אין דער ערד, אז א שטראהל פון דער זאנגע, פלעגט זיך קוים א מאל אריינגנבענען א שפיל צו טאהן אויף א קליינע שטיקעלע גראבע סאלדאט-סקע לייווענד, אדער צווישען די אנגעווארפענע, אלטע שמאטעס. קיינער, דוכט זיך האט אויף ריכטיג ניט געקענט זאגען מיט וואס האנדעלט אבשלום? וואס קויפט ער? און וואס פערקויפט ער ביי זיך אין קרעמיל. דארט איז געווען אלעס, דאס איז געווען א גאנצע וועלט פון אלערליי אלטע קליידער, שמאטעס, האניצעס און אלערליי צו-בראכענע כלים. אבשלום איז גלאט געווען א קנאפער מבין אויף סחורה, און דארום האט ער זיך אויסגעצייכענט פון אלע זיינע חברים, די איבעריגע יודעלאך, וואס האבען געהאנדעלט מיט אלט-ווארג. דארט זענען אויך געווען אלטע צעררייסענע שיך, פאר-זשאווערטע, צובראכענע שלעססער, נור עס האט זיך דארט געפונען אויך א אלטער זייגער, מיט א צופלאצטען ציפערבלאט, וועלכער איז, איך ווייס ניט דורך וואס פאר א נס, פערקראכען צו אבשלום'ן אין קראם. דער זייגער איז אפילו כמעט ניט גע-גאנגען, אדער ער פלעגט גיין א פערטיל שעה, און ווייטער שטעלין זיך, דאך איז דאס עפעס געווען דאך א סחורה צווישען די אלע אלטע טראנטעס, עס האט זיך געפונען אויך זיידענע, אטלעסענע קליידער, נור ווי עס פערשטייט זיך, צוהאקטע, צו-לעכערטע אויף ברעקליך דורך מייז, אדער מאלל. צווישען דעם גאנצען אוצר זענען געזעסען אויך אבשלום'ס פרוי, רחל, צוויי קינדער, רבקה און אסתר, זיין זוהן יאשקע און נאך קליינינקע נאקעטע קינדערלאך. זיי אלע זענען איצט געווען זעהר צוטראגען

פון דעם געדאנק, וואס פאר א פאמיליע זאלען זיי זיך עפעס אויסקלייבען, עס זאל ניט אזוי קלינגען אין גאנץ קרייזשטאדט, נור אין גאנץ וועלט אפילו, אויב עס איז מעגליך.

רחל האט פארגעלייגט אנצורופען זיך „גאטוועלט”, נור אבשלום האט א שאקיל געטאן מיט'ן קאפ: — „לא תשא את שם אלהיך לשוא, דערמאן ניט גאטעס נאמען אומזיסט”, האט ער געזאגט „רופען זיך גאטוועלט הייסט מחטיא זיין דעם עולם, ברייגגען צו אן'עבירה”.

— „גאלדמאנן”! האט געזאגט אסתר. „דאס איז וועהר א שיינע פאמיליע”.

— „ווי אזוי קענען מיר זיך רופען גאלדמאנן” האט געזאגט אבשלום „אז מיר שטארבען כמעט אלע טאג פאר הונגער פון ארעמקייט, מען וועט דאך מעהר ניט ווי לאכען פון אונז, עס וועט זיין אויף לייטישע געלעכטער; נור וואס וועט איהר זאגען צום נאמען „ליעלענטהאל”?

— „נו טאטע”! האט זיך אבגערופען יאשקע. „גיב נור אקארשט א שמעק, און זאג מיר מיט וואס פאר א ליעליען שמעקט עס דא ביי אונז? לייט וועלען לאכען און וועלען מער ניט פרעגין: פאר וואס האט ער שוין בעסער ניט אנגערופען זיך „ציבעלעטהאל”? אזוי איז אוועק אין קלערין ביז נאך מיטאג, און מע האט נאך אלץ ניט געפונען עפעס אזא מין פאמיליע, עס זאל זיין וועהר שיין, מען זאל ניט לאכען פון זיי, און עס זאל זיך פאסען ריכטיג צו אבשלום'ס לעבען. מען האט געקלערט און געזוכט, געפרובט צונויף לייגען אלערליי ווערטער וואס זאלען טויגען צו א פאמיליע, און מען האט אלעם ניט געפונען.

אבשלום האט שוין אין דער צייט אויסגעפייעט צו קויפען ביי א קריסטין א פעלכיל פון א מין חיה, ער האט אויך אבגעקויפט א אלטע פאדקאווע, וואס אימעצער האט אויפגעהויבען אויפ'ן גאס, און קיין פאמיליע איז נאך אלץ ניט געווען. פלוצים, ווען ער האט געהאלטען אין מיטען דינגען ביי א פויער א בינדעלע חזיר-האר, זענען אריינגעלאפען די גאנצע געזינדעל מיט פריידענגעשרייען: „טאטע, טאטינקע”! האט געשריען רבקה: „מיר האבען אויסגעקלערט א פאמיליע, וואס בעסער דארפסט דו שוין דוכט זיך, ניט האבען”...

„נו”? האט זיך אומגיקערט אבשלום צו זיין טאכטער מיט אונגעדולד.

„ליעווענמוטה”! אבשלום האט נור א קוועטש געטאן מיט די פלייצעס: „צו רעדען בין איך אזוי שטארק, מונטער ווי א לייב? איך, וועלכער קען קיין פליג אויפ'ן וואנד ניט הרגענען”! האט ער געזאגט. אין דעם אמת זאגענדיג איז, קוקענדיג אויף אבשלום'ס אויפגעהארבעטען גוף מיט דער לאנגער פערשמאלצענער קאפאטע, אויף זיין בלייכער און שמאלער צורה, אויף די שיטערע בערדיל מיט די פאר גרינגע געגרייזעלטע פאות, וואס זענען אראב געהאנגען ביי איהם איבער די אויערין, איז געווען שווער צו דערקאנען אין איהם די מוטה פון א לייב.

„אז איך זאל זיך אנרופען לעוועגמוטה, וועט יעדערער מיינען אז איך בין טאקי



עפעס א שמשון הגבור, און מען וועט נאך אנלויפען אויף מיר מיט שטעקינס און שלאגען זא לאנג, ביז אללע וועלען דערזעהן, אז איך בין ניט אזוי א לייב, נאר שלאפער פון א שעפסעלע”. רבקה איז אוועק אראפלאזענדיג די נאז און די גאנצע הויזגעזינדיל זענען אויך געווארין זייער טרויעריג; זיי זענען אלע אוועק אהיים און מיט טרויעריגע הערצער צולייגט זיך שלאפען. אין מיט'ן נאכט האט רחל אויפגעוועקט איהר מאנן:

— „אבשלום, אבשלום! ווייסט ווי מען קען זיך אנרופין? גאר „אטלעס”!

— „יע, דאס איז ניט שלעכט”! האט מסכים געווען אבשלום „נאר לאז מיר יעצט אפרוהען אביסיל, האב אגוט יאהר”.

גאנץ פריה האט זיך אבשלום אויף געוואכט און האט פרייליך אויסגעשריען:

— „מיין וויב, קינדערליך! קומט אהער, איך האב אויסגעזוכט א פאמיליע; גאלד, ברילליאנטין, דאס געהערט אלעם צו די גבירים, אבער די זאנגע לייכט דאך פאר אלעמען גלייך, סאיי פאר רייכע, סאיי פאר ארעמע, איה וויל זיך פערשרייבען „זאנגענגלאנץ”. נו, איז דאס אפשר ניט קיין גוטער נאמען?”. אלע זענען פראסט ענטציקט געווארען פון וואונדער, און קיינער האט קיין ווארט ניט אויסגערעט. אבשלום האט זיך געשווינד אנגעצויגען, איז ארויס אין גאס און אין עטליכע מינוטין ארום איז ער שוין געשטאנען נעבין טהיר פון קאנצעליאריע, ריכטיג מיט צוויי שעה פריהער אלס מען האט איהר גיעפינט. קוים וואס ער האט זיך ערווארטעט ביז מען האט אבגעשלאסען די טהיר, איז ער אויף די שפיץ פינגער אריין אין קאנצעליאריע. דאס איז געווען אברייטער פינסטערער חדר מיט עטליכע טישין, ביי וועלכע עס זענען געזעסען די טשינאווניקעס. ער איז פאמעלינקעס צו געגאנגען צו איין טיש, ביי וועלכען עס איז טאקי גיזעסין דער הערר קרומהאלץ, און האט אן געהויבען בעטראכטין איהם און די אללע טינט-פלעקין וואס האבין זיך געפונען ארום איהם.

„וואס בעדארפסטו”? האט איהם דער שרייבער געפרעגט מיט כעס.

„וואס דארף איך? ווער פארשטייט עס ניט? איך בין געקומען ווייל אונזער גנעדיגער קייזער האט פארלאנגט, דאס אללע יודען זאלין זיך אויך אויסקלויבען פאמיליען ווי די [illegible]ריסטען, נייע, פיינע פאמיליעס”.

— „נו, טו ווי-זשע ווילסטו זיך פערשרייבען”?

— „אויב אייך וועט קיין שום היזק ניט זיין? וואלט איך אייך בעטין איהר זאלט מיר פערשרייבען זאנגענגלאנץ”.

— „וואס? ווי האסטו געזאגט”? האבען אלע טשינאווניקעס אין איין קול אנגעשריי געטאן.

— „זאנגענגלאנץ!” האט ווייטער געזאגט אבשלום

— „און דו מיינסט עס זיך, אז אזא נאמען ווי זאנגענגלאנץ, קאסט טאקי ממש

גאר ניט א? זאג, קענסטו זיך אליין צוגלייכען צו דער פאמיליע? אזא נאמען קאסט הונדערט גולדען; האסטו דא ביי זיך הונדערט גולדען?"

אללע האבען זיך פאנאנדער געלאכט, און אבשלום איז קוים ארויס געלאפען פאר בויש פון קאנצעלאריע, און איז אוועק צו זיך אהיים.

— „נו, וואס איז געוואָרען?" האבען איהם אללע אין איין קול געפרעגט „מען האט דיר פארשריבען זאנגענגלאנץ?"

— „צו האב איך דען הונדערט גולדען?" האט אויסגעשריען אבשלום „איך וואלט אויף נאמנות מיט'ן גאנצען הארצען געגעבען זיי, אז איך וואלט האבען, אבער וואו נעמט מען דאס? מיר זיינען ניט אין שטאנד צו בעצאהלען קיין געלד, וועלין מיר זיך מוזען בענוגענען מיט אזא ארימע פאמיליע, ווי מיר זיינען אליין. הייגט וואס איז דאס גאר א נאמען? א פאמיליע? „ניט דער ארט פערשיינט דעם מענשען, נאר דער מענש דעם ארט", זאגט אונז דיא גמרא הקדושה, דיא זעלביגע איז אויך מיט'ן נאמען". —

— „וואס־זשע ווילסטו פערשעמען אונז? פארשווארצען די אויגען פאר אלעמען?" האט זיך צוויינט רחל „וויא עס ווייזט אויס דארפין מיר קריגין עפעס א העסליכע פאמיליע. דו זאלעוועסט געלד אין אזא נייטיגין ענין? אויב דו פארמאגסט ניט צו געבין קיין הונדערט גולדען, טו גיב האטש איינעם, צוויי, נאר קריג עפעס א נישקאשעדיגע". —

— „ניט א האלבען פפעניג וועל איך ניט געבען פאר אזא פוסטע זאך!"

— „דו זעהסט טאטע!" האט זיך אבגערופין מיט פערדרוס אסתר „יעצט רעט ער אליין שוין גאר אנדערש ווי פריהער!"

— „מען טאר ניט זיין קארג ביי אזא ענין!" האט אנגעפאנגען רחל מיט א טאן ווי מען לערינט עפעס אימעצין „דו וועסט געבין איין דוקאט, וועל איך דערלייגין איינעם, דער וואס איז איינגענייט ביי מיר אין א אלטען זאק".

אללע האבין אנגעהויבין קריגין זיך, גריזען דעם ארימען אבשלום'ן און רבקה האט זאגאר אנגעפאנגען צו וויינען. אבשלום'ס ווייכע נאטור האט דאס ניט געקענט דערטראגין און ער איז שוין מרוצה געוואָרין בעצאהלען צוויי דוקאטין פאר א פאמיליע.

— „ווייסט וואס, רחל'ע" האט ער פריינדליך געזאגט „ווי באלד די זאגנע שטייט זא הויך מוזין מיר זיך בענוגענען מיט'ן שיין פון א ליכט; איך וועל זיך פארשרייבען ליכטענשיין".

אבשלום איז איבער אנייס געקומען אין קאנצעלאריע, און האט ווייטער גענומען בעטראכטען דעם שרייבער, נאר אויף דעם מאהל האט ער באלד אוועק געלייגט אויפ'ן ברעג טיש א דוקאט, און האט גלייך גענומען אנציהען א רייד וועגין דער פאמיליע „ליכטענשיין".

— „וואס מיינסטו זיך דאס?" האט מיט כעס געזאגט דער שרייבער. „ליכטענשיין איז אויך אזא פאמיליע וואס קאסטעט אם ווינציגסטען פינף דוקאטין. קענסטו דערלייגען נאך פיער דוקאטען, אבשלום"?



אבשלום האט מיט א זיפץ ארויס גענומען פאמעלינקעס דעם צווייטין דוקאט און האט א וועק געלייגט לעבין דעם ערשטין אויפ'ן טיש.

„איך בעצאהל אייך פיעל איך בין אין שטאנד" האט ער אויס געשפראכען „טהוט מיר די טובה און פארשרייבט מיר פאר די צוויי דוקאטין די פאמיליע ליכטענשיין".

„ניין, דאס קען איך ניט, ליבער ר' אבשלום, מען קען ניט" האט גיענטפערט דער שרייבער. —

„טוא לאזט מיר אנרופין זיך גרינבלאטט?"

די טשינאווניקעס האבין ווידער אללע פערגאנדער געלאכט זיך.

„וואס איז צוויי דוקאטין?" האט איהם איינגערעט דער שרייבער „נו, וואס וועסטו קויפין פאר צוויי דוקאטין! א פאר הויזין סיידען, וועלכע דו וועסט אבטראגין א יאהר אדער צוויי, אבער ניט א פאמיליע, וואס דו וועסט אבטראגין דיין גאנצין לעבין. פאר צוויי דוקאטין וועלין מיר דיר געבען די פאמיליע צוקערהוט, אדער אייזנשטיין". אבשלום'ן האבען די ווערטער ווי א דונער ערשלאגען; איהם האט אויס געוויזען גאר אונמעגליך קומען אהיים מיט דער פאמיליע צוקערהוט, נאך דעם ווי ער האט געדיינקט אן צורופין זיך זאנגענגלאנץ.

ער האט צוגענומען צוריק זיינע צוויי דוקאטען און איז ארויס אין פארהויז, נאר בעקלערענדיג זיך א ביסיל, איז ער ווייטער אריין אין קאנצעלאריע און צוגייענדיג צום שרייבער האט ער געזאגט מיט א אומעטיג קול:

— „מאכט מיר ניט אומגליקליך, און פערשרייבט מיר גרינבלאטט, איך וועל אייך געבען נאך צוואנציג גראשין, דער אויבערשטער וועט אייך ממלא זיין פאר דער מצוה, אייך און אייערע קינדערליך".

דער שרייבער האט נור א שאקיל געטאן מיט'ן קאפף, און דער קאמיסאר האט א געשריי געטאן:

— „וואס ביזטו געקומען דא דינגען זיך מיט אונז, וויא אויפ'ן מארק?"

— „אויב איהר ווילט מיר ניט געבין קיין גוטע פאמיליע?" האט געזאגט אבשלום מיט א ציטערינגע שטימע, איינבייגענדיג זיך צום שרייבער אזוי ווי ער וואלט איהם וועלין אויפוועקין — „וועל איך קיין צוויי דוקאטין מיט צוואנציג גראשין ניט געבין פאר א פאמיליע, וואס איז ניט ווערט קיין האלבין פפעניג!"

ער האט געווארט עטליכע סעקונדען, און ניט ערווארטענדיג זיך קיין תשובה, איז ער ארויס געגאנגען פון קאנצעלאריע, און האט דערביי א שטארקין קלאפ געטאן מיט די טהיר, נור עס איז ניט פארביי געגאנגען קיין פינף מינוטין, וויא אבשלום איז שוין איבער אנייס געשטאנין ביים שרייבערשין טיש, און האט וויינענדיג אנגעהויבען בעטין זיך:

— „קיין געלד האב איך מער ניט צו געבין, נאר איך וועל דערלייגין צו דעריין

אַך צוויי הינדלאַך, און אַ פּאָר גוטע הויזן, וועלכע איך האָב די פאָריגע וואָך געקויפט פון גראַף קאַמאַראָווסקי, אָבער פערשרייבט מיר שוין האָטש זאַנגענגלאַנץ".

ער איז אין דער מינוט געווען אַזוי שטאָלץ ביי זיך, אַז ער האָט אַוועק געלייגט נאָך עפּעס אַ זילבערנע מטבע אויפ'ן טיש לעבן שרייבער.

— „אָט דאָס איז פאַר אייער מיה, הערר שרייבער, נאָר פערשרייבט מיר שאַהן זאַנגענגלאַנץ".

— „וואָן פון דאַנען!" האָט יענער אויף איהם אַ געשריי געטאָן „פאַר וועמען האַלטסטו דאָס אונז, פאַר שלעפער? מיר האָבען קיין צייט ניט צו טאָלקעווען דאָ און קריגין זיך מיט דיר! דו ווילסט ניט אָנרופען זיך „צוקערהוט", וועסטו הייסין „קנאָביל", אָט וואָס דו וועסט דאָ אויספיהרען!"

אין דער סעקונדע איז אַריין אין קאַנצעלאַריע אַיונגינקע אַ פיינע ווייבעלע, אַ אַלמנה, און ווי עס ווייזט אויס אַ גאַנץ רייכע. ווי זי האָט נור געעפינט די טהיר, האָבין זיך אין קאַנצעלאַריע פאַרשפּרייט, אַנשטאַט דעם ריח פון טאַבאַק, אַלערליי ריחות פון שמעקענדיגע פּערפומען. די ווייבעלע האָט פראָסט געבליאַסקעט אין איהרע טייערע זיידענע קליידער מיט די צירונג וואָס איז געווען אָנגעטאָהן אויף איהר, און מיט איהרע סאַמעטענע שוואַרצע רוטאַנדע. זי האָט זיך געווענדעט גלייך צום קאָמיסאַר, וועלכער איז מיט אַ זיסינקין שמייכעלע אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און האָט איהר דערלאַנגט אַ שטול צום זעצן זיך.

— „איך גלויב" האָט ער אָנגעפאַנגען זעהר פריינדליך „אַז איהר זייט געקומען ערפרייען אונז עפּעס מיט אַ נייע מאָדנע פּראַכטפאָללע פאַמיליע, וואָס איהר האָט זיך אויסגעקליבין".

— „אָ! איך וועל אייך זעהר דאַנקבאַר זיין, אויב איהר וועט מיר אַליין אויסקלויבען אַ פאַמיליע איך בין פערטיג צו בעצאָהלען נאָך דער טאַקסע נאָך"

— „ביטטע, קאָממען זי היר!" האָט איהר פאַרבעטין דער שרייבער צו זיין טיש.

די ווייביל האָט אַרויס גענומען פון קעשענע עטליכע גאָלדענע מטבעות, און האָט זיי אַוועק געלייגט לעבין שרייבער אויפ'ן טיש. אַלע טשינאָווניקעס האָבען אויף איהר געוואָרפין פריינדליכע בליקען.

— „אָבער ווי קענען מיר איינפאַכע מענשעליך אויס קלויבען פאַר אייך עפּעס אַ פאַמיליע? קוקענדיג אויף אייך קען מען טראַכטין אַז דאָס איז וועניגער אַליין, וועלכע איז נאָר וואָס אַרויס פון די וואַלען פון רוישענדען ים".

אפילו דער בלינדליכער טשינאָווניק איז אויך ענטציקט געוואָרין פון דער שייניקער ווייבעלע און פון איהרע גאָלדענע דוקאַטין, און ער האָט גענומען פאַרשטעלין מיט פאַפּיר די פלעקין פון טינט ביי איהם אויפ'ן טיש.

— „איך האָב די עהרע צו בעמערקען" האָט ער זיך אָבגערופין „אַז נאָר דאָס טאַקי קען פאַסען פאַר דער יונגער דאַמע. אין איהר־נייע פאַמיליע זאָל זיין עטוואָס



אָהנליכעס אויף דער געטין פון ליבע און שיינהייט, דאַרום וואָלט איך ראַטהען צו אָנרופען איהר „וויללענהיים" (די וואָס איז געבאָרין צווישין די וועללען).

— „ניין, ניין!" האָט איהם איבערגעשלאָגען דער קאָמיססאַר „גיט נאָר אַ קוק אויף איהרע רויטינקע, פיינינקע בעקעלאַך, ווי די ראָזען, וועט איהר שוין אַלע מודה זיין אַז די דאַמע דאַרף זיך אָנרופין „ראָזע", אָדער נאָך בעסער „ראָזענגאַרטען"! ניין, „ראָזענטהאַל"! אָט דאָס איז טאַקי אייער ריכטיגע פאַמיליע"?

די פיינינקע ווייבעלע האָט נור אַ שמייכיל געטאָן, און מען האָט איהר פאַרשריבין אין בוך „ראָזענטהאַל". אַלס זי איז אַרויס געגאַנגען פון קאַנצעלאַריע, איז אבשלום ווייטער צוגעגאַנגען צום טיש, און האָט מיט אַ וויינענדיג קול געזאָגט:

— „ניט מאַכט מיר אונגליקליך, הערר קאָמיססאַר און פאַני טשינאָווניקעס".

— „וואָס? דער אייזיל איז נאָך דאָ"! האָט אַגעשריי געטאָן דער קאָמיססאַר „אויב דו ווילסט זיך ניט אָנרופען „קנאָביל", וועל איך הייסען דיר פערשרייבען „אויערין־בלאָזער", כדי דו זאָלסט ניט בלאָזען אונז אין די אויערין אומזיסט; פאַרפאַלין! דו רופסט זיך „אויערין־בלאָזער"!

אין מיט'ן איז ווייטער אַריין אין קאַנצעלאַריע אַ אידיל, גבריאל דער שניידער וועלכער איז צוגעגאַנגען צום קאָמיססאַר און האָט אָנגעהויבין ריידין מיט אַ קול ווי איינער, וואָס וויים זיך ווי צו שעטצין, און ווי דעם צווייטען:

— „וואָס וועט איהר הייסין מיר בעצאָהלען פאַר אַ פאַמיליע? הערר קאָמיססאַר איהר ווייסט דאָך מיין לאַגע, מיין רייכטהום"!

דער קאָמיססאַר האָט איינגעראַמט עטליכע ווערטער דעם שרייבער אויפ'ן אויער, און יענער האָט גלייך געחאַפּט זיך צום בוך און פערשריבען עפּעס. דער שניידער איז אַוועק אַ היים מיט דער פאַמיליע „האָניג".

„הערר קאָמיססאַר! גוטער הערר קאָמיססאַר"! האָט זיך גענומען בעטין אבשלום. נאָר קיינער האָט איהם ניט געהערט.

— „צו דען האָט איהר ניט גאָט אין האַרצען, אויף אַזוי פיעל, אַז איהר זאָלט מיר, אַ אידין פון אַ ווייב און קינדער. אַ ערענטליכען מאַנן אַ נאָמען געבען „אויערינבלאָזער"?

— „געפעלט עס דיר ניט אַזאַ פאַמיליע? גוט! ווירסטו הייסען „גאַנז" האָט אַ געשריי געטאָן אויף איהם דער קאָמיססאַר.

— „איך וועל זיך אפשר אַ מעשה אָן טאָן, אויב איהר גיט מיר אַזאַ פאַמיליע"! האָט אויס־געשריען פערצווייפילט אבשלום „וואָס בין איך עפּעס אַ שפּאָן, וואָס איהר לאַכט פון מיר אַזוי! איך בין אַ אָרעמער, נור אַ ערענטליכער איד"!

מען האָט ווייטער איבער געשלאָגין. עס איז אַריין שמשול דער בעל־עגלה, וועלכער איז געווען ניט קיין גרויסער גביר, נאָר דאָך רייכער עטוואָס פון אבשלום'ן, און ער האָט געקענט אַזוי אונטער חנפענען זיך צום קאָמיססאַר און נאָכהער צום שרייבער, אַז אַלע האָבין זיך אָבגעשטעלט מיט איהם צופרידין

פאכהער האט ער אוועק געלייגט צוויי גולדען אויפ'ן טיש. דער קאמיססאר האט געלאכט פון גאנצען הארצען, קוקענדיג אויף איהם, אונ הערענדיג זיינע גלייך ווערטליך.

— „דו ווייסט, ווי דו וועסט הייסען"? האט איהם געפרעגט דער קאמיססאר. „דו וועסט זיך אנרופין „שמייכלער" (חונף), געפעלט עס דיר"?

— „פערוואס זאל מיר ניט געפעלין"? האט גיענטפערט דער בעל עגלה.

— „יענער איז רייך", האט פלוצלים געזאגט אבשלום „דער וואס איז צופרידין מיט זיין שיקזאל, זאגען אונזערע חכמים, דארום וועל איך בעסער מיינע פערהארע־וועטע גראשינס לאזען ביי זיך, אונ איך וועל מיך בעגנוגענען מיט וואס פאר א פאמיליע דאס איז. גיט מיר אוועק מיינע געלט, העדר שרייבער, וואס איך האב פריהער אוועק געלייגט לעבען אייך".

— „וואס? ער וויל שוין גאר ניט בעצאהלען"? האט אנגעשריי געטאן דער קאמיססאר „גיט איהם אוועק העדר קרומהאלץ, זיינע געלד".

דער שרייבער'ל האט ארויס גענומען פון קעשענע די זילבערנע מטבע, וואס ער האט פריהער צו גענומען פון טיש, אונ האט אוואריף געטאן אבשלום'ן אין צורה אונ דער קאמיססאר אליין האט פון כעס גענומען דאס בוך, אונ האט פערשריבען אבשלום'ס פאמיליע. דער אונגליקליכער אבשלום האט א קוק געטאן דורך דעם קאמיססאר'ס פלייצע אין בוך אונ ער איז אבגעשפרונגען אויסער זיך פון שרעק:

— „נו, עס וועט געשעהן א צרה! עס וועט זיין! העדר קאמיססאר" האט אויסגעשריען אבשלום „גאט וועט נקמה נעמען פון אייך, נישקאשע. אנשטאט קיילטשען מיט חלה'ס וועט איהר עסען שטיינער, אונ אנשטאט טאבאק זאלט איהר שמעקין זאמד"...

— „אך, דו עזות פנים"! האט אנגעשריי געטאן דער שרייבער „דו זידעלסט זיך נאך"?

אין דער מינוט האט דער קאמיססאר געהאפט אבשלום'ן פאר'ן קאלנער אונ האט איהם אראפגעווארפען פון אלע טרעפ, דער ארעמער אבשלום איז אראב געפלויגען ווי שדים וואלטין איהם טראגין אונ ער האט זיך ארום געזעהן נאר דאן, אלעס ער איז ארויס אויפ'ן גאס. גייענדיג האט אבשלום כמעט גאר פערגעסין די חרפה וואס מען האט איהם דא אנגעטאן אונ ער האט ניט געטראכט וועגין דער נייע פאמיליע זיינע ווי ער איז אריין אין שטוב זענען איהם אלע ארום געפאלין מיט פראגעס:

„נו, ווי, ווי רופסטו זיך"? האט מיט אונגעדולד געפרעגט רחל. „וואס שווייגסטו? זאג שוין גיכער, אדער דו שעמסט זיך אוים צו זאגין"?

„ווי הייס איך"? האט אבשלום געפרעגט מיט א שטימע, ווי איינער וואס האט זיך שוין מיאש געווען פון אלעס „אט ווי! אזוי ווי איך בין אונגליקליכער אזוי רופט מען מיך, איך רוף זיך אבשלום „לויזער"!



— „וואס־זשע איז דאס פאר א נאמען לויזער"? האט אנגעשריי געטאן די ווייב.

— „וואס איז דאס פאר א נאמען"? האבין אויסגעשריען אלע קינדער.

„וואס איז דאס פאר א נאמען"? האט אזיפץ געטאן אבשלום. „יע, אפילו ניט אזא פיינער, ניט אזא ציכטיגער, אבער דערפאר קאסט ער זעהר וואלוויל".

איבערזעצט פון רוסיש דורך **פ. קרעמין.**

~~~~~~~~

## די זשאבעס.

(פון דייטש.)

~~~~~~

געווארען איז א טייך געפרוירען,<br>
די זשאבעס אופען גרונד פערלוירען,<br>
פארשטערט די שמחה: קוואקען, שפרינגעז,<br>
אין חלום אבער טראכטען זיי:<br>
„ווען דא צעגעהט דאס אייז, דער שנעע,<br>
ווי פאגעל וואלטען מיר געזינגען".<br>
צינאנגען ענדליך איז דאס אייז.<br>
דא שווימען זשאבעס פאלקענ־ווייז,<br>
צום ברעג מיט גדלות אויף קוואטיר.<br>
זיי קוואקען אבער אלץ וויא פריהר.—

**צבי הירש הארענשטיין.**

~~~~~~
~~~~~~

## דער פריהלינג (אויף 8 וואקאלען

1

די בעסטע צייט ניט פערליהרען.
זעהן דעם פריהלינג ווי ער איז זיס;
אין א גארטען צו שפאצירען.
געה איך ארום מיר באלד צו פיס.

2

ס'איז מיר פרייליך, ס'איז מיר היימליך
שיין נייגען זיך די בלומען־טעפ
אללע צווייגעלעך פון די ביימעלעך
בעגריסען אויך מיר מיט די קאפ

3

ווי ברילליאנטען נאר אללערליי
גלאנצט די ראססע אויף יעדען בלאט.
אויכגעוואשען פון ווינטער שנעע.
פון בשמים שמעקט דער אראמאט.

4

די הימטעלדעק איז בלוי און ריין.
אויף די בוימער איז גרין דאס קלייד.
דאס אויג קען דאס גאר זאט ניט זעהן,
לאזט די רגע א טרעהר פון פרייד!

5

פון דעם גארטען פון יענער זייט,
זעה איך די בערג בעדעקט מיט גראז,
פון די בוימער, עט, עט גאנץ ווייט
בלאזט א ווינטער. מיר אין דער נאז.

6

מיר ווי גלאקעלעך לויטער קלינגען
הערט מיין אויער זיסע שטיממען.
דאס איז פייגעל וואס זיי זינגען.
דאס איז ביענען וואס זיי זשימבען.

7

אללע פריילעך זינגען ליעדער:
אט קומט דער מאי. דאס נייע יאהר.
דאס קול דערקוויקט אללע גליעדער.
א יום־טוב איז ביי דער נאטור!

8

איך ווער באלד בעגייסטערט גלייך,
פארגעס די לייד, דאס הערץ ווערד גרינג
גיב דעם בורא אויך אפ א שבח
מונטער פריילעך, איך טאנץ און זינג.

9

מיר איז אבער ניט לאנג באשעהרט
זיין אין גארטען, טאנצען, זינגען,
דער וועכטער האט מיין קול דערהערט
און ווי א רוח צו געשפרונגען!

10

דערלאנגט א שמיץ מיט א ריטער:
„וואס קוויטשעט דו דא ווי א קאטץ?"
לעז איבער באלד אט דאס קוויטעל:
דא פאר פרעמדע איז ניט קיין פלאטץ!

11

דער קאפ אראפ,
שטיל געווארען איז באלד מיין ליעד
ארויס בין איך שוין ביי די ווענד
ווייל פרעמד בין איך, בין א יוד...

פלטיאל זאמאשטשין



שיין א הונגעריגער שלאפען?
און דו האסט זיך יעצט דערמאנט גראד
און דו קענסט עס נישט פערטראגען
און ביי רבא'ן, ביי רב פפא'ן
ווילסטו יעצט דיין הארץ אויס קלאגען?
העכער, העכער הויב דעם ניגון,
זיסער, שטארקער דרייה די טרעלען:
ביי די היילינגע ניגונים
דארף זיך עססען גאר נישט וועלען!...

אברהם רייזען



# דֶער גְמָרָא נִיגוּן ·

וָואס זְשֶׁע קְלָאגְסְטוּ בַּיי דֶער גְמָרָא ·
קְלוֹיזְנִיק בְּלָאסֶער · קְלוֹיזְנִיק לִיעבֶּער ·
אוּנ דַיין וֵויינֶענְדִיגֶער נִיגוּן ·
אִין מַיין הֶערְץ גֶעהְט שׁוֹין אַרִיבֶּער . . .
דַיינֶע וֵויינֶענְדִיגֶע טְרֶעלֶען
שְׁטִיל דֶערְצֶאהלֶען זֵיי פוּן שְׁמֶערְצֶען
אִין דַיין הֶערְץ — אַךְ · זֶעה דֶערְצֶאהְל מִיר
וָואס דֶענן טְהוּט זִיךְ דָארְט אִים הֶערְצֶען ?
צוּ דוּ בֵּיינְגְסְט אַהֵיים נָאךְ דַיינֶע ·
טַאטֶע מַאמֶע אוּנ דִי בְּרִידֶער ·
וָואס אָהן זֵיי בִּיזְטוּ גֶעבְּלִיבֶּען
וִוי אַ שִׁיפֶּעל אָהן אַ רִידֶער ?
אָדֶער אוֹיפְ'ן טָאג בַּיי יֶענְקְלֶען
בִּיזְט אַלַאנְגֶע צַייט גֶעזֶעסֶען
בִּיז מֶען הָאט גֶעזָאגְט : „נוּ · בָּחוּר
גֶעהְם דִי קְוָוארְט אוּנ וַואשׁ זִיךְ עֶססֶען״
אָדֶער אֶפְשַׁר גְלַאט דוּ שֶׁעמְסְט זִיךְ
עֶססֶען בְּרוֹיט אוֹיף פְרֶעמְדֶע טִישֶׁען
אוּנ מִיט בְּלוּט מִיט הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען
שְׁלִינְגְסְט אַרָאפּ דוּ יֶעדֶער בִּיסֶען ?
אָדֶער דִיר פֶעהְלְט אוֹיס אַ „מָאנְטִיג״
אוּנ עֶס הָאט בַּיי דִיר גֶעטְרָאפֶען ·
אַז דוּ הָאסְט אַ מָאהְל גֶעלֵייגְט זִיךְ